# אינהאַלט

## מיין חברטע — מורקע

מיין חברטע וואָלט געמעגט הייסן: „גלאָריאַ", „וויקטאָריאַ", צי — „אורה", נאָר הייסן הייסט זי גאָר... וואָס איז די נפקא מינה? וואָס מיינט, בסך הכל — אַן אומבאַקאַנטער, לחלוטין נישט באַרימטער נאָמען?... ביי מיר האָט זי אָן אַ שיעור נעמען — איינער ווילדער און מילדער פונעם אַנדערן. איז זאָל זי דאָ הייסן: „מורקע".

און זאָל שוין אויך פאַר איינס באַלד געזאָגט ווערן: די פונעם אשמדאיס ציין און נעגל ניצול־געוואָרענע מורקע האָט פאַר מיר אַלע טעמים. און בעיקר — דעם טעם־און ריח פון מיין היימשטאָט, די ווייטע: וואָרעם מיר זענען ביידע — פון ד אָ ר ט ן... און אויסגעקנופּט און אויסגעבונדן, ממש פאַרקאָכט אין יענע צייטן, ווען אַרום אונדז האָט געשוויבלט און געגריבלט מיט יידיש לעבן און מיט יוגנטלעכע, וואָס איטלעכער פון זיי האָט געשטרעבט צו זיין אַ „זעלבסט־פאַרווירקלעכער", אַן „אַלץ־פון־גרונט־אויס" איבעראַנדערשלער...

דאָרט, אין יענעם זודיק שפּרודלדיקן שטראָם זענען מיר געווען סאַמע אין מיטן. און וואָס ס׳מיינט היינט צו טאָג אַ חברשאַפט, ווי מ׳קאָן און מ׳ווייסט איינס ס׳אַנדערע, ווי מען איז „פון דער היים אַרויסגעקומען" — אויף אַזוינס זענען ניט נייטיק קיין פירושים.

מורקע — צו יענער צייט קוים פופצן יאָר אַלט, איך — כמעט אין און צוואנציק; ביידע — דאָרשטיק נאָך ל י ד ע ר: אַזוי איז געווען, ווען מיר האָבן זיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט.

ס׳זאָגט זיך בלויז: לידער. בעצם — אַ מין צויבערברונעם, וואָס זאַמלט־איין אין זיך כל מיני משקאות, געצייטיקטע אין די קעלטערס פון וואָרט־פּראָפּעטן... פּאָעזיע, אָדער פּראָזע — ביידע זענען זיי געווען דער וויין פאַר אונדזער גומען; אַ מאָל אויף צו דערקוויקן, אָפּטער — אויף מער נאָך צו פאַרשאַרפן די גאַרעניש און דאָרשט. נאָר אַ מאָל אויף צו באַרוישן, אויף אָנצוגורטן מיט אַזוינע מוטן, וואָס מיט זיי איז נישט שרעקלעך צו שטורעמען באַסטיליעס און דערשלאָגן זיך צו אַ לייטישן סדר טאַקע דאָ, אויף אָט דער ערד, און נישט ערגעץ ווו — אין צוגעזאָגטע הימלען.

ערב דעם מלחמה־אויסבראָך: זי — נאָך נישט קיין גאַנצע צוואַנציק, איך — באַלד זעקס און צוואַנציק; און זיי, די לידער, זענען אַלץ נאָך געווען דער קוואַל פון אונדזער בשותפותער בענקשאַפט. צו אים האָבן מיר געקלעטערט, איבער אים — געבוקט זיך און געבויגן, און די אַ תשוקה איז געווען מסתמא דער סאַמע וויכטיקער אורשפרונג פאַר אַלע אַנדערע שייכותן אונדזערע פון דעמאָלט ביז היינט און אויף אייביק...

היינט בין איך אַ מאַמע פון אַ קליינע טאָכטער, אַזאַ נייגעריקע — וואָס רק זי האָלט אין איין פרעגן, פאַר וואָס זי האָט נישט קיין באָבע־זיידע? און אַ מומע — בלויז איינע, און נאָך אַזוינע פרעגענישן, וואָס לאָזן זיך נישט פאַרענטפערן אויף איין פוס... אַז מ׳וויל זאָגן, האָט מיין פרילינג אָפּגעגרינט און נישט „נעמי" דאַרף מען מיך רופן, נייערט — „מרה". אָבער מיין זומערטאָג — דער טייוול וויס אים, ווי אַזוי — איז נאָך אַלץ אין סאַמע רעכטן פלאַקער, און די בכורה בין איך אויך איצטער קאַפּאַבל צו פאַרקויפן פאַר אַ טאָפּ ל י ד ע ר.

די צרה איז בלויז, וואָס מורקע וויס דאָס. און אַז זי וויל מיר „אַריינ־צימבלען" — נעמט זי מיר אויפוואַרפן אַזוינע שאַנד־און־שמאַכן, וואָס באַדעקן מיט אַש מיינע האָר... ס׳העלפט אַפילו נישט, וואָס דער טאַטע פון מיין קינד וואָרנט בפירוש, אַז איך בין ביי אים די „בעסטע" און ער׳ט ובכן נישט לאָזן קריוודען!...

„דער טאַטע פון מיין קינד" איז אַ יונג אַ בער — קאָן אַוועקטראָגן וועלדער מיט קלעצער; דערצו נאָך — אַ כהן, וואָס וואָלט, כ׳לעבן, גע־מעגט לאָזן אויסנייען אויף זיין גאַרטל:

„אַז איך ווער אין כעס, איז מסוכן: איך קען זיבן מיט אַ מאָל" — — — צעקוישן!...

נאָר גיי, טענה מיט מורקען, אַז דאָס האָט פאַרן טייוול אַליין נישט קיין מורא!...

אויך זי איז היינט שוין אַ פאָלנע גרויסע; וואָס רעד איך — אַ גרויסע: אַ כלה־מויד פון לאַנג שוין, און אָנגעזאַפּט מיט צרות, ווי אַ שוואָם. נאָר אסור, צי דער שאַרפשטיין פון צייט האָט אַראָפּגעפּיילט אין שטעכלקע פון איר שאַרסטקער פעל!... די אייגענע טערפּקע פלוים פון „פאַרן מבול", דער זעלביקער דימענט, וואָס טויג אויף צו שניידן גלאָז...

## אַזוי קלאָר... אַזוי וואָר...

מ׳קען נישט זאָגן, אַז אַ פריינדשאַפט מיט מורקען איז פון די גרינגע זאַכן. נישט איין פריציייטיק קנייטשעלע אויף מיין פּנים איז אַ שפּור פונעם דאָזיקן קריעת ים־סוף. און דאָס קאַלטע־און־וואַרעמע, וואָס זי פאַרגעסט נישט עד היום מיר צו סערווירן — וואָלט געמעגט פאַלן אויף ווּיסטע פעלדער... נאָר בעצם זענען דאָס קליינע מורקישע שמד־שטיק, וואָס מוזן נישט גענומען ווערן צו ערנסט.

איינס איז זיכער: האָט זי ליב, איז — ביז וואַנזין, ביזן אָפּגעבן דאָס גאַנצע לייב און לעבן פאַר יענעמס מינדסטן נאָגעלע! נאָר ווי צו איינעם, וואָס האָט ביי איר נישט אויסגענומען: אין די הרי־חושך! — — — אין אירע דלד־אמות האָט ער נישט צו וואָס צו לעבן!...

ווי ס׳זאָל נישט זיין, מיך רופט זי „שפּילפויגל״, ווי ס׳פלעגט מיך רופן מיין טאַטע, און דאָס מיינט, אַז שטאַרבן בין איך נישט מחויב...

ווי אַזוי מע קויפט זיך עס איין אַזאַ נאָמען ביים טאַטן?... ציען ציט זיך עס אַזש פונעם קליינינקן שטעטל, וווהין מיר זענען — פון דער גרויס־שטאָט — פאַרוואָגלט געוואָרן נאָך בעת דער ערשטער מלחמה:

דאַרף זיך גראָד טרעפן, בערישל „קאָזע״, דער דאָרפסגייער, זאָל אַ מאָל אונטערטראָגן מיין טאַטן די בשורה, אַז — זיין „גרויסע״, בסך הכל דעמאָלט אַ צען יאָר אַלט — הוידעט זיך אויף אַ הוידלקע אינעם וואַלד. און, רחמנה ליצלן: מיט אַ שייגעץ דערצו...

נאָר ווער האָט נאָך אַזאַ טאַטן, ווי מיינער? אָט, וואָס ער ענטפערט דערויף:

— צווישן אונדז גערעדט, חיים־בעריש, מ׳דאַרף גאָר זיין שטאַרקער פון אייזן, אַזוינס נישט צו טאָן. גלייב מיר, בערישל: אַזוי אַלט, ווי איך בין, קאָרטעט מיך אַליין נאָך — אַ הוידע צו טאָן זיך אַ מאָל אויף אַזאַ „כלי״... און אַזוי, מיין איך, איז גלייכער. אַז מע הוידעט זיך אויס קליינערהייט, קומט דער יצר־הרע נישט צו חלום אויף די עלטערע יאָרן. אלא מאי — מיט אַ שייגעץ? איז פרעג איר בחרם: וואָס פאַרשטייט אַזאַ קינד?...

אַוודאי בין איך גראָד ביי דער וואַנט נישט געשטאַנען — אונטער־צוהערן מיין „שאַנד״! דעם סוד פון מיין טאַטנס ענטפער האָט, נישט־ווילנדיק, אויסגעגעבן די מאַמע אַליין... מיין מאַמע האָט זיך געהאַלטן

ביי די זייטן, און פון גרויס געלעכטער פּאַרקאַטשעט זיך גלייך צו דער שכנה:

— „איר ווייסט דאָך, ווי מיינער האָט פיינט מסירה. נו, בערישל „קאָזע״ וועט שוין פאַרזאָגן אַ צענטן!״... און — קייכט. און — דערציילט...

די שכנה גיט איר סימנים, נאָר אסור, צי די מאַמע באַמערקט גאָר, ווי יענערס בת־יחידקע פלעכט זיך די צעפּלעך און מאַכט בעת מעשה העוויות אין שפּיגל: די אויערן פלאַמען, ווי גלאָווינעס; באַלד וועט זי מיר אָפּטראָגן די פריילעכע פּאַטשט.

נאָר פּטור בלא כלום בין איך פון דעסטוועגן נישט אַרויס פון דעם עסק... און אַז — אָפּגעפּונען אַ פּאַסיקע רגע — האָט מיין טאַטע מיך שפּע־טער אַ פרעג געטאָן: „היתכן? ווי פּאַסט אַזוינס פאַר אַ יידיש קינד?... — האָב איך, פינטלענדיק מיט די אויגן — צום ערשטן מאָל, דוכט זיך — „פאַרפּאַסט אַ מעשה״, טענהנדיק, אַז די הוזשדאַווקע איז דאָ נישט וויכטיק, ווייל טוען טו איך דאָס בלויז פון וועגן איינעם אַ שפּילפויגל, וואָס אין דער הייך, אויף אַ בוים: איטלעך מאָל, ווען די הוידלקע ז'ערלאַנגט אַרויף צו, קאָן איך זען פון דער נאָענט אויף אַ רגע, ווי ער עפנט דעם דזשוב. אַזאַ שפּילפויגל זינגט דאָך זיכער אַ שבח דעם בורא. איז דאָס אַ זינד?...

אַזוי האָב איך מיט דעם „שפּילפויגל״ אויף אייביק שוין „איינגעמאָלדן״ זיך ביי מיין טאַטן.

אָט רופט זי מיך טאַקע איצט „שפּילפויגל״ — מורקע, און אַלץ ווערט פון דעם אַזוי אַנדערש: באַלד ווייט און ברייט, באַלד ווידער — מוראדיק ענג, ווי אַ קעל, פאַרשנורעוועט מיט געוויין...

— — — דוכט זיך, זיי זיצן נאָך ביידע ביים טיש דאָ: די מאַמע פאַרריכט זאָקן, דער טאַטע — פאַרטיפט אין אַ ספר... יאָ — ווידער שוין אין דער גרויסשטאָט.

די יינגסטע איז לאַנג שוין איינגעשלאָפן.

— מיד איז עס נעבעך נאָך אַזאַ אַרבעטסטאָג אין פאַבריק, — ביאַדעט די מאַמע. — וויי־וויי, ווי מיד!... זי איז נאָך גוט און פרום דער־ווילע: מלאכים שפּילן זיך מיט איר אין שלאָף... נאָר די גרויסע, די גרויסע; סוף־סוף וועט זי פאַרשלעפּן מיט זיך דאָס קינד. רק סע קוקט

אין די אויגן, גרייט צו שפּרינגען פאַר איר אין פייער. וועט דאָס נישט גיין מיט איר צו די חלוצים — אַהין ?...

און שפּאָגל ניי רייסט זיך אַרויס ביי דער מאַמען אַ זיפץ :

— יאָ — די גרויסע... קיין קריאת־שמע לייענט מען אויך שוין נישט לעצטנס, אָבער גאָטס רחמים איז פאָרט אָן אַ גבול : אויך דער איז בייגעשטאַנען דער שלאָף... אַזוי ווי געטאָן איר, נעבעך, דער צאָן !

די „גרויסע" — דאָס מיינט מען שטענדיק מיך... נאָר דער מאַמען דוכט זיך בלויז אויסעט, זי שלאָפט ; אויגן צוגעזשמורעט טאַקע, נאָר דאָס האַרץ — וואַכער פון וואַך : מעג ווי טאָן אַפילו ביז מאָרגן — כאַפּט אים דער טיוול, דעם צאָן !... איבער איר, איבער דער „גרויסער" — אַ וועלט מיט קלאַנגען גאַר, אַ שלל בילדער... מ'קען נישט וויסן פון וואַנען זיי קומען, אָבער זיי זענען דאָ, ממש ביי איר אויפן קישן. קיין ריר מיט אַ גליד, קיין פינטל מיט אַ ברעם — נישט איבערצושרעקן, נישט צו פאַריאָגן די זעונג, די הערונג...

און ווייטער שושקען זיך טאַטע־מאַמע. כ'ווייס : ווידער אַ מאָל וועגן דער „גרויסער". ווערעם פון איר שטאַמען דאָך אַלע קלאָפּאָטן. אָט האָט זי באַנייס אָפּגעטאָן היינט אַ שפּיצל...

נאָר דער טאַטע שמייכלט קלוג אַריין אין דער באָרד :

— צו וואָס גריבלען זיך דווקא אין אַלץ, וואָס ס'פאַרדריסט ?... לאָמיר ריידן בעסער מכוח דעם, וואָס סע נחתט : על פּי חשבון וועסטו אין גיכן דאַרפן צופאָרן אין שטעטל צו רייזל־לייטשען. אם ירצה השם, אַז זי'ט איבערקומען בשלום, וועט מען מיט מזל דאָס פערטע מאָל ווערן דאָך באָבע־זיידע...

רייזל־לאה — דאָס איז אונדזער עלטסטע : הוילער נחת — טאַטע־מאַמעס. אַ מענטש אַ סטאַטעק און אַ פרומע דערצו. נאָר ווי קומט איינס צום אַנדערן ? נייך, די מאַמע לאָזט זיך נישט אַראָפּפירן פונעם וועג. סודעט נאָך עפּעס אַריין אים אין אויער, דעם טאַטן... און ביי מיין טאַטן צעפינקלען זיך גראָד די אויגן מיט ליכטיקע פלעמלעך. ער מורמלט געלאַסן :

— איז זי דען נישט גערעכט — כ'לעבן ? אַ ברכה אויף איר „משוגענעם" קאָפּ !...

און די מאַמע :

— וואָס איז דאָ צו ריידן? ביסט פונקט אַזוי משוגע, ווי דיין שפּילפויגל!...

נייך. טאַטע־מאַמעס וועלן מער אונדז נישט רופן מיט כלערליי נעמען, און אויף דעם — קיין שום פאַרגיטיקונג נישט פאַראַן. אַוודאי נישט — די שיכון־דירה אין אייגן היימלאַנד, אַ דירה, וואָס מ׳זעט גרינע ווערעמ־לעך פאַר די אויגן, ביז וואַנען מ׳דערלעבט שוין צו טאָגן אין איר און צו נעכטיקן... און אַפילו נישט איינס פון די סאַמע וואַזשנע „דערגריי־כונגען" — דאָס קליינע מיידעלע טאַקע, וועמענס אברימלעך רוען בלויז בעת זי שלאָפט, ווי אַצינדער...

דער, וואָס האָט אַ שייכות צו דער „שיכון־אידיליע" און אויך אַ חלק אין דער „סאַמע וואַזשנער דערגרייכונג", איז גראָד אַוועקגעפאָרן. און פאַר וואָר: מיר איז זייער ליב צו זיין אַ מאָל אָן אים, נאָר נאָך ליבער איז מיר — צו זיין דעמאָלט מיט מורקען... אָט צעשפּרייט זי זיך טאַקע ביי מיר אויף דער סאָפע, און אַז איך קוק־אָן איר גנבישע צורה, ווייס איך שוין אויך פאַר איין וועגס, וואָס פאַראַ פּנים מיר האָבן ביידע...

## די ברכה פון רעגן

איינס פאַרשטערט אונדז דעם בידנעם נחת: די חמימה.

ווי ווילדגראָז, איז זיך צעוואַקסן די היץ — נישט אויסצורייסן איר מיט די פליייסיקסטע פינגער. אוי, ווי זי סמאַליעט, ווי זי טריקנט עס דעם מאַרך אין דיביינער! מ׳גייט אויס נאָך אַ ביסעלע פייכטקייט, מע מיינט — די וועלט עקט זיך — אי פאַר אונדז, אי פאַר די גאָרטנס; שוין אָפּגערעדט פון די פעלדער... סיידן — נעמען און בעטן אויף רעגן, ווי פריער — די כלאָפּעס אין היימישע דערפער, אין לאַנד, ווו מיר זענען געבוירן?...

נאָר זיי, די הימלען — ליגט עס אין דער לינקער פּאה. זיי ווייסן בלויז איינס: הענגען נאַרישעוואַטע אין דער לופטן און אויפשטעכן אויף דער זונשפּיז מענטש און ערד און בעל־חי...

דער קאַראַוואַן פון אָנגעגליטע טעג ציט און ציט איבער אונדז מיד און מאַט, דוכט זיך גאָר, אַז אומענדלעך. און ביינאַכט, אין שלאָף, צי וואַכעדיק — חלומט זיך: רעגן קוואַלט פונעם הימלבאַרג... נאָר אין דער פרי: דער הימל ווידער, ווי אינעם דיכטערס טרוים:

„...בלויער פון בלוי״...*

און באַווייזט זיך יאָ אַ מאָל אַ וואָלקן אויף הימלס גלאַטן שטערן, איז בלויז אויף זיך מיט אונדז צו רייצן...

אָבער דעם היינטיקן טאָג גראָד — אָן אויסדוכטעניש, צו וואָס? עפּעס קילער־נישט־קילער, ווי שטענדיק... דער בליק — אַ טויב, אַרויס־געשיקט דורכן פענצטער געוואָר צו ווערן, צי סט׳קומען אַ מבול־נס אונדז צו דערקוויקן — קערט זיך אום אַ דערפרייטער: בפירוש — דער הימל פול־פול מיט כמאַרעס!... אוי, וואָס זשע מאַניעט ער, וואָס ציט ער אַלץ נאָך דאָס חיות, דער רעגן? פאַרזאַמט ער אויך איצטער, איז אַ סוף צו דעם גאָרטן, וואָס כ׳האָב פאַרפלאַנצט אַרום הויז דאָ מיט ווייליקע פינגער...

— מ׳וועט אויסציען די קאָפּיטעס... — וואָרטשעט מורקע.

נאָר מיר איז פלוצעם אַזוי גוט און קאָמיש פון דער גראָבטשיקער מורקען, וואָס קלייבט זיך גאָר שטאַרבן, אַז ס׳אַרט שוין אַפילו נישט צו פיל די חמימה.

נאָר לאַנג צוזען אַזאַ שלעכט געשפּילטע „יציאת־נשמה״ איז מיר אויך נישט קיין תענוג. נעם איך איר „איינרעדן״ אַלערליי ניגונים, וואָס באַ־זינגען דווקא דאָס לעבן. אָבער אַז מורקע, דער עקשן — וויל בשום אופן נישט אויפהייבן די נאָז, בין איך אויך נישט קיין מלאך:

„...כ׳וועל דיר ברעכן אַ ביין,
אויב וועסט דאָס ניגונדל נישט פאַרשטיין.״

דערשמעקט אַ שורה פון אַ לייטיש ליד, הערט אויף מורקע צו פּגרן אינעם פעלעכל, הייבט אויף אַ שפּיץ נאָז.

— ביז וואַנען סט׳קומען די נחמה... — סאָפּעט זי פון דעסטוועגן.

— געקערט ווינציקער לאַכן, וואָלסטו נישט אָנגעזאָמלט אַזוינע שמאַלצ־בערג! — רייץ איך זיך, און מיינע פינגער פאַרשטשעמען בעת מעשה אַ נאָגעלע פעל פון איר אַטלעטישער פאַלקע.

— ווער האָט איצט כוח צו דיינע משוגעתן! — יאָגט זיך אָפּ מור־קע. — עפּעס אַנדערש, ווען דו כישופסט אויס אַ קאַפּ רעגן...

— רעגן איז רעגן. וואָס איז דער מער? פאַר דיר איז מיר גאָרנישט צו טייער!...

---

* אַלע לידער־שורות — ציטירט פון זכרון.

און, אַוועקשטעלנדיק זיך קעגן איבער דעם פענצטער, די גראַבליעס פאַרהויבן צום הימל אַלאַ מיקל אַנדזשעלאָס „בעטנדיקער״ — נעם איך באַשווערן:

— כמאַרעלע! ל־ליובעניו! דוש... — יאָ, איך וויל נאָך זאָגן: דוש־קע — נאָר דער לעצטער טראַף בלייבט שוין וואָגלען אין מיר אָן אַ תיקון...

צי האָט מיין באַשווערונג דערגרייכט טאַקע די וואָלקנס, אָדער ס׳האָבן סתם מרחם געווען זיך די הימלען, בכדי צו דערוויזן, אַז מענטשלעכע יסורים ווערן פאָרט אַ מאָל געוויגן אויף אַ גאָלדוואָג?...

שיין איז דער חלום פון זומערנעכט אויף יעטוועדן פלעקעלע פונעם גרויסן ערדקיילעך אויף דער וועלט מסתמא! נאָר מיינעטוועגן איז אַ האַרבסט־חלום אויך נישט צום פאַרזינדיקן. וואָרעם וועלכע גליקן קאָנען זיך גלייכן מיט אַ כסלו־נאַכט אין מיין איצטיקן היימלאַנד: אַ נאַכט, ווען דער רעגן־חלום, וואָס האָט אַ צייט לאַנג געמאַניעט מיט צוזאָג — ווערט סוף־כל־סוף וואָרע וואָר?!...

אין דרויסן גייט אָן דער „יורה״. קוים וואָס ער טראָפּלט. נאָר — ער איז דאָ. טרינקט אָן מיט פייכטקייט די ערד, זאָגט אָן מלחמה דער חמימה...

אַ קלייניקייט, „יורה״ אין לאַנד פון חמסינען! ברייטער — דאָס פענצטער און טיפער געאָטעמט: אַ חיות!...

עטלעכע רעגנפּערעלעך פאַרקייקלען זיך בעת מעשה מחיהדיק צו מיר אין בוזעם און פון גרויס תענוג פאַרגעס איך שוין אַפילו זיך צו גרויסן מיט דעם גוואַלדאָוונעם עפעקט פון מיין „שפּרוך״...

ביים שכן שאַרט מען זיך אויך צום אָפענעם פענצטער.

— מזל־טוב! — שרייט מען זיך איבער. — געקומען... געקומען...

— שוין: אָפּגעפּייערדט האָט דאָס זונעלע! ווי לאַנג איז דער שיעור?...

— מוחל איצטער די זון־מאַרצעפּאַנעס: פאַרלייגט דעם גאָרגל ביז צום דערשטיקן. שוין ליבער — אַ רעגנדל אינעם בוזעם!...

— נו, מע קלייבט זיך שוין נישט צו שטאַרבן?!... — ווינק איך זיך איבער מיט מורקען.

און מורקע רעדט נישט אַצינדער. מורקע באַלאַגערט דאָס פענצטער. זי „ריטשעט״ אַ ליד און רעגנטראָפּנס, ווי וויין — רינען איר איבער דער גאָמבע.

מען שטייט נאָך אַ ווײַלע בײַם פענצטער, מ׳זעט, ווי דער רעגן באַזאַפּטיקט די דאָרשטיקע ערד און אינעם ריח פון פײַכטקייט, געמישט מיט שטויב — פילט זיך שוין דער געשמאַק פון אַ שפּעדיקער גערע־טעניש.

מ׳איז ווידער צוריק אויף דער סאָפע. ווי דער סאָלאָוויי אין פרילינג, זינגט די אָסיענדיקע ריזלעניש, זינגט נאָך דערווײַלע מיט דינעם גע־שפּריי.

נאָר דאָס שדל, וואָס אין מורקען, העצט איר פּלוצעם גאָר אונטער מיט מיר זיך צו רייצן:

— מאָרגן וועסטו, שפּילפויגל — נישט זײַן אַזוי פריילעך!

— וואָס עפּעס — מאָרגן?...

— מאָרגן וועט דײַן וואַדי אַראָפּשווענקען דאָס „בריקל" פון צווײַגן, און וועסט מוזן מיט דײַן טאָכטער טאָפּטשען אַ מהלך וועג אין דער בלאָטע, בכדי צוצוקומען מיט אַן אַנדערן וועג צום אויטאָבוס, און בערך אויף 10 אַזייגער וועסטו אפשר זײַן מיט איר אין „מעון"... דערנאָך וועסטו דאַרפן צוריקטאָפּטשען אַליין די זעלביקע ראָנדע און איידער וואָס, ווען — וועט אַ האַלבער טאָג זײַן אויסגערונען... שפּעטער וועסטו דאַרפן אויך ברענגען דײַן „קאַווקאַזער סאַבּרע" אַהיים. נו, דער חשבון שטימט שוין...

מורקע איז כמעט אַ ותיקה — געקומען דורך ציפּערן; אַז זי זאָגט — ווייסט זי...

יאָ, די וואַדי... אין גילדענעם גוטן, ס׳הייסט — אין טעג פון טריקע־ניש — אַ קאַרקברעכערישער גאַנג דאָ־אַרומעט. נאָר פאָרט דער קירצ־סטער וועג צו דער שטאָט צו. פאַרזאָגט אָבער די וואַדי, איז מען פאַר־פאַלענע. שיער נישט — אָפּגעריסן פון דער וועלט...

נאָר אַז מ׳וויל זאָגן, איז מורקעס סטראַשונעק גאָר קיין סטראַשונעק נישט: אַ ד אַ ך איבערן קאָפּ — אָט וואָס עס איז וויכטיק!...

פאַר וועמען דער רעגן זינגט, צוויטשערט; פאַר יענע, וואָס וווינען נאָך אַלץ אין ביידלעך, קלאַפּט ער טרעוואָגע, זאָגט אָן אומגליקן און סכנות.

— נישטאָ קיין ברירה!... פּרוּווט מורקע זיך טרייסטן.

— וואָס הייסט — נישטאָ?... ווי זאָגט אַ ייד, אַן אונדזעריקער?

„אַז מ׳קאָן נישט אַריבער — מ ו ז מען אַריבער". איך דאַרף עפּעס געבן עצות אַ...

— ווילסט בונטעווען ?... — וואָרנט מורקע. — פאַר „בונטעווען" ווערט מען איינגעזשוועבט אין תפיסה.

— ניין, נאָך דערווייל נישט — ביי אונדז ! איבעריקנס — אַזוינע, ווי דו, וואָלטן אַרויסהעלפן. נישט שוין זשע האָסטו פאַרגעסן — די ערשטע ווערן געשטורעמט תפיסות ?...

— אוודאי ! קאָפּ און קראַגן זאָל עס קאָסטן... — בורטשעט מורקע און דאָס קלינגט ביי איר פייערלעך, ווי אַ שבועה.

ייִדיש-טייטשן

אין דרויסן פּליעסקעט אַצינד שוין דער רעגן. נישט טראָפּנס — ריטשקעלעך יאָגן איינס ס׳אַנדערע איבער די שויבן. ער מיינט עס מיט אַן אמת און מיר מוזן ענדלעך פאַרמאַכן דאָס פענצטער.

דער רעגן וואַשט דאָס פּנים פון דער ערד און די ריזלעניש נעמט אָן באַסאָווע טענער.

— מ׳וועט וואַקסן ! — בלינצלט מורקע מיר צו מיט אַן אייגל און מען פאַרקריכט טיפער אין דער בערלאָגע — ביידע פּיקס און פאַרטיק צום שלאָפן.

נאָר וויפל נעכט מ׳זאָל שוין נישט האָבן פאַרכראָפּעט, די היינטיקע — איז נישט צום פאַרטאַכליעווען. מורקע מיט מיר — אין צווייען, און אחרון, אחרון דער רעגן — אַ דריטער ! אויך מיר אַן איינפאַל : פּאָפּן ! מיר וויסן בעסערע פאַרגעניגנס — און פראַווען טאַקע דעם יום־טוב פון ל י ד ע ר....

„...די ערשטע שורה קומט אַליין פון זיך"...

ווער ס׳ווייסט נישט דעם טעם פון „זאָגן" לידער, מיר — וויסן : איטלעך וואָרט — האָניק-זיסעניש, גאַל-קנאַקעניש, פויגלמילך אויפן גומען ; יעטוועדע סטראָף — טעם גיהנום — גן עדן...

„...נישט צו באַליידיקן און נישט צו צעשטערן
מיין בונד מיט אַנדערע, נאָר פאַרקערט".

אַוודאי איז קלאָר דאָך : נישט „אויסצוזאָגן" זיי פאַר וויפל טעג־און

נעכט — די אַלע שיינע לידער, וואָס אַ מענטש האָט גערן, נאָר — זאָל זיין כאָטש איין ווידערברום פון דעם אייביקן לידער־געשאַל, דעם זינג־זאַנגיקן, אַ זעמדעלע פון זיין גילדענעם שטויב, דעם צוווערבלטן; ס׳וועט סטייען אויף צו דערפרייען, אויף צו פאַרטרויערן...

אגב — מיין מורקע איז אַליין אויך אַ דיכטערין, נאָר נישט אין דעם גייט עס איצטער. אונדזערע „קינדער" ליגן נאָך אין די וויקעלעך. זיכער — פאַראַן אויך זייער צייט אין אונדזערע באַגעגענישן. מעגן אַנדערע זיין נאָך ווי געראָטן — וועט דען אַ מאַמע פאַרלייקענען פון וועגן אַזוינס איר אייגן געביין? נאָר — נישט היינט, נישט אַצינד דאָ!... היינטיקע נאַכט רייסן מיר רייפע פּרוכט פונעם בוים פון „יידיש־טייטשן", פון מאָל צו מאָל אַריינכאַפּנדיק זיך אויך אין „פרעמדע" גאָרטנס.

...„אַ געשאַנק פון דער נאָענט און אַ טרייסט צו דער
ווייטער און ווייטער ווייטערע ווייט."

די „קאַפּעליע"

...„נעם אונדז אונטער דיינע פליגל, דיכטער!"

די תפילות זמרן אין אונדז — כמעט גרייטע, נישט פאַרפאַלענע אינעם זכרון, און מורקעס פּוכקע מאַרדעלע קוועלט אַרויס פונעם קישן, מחמת — אַן „אויפגערופענע צום ספר" שוין עטלעכע מאָל דאָ, ווייסט זי אויף זיכער: באַלד קומט אומפאַרמיידלעך מיין ריי...

...„די שטילקייט דעכעט, ווי אַ לעבעדיקער זייגער
און כוואַליעט סודותדיק אַריבער צום העט־העט".

שטיל, כמעט נאָך בלחש דערוויילע דאַווענען מיר אויס שטיקער ליד; האָב און גוטס איז איינגעפונדעוועט אין יעדער שורה.

אין דרויסן שורשעט אַ יונגעטשקע פּאַלמע ביי אונדז דאָ אין גאָרטן, און דאָס שורשען — געכוואָשטשעט פון רעגן — מישט זיך, פאַרמ׳ישט זיך מיט רויש פון נישט־חי...

...„איך רו אין שאָטן פון איילבירט־בוים
און זע די ווערבעס ביי היימישע וועגן."

ביי„היימישע וועגן" גרינט אַ קיילעכיק יאָר די סאָסנע, ביי היימישע

וועגן פאַרגייט זיך אַ ווערבע צו מאָל אין געזאַנגען־געוויינען, און אין זיי — אויך דער אָפּהילך פון אונדזער צעזונגענעם און צעווייטיקטן טראָט.

אַן אוצר דערמאָנענישן פלאַמט־אויף פּלוצעם אין רעיון און טאַנצט אַריין אין רעגנגאָס, אין בינטל לידער.

דאָס לעבן ווערט אַ דופּטיקער פּרדס פון אונדזערע ליבשאַפטן, די פאַרגאַנגענע — ביז היינט און אויף תמיד נישט פאַרגעסענע. דאָס לעבן ווערט אַ הייל — מיט מער, ווי זיבן־מאָל־זיבן גזלנים, וואָס האָבן פאַר־שניטן אונדזער קלאָרע, וואָרע וועלט...

...„עס טרינקען מיט ווין זיך אַן מיינע שויבן,
דער טאָג ווערט פאַרלאָשן".

דערמאָנענישן צאַפּלען זיך אין בלוט און פליש פון שורות, פון סטראָפן: אין יעטוועדן אָדערל קלאַפּט דער דופק פון אַזוינע זאַגעכצער און שטור־מענישן, פון געשעענישן און פון מענטשן, וואָס האָבן מיט יאָרן צוריק אַריינגעבליט אין אונדזער לעבן — אויף צו גערדייען, אויף פאַרשטומט נישט צו ווערן...

...„Ich brauchte nur zu nippen
Vom Wasser der Kastalia,
Da toenten meine Lippen."

יאָ, מ'האָט אונדז גערופן: די „קאַפּעליע". און גענוג צו דערמאָנען דאָס וואָרט בלויז — אַז ס'זאָלן אויפגיין אין אונדז די געשטאַלטן.

— — — אָט איז ער, דער לעבן־און וויסן־דאָרשטיקער ה ע נ אָ ך ג ו ט מ אַ ן — אַ זשוואַווער, אַ פלינקער שניידער־געזעלן מיט קליינע, פּעך שוואַרצע און זודיקע אויגן. זיין האַרץ איז אַ שיף, וואָס שלינגט גאַנצע לידער־שקוואַלן פאַר אַ מאָל, און גאָרנישט קען אים נישט אָפּ־שטעלן אין זיין האַסטיקן דראַנג... אָ, ד ע ם דיכטער גיב אים, און י ע נ ע ם, און נאָך אַן אַ נ ד ע ר ן. און — וועמען נישט? אַז סך הכל איז איטלעכער ביי אים אָפּגעציטערט, ווי אַ בן־יחיד...

— נאַ דיר אים! — זאָג איך. און — כ'דערלאַנג...

ס'איז דערביי מחיהדיק צו קוקן, ווי זיין ברוינער פּנים צענחתט זיך בעת מעשה אין צוויי שורות ווייסע ציין און די אויגן, ווי קייקלעלך קוועק־זילבער — לויפן: פון מורקען צו מיר, פון מיר — צו מורקען.

מיר שטויסן זיך אָן, אַז נישט מיך גראָד מיינט ער מיט דעם גלאָצן, אָבער ווער וועט עס נישט צושטימען, אַז אַ „דעקמאַנטל" איז פון דעסט־וועגן אַ נייטיקע זאַך ?...

אַלע ווייסן גוט, אַוועמען ער האָט ליב — מחוץ פון די לידער. נאָר אַרויסזאָגן אַזוינס אויף אַ קול ? חלילה !...

נייִן, מיט אונדזער הענאַכן איז דווקא נישט אַזוי פשוט. אין אַזעלכע אַנגעלעגנהייטן קען מען זיך איינקויפן מפטיר. שוין אָפּגערעדט, אַז ער׳ט לייקענען שטיין און ביין. אָבער דערצו נאָך קאָן ער אָפּמעקן יענעם די נאָז : ליבע־שמיבע — אַ צונג איז דיר נישט קיין ווינטמיל. נאַ — באַקום !...

נאָר ביי אונדז קריכט מען נישט צום גרגרת מיט איבעריקע רייד און הענאכן קומט דעריבער קיינמאָל נישט אויס זיך צו היצן... בלויז אַ בקשה האָט ער צו מיר — אַ צאַפּלדיקע, אַן אומגעדולדיקע, ווי ער אַליין טאַקע אין גאַנצן :

דעם און יענעם וואָרטפּייל פון יידישע דיכטער זאָל איך ווען נישט איז פאַרווענדן ווי אַ מאָטאָ צו מיינע שאַפונגען... מורקע איז אַ „גויע" — שרייבט דאָך פּויליש : פון איר קאָן ער דאָס אפשר נישט פאַרלאַנגען. נאָר איך — — — מוז דאָס טאָן !

ער באַשווערט מיך און איך זאָג־צו. ער זאָגט : „שאַפונגען" — און אַ ציטערניש נעמט דורך מיין געביין... דאָס האַרץ איז פול מיט צוויפּ־לענישן, מיט מורא : ווער ווייס, צי כ׳וועל אַ מאָל אויסשמידן יענע שאַפונגען, וואָס זאָלן ווערט זיין אַזוינע מאָטאָס ?...

און אָט איז — נ ע ל ק י ן : אַ הויכער, אַ שלאַנקער, מיט גרין־גרויע, אַ ביסל קאַלטלעכע אויגן און רויטע האָר, וואָס ווילן ביי אים בשום אופן נישט איינליגן ; רק זיי שטעלן זיך דיבאָם — אַקוראַט ווי דער קאַם ביי אַ הענדל.

דער פּרווּווט אַליין שרייבן לידער — נאָר דאָס איז שוין אַ סוד צווישן אונדזביידן, און גיכער וועט ער זיך מודה זיין אין זיין „שייכות" צו איינער — אַ בלאָנדער מיט העל בלויע אויגן, איידער — באַווייזן זיך פאַר אַלעמען אדם־נאַקעט, אין שפּינוועבס פון אומבאַהאָלפענע גראַמען... אָבער — קוויקן דאָס האַרץ מיט לידער פון גרויסע פּאָעטן — דאָס מעג דאָך יעטוועדער איינער...

## מ אַ ל אַ ש אַ  מ אַ ל י

...„אין דער פינצטער איז דיין קליינער פוס נאָך קלענער,
ציטערדיקער, בויגזאַמער ביסטו״...

ער ווערט משוגע פאַר דעם. פאַר אים איז דאָס סיי דיכטונג, סיי אויך — אַ מין אָנשפּיל אויף זיין בלויאַויגיקע טאַקע, די בלאָנדע...

זיין יונגיאָריקייט אָנט קוים דעם רייץ פון איר קליינעם פוס, אָבער די אינטואיציע פון אַ פּאָעט און אַ פאַרליבטן טוען ווונדער — און אַלץ איז אַקוראַט, ווי אויף דער וואָר...

דאָס ליד האָט זיך שוין אַפילו „דערשפּילט״ ביי אונדז צו אַ היימישן נאָמען: „נאָכאַמאָל!״ וואָרעם ס׳איז נישט געווען דער טראַף, נעלקין זאָל זיך באַנוגענען בלויז איין מאָל צו הערן די פּערזן. ווי נאָר די לעצטע ווערטער האָבן אָפּגעצאַנקט אינעם חלל, קומט אומפאַרמיידלעך זיין מאָנונג:

— נאָך אַ מאָל!...

ער האָט אונדז אַלעמען אָנגעשטעקט מיט זיין אייפער און לסוף האָבן מיר עס גערן אויך מיט זיין ליבשאַפט, דאָס ליד... נאָך מער: זעענדיק ווי ס׳גייט אים אין לעבן — האָב איך אַפילו צוגעטראַכט אַ מאָטיוו פאַר די סטראָפן.

מ׳דאַרף קענען מיין מוזיקאַלישע „אויסשטאַטונג״, בכדי צו פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ געפינס דאָס איז פאַר אונדזערע שטיפערייען...

פון וואַנען ס׳נעמט זיך צו מיר קוראזש צוצושניידן אַ מעלאָדיע — הייב איך נישט אָן צו וויסן; און דעריבער איז ביי מיר אַליין אַ סברא, אַז כ׳האָב דאָס, נישט ווילנדיק — ערגעץ ווו געגנבעט. וואָרן איך טאַקע באַצייטנס: טאָמער דערווישט מען, זאָל נישט ווערן געשוויגן; לאָמיר כאָטש וויסן, ווער ס׳איז דאָ דער אמתער „טאַטע״...

און אָט וויגן מיר זיך אין דער ברייט, ווי ס׳פאַרלאַנגט עס בפירוש דער ריטעם פון מיין ניגון. אַלע צאַפּלען זיך מתיקותדיק אין דער נעץ פונעם פערז און איטלעכער מיינט עמעצן אַנדערש מיט זיין זינגען... נאָר מיט נעלקינס דבקות — קען זיך דאָ קיינעמס נישט גלייכן. דאָראַ־דבורה זשומט אין אַלע ווינקעלעך פון זיין האַרץ, און דאָס ליד איז דער סמיק, וואָס שפּילט אויף זיין בענקשאַפט...

חברה זענען אויף אַזוינס אַ מבין — און באַלד ווערט אַרויסגעשיפּט פונעם לידער־ים נאָך אַ פאַנג. און — פאַר וואָר: אויך דער אָ שטיפערישער טאָן איז ווי אָנגעמאָסטן אויף זיין פלאַטערדיק און פילסטרוניק געפיל:

## צו גאַסט ביי לידער

...„פאַרליבט צו זיין און ווילד אַזוי
און דווקא נאָר אין אויגן בלוי,
און דווקא נאָר און דווקא נאָר
אין קינדיש־ליכטיק בלאָנדע האָר ? —"

יאָ, און ווי — נעלקין, דאַרט קאָן אויך נישט פעלן די איינע טאַקע, די בלאָנדע און ראַזעווע מיטן זייער קינדישן, אייביק פאַרחידושטן שמייכל און מיט אויגן — איר ווייסט שוין, וואָסערע...

נאָר זעלטן ווער סע קאָן וויסן, ווי געמאַטערט שווער ס׳איז איר לעבן... און שיער־שיער וואָלט דאָס געבליבן אויך פון מיר פאַרהוילן, ווען נישט — אַ רגע, ווען כ׳האָב אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף איר בעקל :

— און איצטער — גענוג דיר צו שמייכלען !...

אַ צייט לאַנג האָט זי געכליפּעט אין מיין אָרעם, אַ ביסל האָב איך אויך צוריקגעכליפּעט און אַזוי האָבן מיר פאַרשניטן אַ מין טרערנבונד : זינט דעמאָלט טראָגט זי מיר טייל מאָל אָקעגן אירע דאגות. מיר טרינקען זיי אויס צוזאַמען און פאַרוויגן, פאַרמוטיקן זיך ביידע מיט ל י ד ע ר.

— — — און נאָך אַ בלאָנדע האָבן מיר אין דער „קאַפּעליע" — אַ גרויאויגיקע, מילדע, וואָס ס׳ציט זיך צו איר איטלעכנס ליבשאַפט...

יאָ, גערעכט איז געווען אונדזער מאַמע. דאָס „מיזינקעלע" איז נאָכ־געגאַנגען דער „גרויסער" : צו די חלוצים — אַהין. און „מיזינקעלע" — מיינט דאָס מאָל טאַקע נישט קיין אַנדערע, ווי מיין שוועסטער ר י ש אַ אַליין...

אויך איר גרויסע תשוקה זענען לידער, און אַז זי „זינגט־אויף"

„האַ־נעי־וואַן ווײַנט בייטאָג און ביינאַכט",

איז איר שטימע — אַ פלייטל ; און אונדזער האַרץ־פידל ווערט גלייך אָנגעשטימט דערפון פייערלעך...

אַ וואָרט, אַ שורה, אַ סטראָף — און אָט איז מען אין רעכטן מיטן פון דער באַלאַדע, און ס׳טוט זיך — אוי, טוט זיך !...

...„האַ־נעי־וואַן, היינט ביינאַכט וועט אַ זיצונג זיין"

פאַר וואָר ! ס׳האָט נישט געציטערט מערער די האַנט פון לי־קוואַן־יו דעם סטודענט מסתמא — בעת ר׳האָט אין שריפט איבערגעגעבן זיין האָ פון „יונג־קאַ־טעי" די געהיימע שליחות — ווי ס׳ציטערט ביי אונדזער

רישאַ די שטימע, אַרויסברענגענדיק אָט די ווערטער. און ביי אַלעמען אונדז — די הערצער...

גרינג איז אונדז לגמרי נישט אָנגעקומען צו פועלן ביי דער שטילער, נישט דרייסטער רישאַ, זי זאָל אויפטרעטן אין אונדזער „אָרקעסטער": זי ווייסט נישט; זי קען נישט; האָט אַ שטימע ווי „בורעק", דער הונט — נאָכן טשאָלנט". בקיצור: זי האָט נישט בדעה זיך אויסצושטעלן אויף לייטיש געלעכטער.

ערשט, אַז מ'האָט זיך גענומען צו איר — אַלע, ווי איינער:

— גוט, זאָל זיין, אַז דו ביסט טאַקע דער מבין, אָבער — אַז מ'צערייסט זיך דאָ אַלע אויף פּיצלעך...

ניין, אַזוינס קאָן זי נישט צוזען:

— ווי באַלד דער צער פון אַ גאַנצער „קאַפּעליע" איז יאָ אַזוי גרויס... — זאָגט זי — און גיט זיך אָפּ „פּאַר אַ קרבן".

אויך דאָ, צווישן די „חליצים" — פּונקט, ווי אין דער היים אויך — לעבט זי אונדזער אַלעמענס לעבן און פאַרגינט זיך בלויז נישט צו לעבן נאָך איינס: איר אייגנס.

בחורים? צו זייער האָט זי ליב מענטשן — און קען זיך דעריבער נישט באַשרענקען אויף איין מין... — טענהט זי האַלב ערנסט, האַלב אין שפּאַס.

נאָר אַלע ווייסן, אַז איר גרעסטע ליבשאַפט — דאָס בין איך; און אין איר תמימותדיקייט פּרוווט זי דאָס אפילו נישט צו לייקענען... אָבער זיך נוקם זיין אין מיר פאַר דעם־אָ — דאָס מוז זי:

נאָך דער אַרעבט, אַז איך בין אַ מאָל זייער מיד, נאָר ס'גייט מיר אין לעבן נישט אָפּצושטיין פון דער „קאַפּעליע", נעמט זי און טראַכט אויס אויף מיר אַ „בילבול" — איך בין, אַ שטייגער — „האַלב־טויט, און מוז אַהיימגיין שלאָפן"...

— מכשפהלע, וואָס דו ביסט! — נעם איך מיט איר שטרייטן, — אונדזער מאַמעשי ווייסט מן הסתם בעסער, ווען זי „באַזינגט" מיך:

„טו ניט, ווי אַלע טויטע — ליגט שוין אויפן ברעטל,
„נאָר — שפּיל איר אויף אַ זמר, טאַנצט זי עטל־בעטל!"...

און טאַקע: אַזאַ נאַכט, אַזאַ הימל — ווי פאַרט מען אַהיים איצט?...

נאָר אַז זי, מיין שוועסטער, שטייט נאָך אַלץ אויף ס׳איריקע — פּרוּוו איך ווייטער זיך דינגען:

— וואָס — מיד? ווער — מיד גאָר?!... און טאָמער גלייבסטו נישט, איז מיין עדות — דער „ניגון״:

...„איך וועל די רימענע לייצעס אַ נעם טאָן
און מיטן שליטן דעם שניי אַזאַ קעם טאָן״

— „דונער״ איך אין מיטן פון דער שטילער גאַס, און אויף מיין „נעם טאָן״ — קוקט זיך אום אַן איינצלנער פאַרבייגייער מיט נייגער.

כ׳דערלאַנג באַדיי נאָך אַ פּאָר לידער. נאָר ס׳העלפט דען, וואָס מע שטראַלט פון זיין אין גאַנצן? איצט איז זי אַן „אכזר״ — מיין רישאַ; וויל פון גאָרנישט וויסן: „געזאָגט — האַלב־טויט, און פאַרטיק!״

צוויי מאָל דאַרף מען ביי אונדז אַזוינס נישט איבערחזרן. ווייל אויף מיר — איז גלאַט אַ מצווה: פאַר אַלע יענע לידער, וואָס איך וויל נ י ש ט „זאָגן״, פאַר אַן איינציקער מעלאָדיע, וואָס כ׳טראָג אונטער דער „קאַפּעליע״ מיט אַן אָנצוהערעניש: „געגנבעט״ און מאַלע פאַר וואָס נאָך אַלץ — איין מאָל מיר כאָטש אָפּצודינען!...

כהרף עין ווער איך אַריינגעפּאַקט אין אַ טראַמוויי און שריי: ס׳איז נישט ריטערלעך — אַ גאַנצע הורמע קעגן איינער!...

אַ נס נאָך, זיי הייסן מיך מיטנעמען דעם „איינעם״, וואָס ווייסט שוין זינט אַ גוטער ווײַלע, אַז מיין האַרץ באַלאַנגט צו אים אַ ביסל מערער. ווי צו אַלע אַנדערע אויף דער וועלט...

— שלעכטע! טענהט ער, — וואָלסט כאָטש צוזאָגן, אַז אויף אייביק!

— נאָר נישט דאָס, גוטער! — נעם איך דערוויַזן. — אויף מיין וואָרט, זעסטו — קאָן מען שטעלן אַ בריק. איז טאָמער, ווי ס׳מאַכט זיך — לאָמיך כאָטשבי נישט בלייבן קיין ליגנער...

בלויז שפּעטער, אויף דער גוטער לעצט שוין — שעפּטשע איך אים פון דעסטוועגן אַריין אינעם אויער:

...„אַ שפּליטער אַזאַ איך — אי צערטלעך, אי שאַרף,
און דו אַ געטרייע פּילסטרוניקע האַרף.״

נאָר טאָמער ווערט פאָרט אַ מאָל אַנדערש, וועלן מיר אויך נישט זוכן

קיין שולדיקן: ווער ווייסט עס נישט, אַז א י י ב י ק איז בלויז — דאָס ליד ?...

## נישט הוילער זינגזאַנג

די נאַכט איז צעבויטעט, צעוויכערט, די נאַכט איז צעאָטעמט מיט רעגן, מיט חברשאַפט און מיט לידער. באַלד מורקע, באַלד — איך: מיר „דאַוועגען" ביידע...

אין צימער ביי אונדז דאָ איז סוף־כל־סוף קיל. אין צימער וויגן זיך שאָטנס געליבטע, סע שפילן אומפאַרגעסלעכע ווערטער. און אין דרויסן שפילט דער רעגן: נצחונדיק, מיט דער פולער קעל — אַ דערקוויקעניש פאַר דאָרשטיקע פעלדער...

דער רעגן טרעפט אין אַלע פינטעלעך פון דער ערד; האָ־האָ, ווי ער צילט מיט התמדה!... און ס׳ליד שפילט אַלץ באַנגער אויף דער האַרץ־באַנדורע: איין פערז נאָכן אַנדערן צאָקעט אַוועק אין דער ווייטקייט, ווי הירשן שלאַנקפיסיקע, הייסע — אין אומרויקע סטאַדע...

...„בלאָ־גאָלד און פערפל־געפּלים איז די וועלט
און זי איז ממשות אַליין."

באַלד טעמנע, באַלד ליכטיק — האַוועט דער ניגון פון געגראַמטע און פון נישט געגראַמטע לידער. מיר טרינקען ריטשקעלעך געזאַנג און פאַרבייסן מיט קרישקעס רייד — אייביק נישט געזעטיקטע, נישט גע־שטילטע...

...„ווערט פלימער און שימער און שטראַל און ליכט,
ווערט שאָטן, ווערט חומר און ווערט געזיכט."

— — — די „קאַפּעליע" — דאָס איז נישט אַזוי פשוט. נישט הוילער זינגזאַנג — פאַרשטייט זיך... מ׳איז עוסק אין אַ קאַפּיטל מאַרקס, און באַראָכאָוו, און ברענער, מען פאַרכלינעט זיך מיט „פּעדאַגאָגישע פּאָעמע", מ׳וויל אויף ס׳כוח דורכדרינגען דעם שלייער פון חלומות און פון „פּסי־כאָאַנאַליזן" — און אַ פּרשה תנ״ך איז ביי אונדז אויך נישקשה פון אַ מציאה... נאָר דער שוואַרצאַפּל פון אונדזערע שטרעבונגען איז דער גאַנג צו „באַרגשפּיצן", דאָס קלעטערן, שטייגן...

### צו גאַסט ביי לידער

„...און שטענדיק געגאַנגען מיט פּלענער,
חלומות געהאַט און אידייען...
ווי מאַכט מען דאָ ליכטיקער, שענער?"

אָ, אַ סך זענען זיי, וואָס גייען מיט מיר און מיט מורקען — אַרויף צו... און נישט בלויז פון יידיש, אויך פון העברעיש און פּויליש, ווערט צו יענער צייט, בעיקר, געגעערט אונדזער חלום וועגן באַרגשפּיצן און וועגן אַן אייביקן שלום. און דער

„...והיה באחרית הימים"

פּאָרט זיך ביי אונדז אַזוי וווּנדערלעך מיט:

...„Ziemia zakwitnie Różą —
Kwiatem Płomiennym: Miłością"...

מיר קלעטערן, און דאָס קלעטערן גופא זינגט זיך אַזוי אַריין אין די ביינער, ווי אַ שטיק שירה.

„...אַ ביס פון דעם ברייטל — דעם הונגער געזעטיקט,
און ווייטער געאיילט זיך אין וועג."

ווערט „געזמרט" צום טאַקט פון די טרוימען, און דאָס פּנים איז געווענדט אַלץ אַהין צו, ווו מע טריקנט אויס זומפּן און ס'גייט־אָן אַזוי אייפעריק — אָן אונדז נאָך דערוויילע — די בויונג.

„...שיר, שיר עלנה —
בפטישים נגן נגנה!"

יאָ, דער וועג איז ווייט, דער וועט איז נישט געפּלאַסטערט, אָבער די פּיס אונדזערע — געוווינט דאָך צום שפּאַנען, און דער וואָרט־ניגון טוט ווונדער...

און אָפּשטיין שטייט קיינער נישט אָפּ אינעם וועג. מיר ווערן נישט מיד. מיר איילן. פאַראַן אפילו אַזאַ ליד ביי אונדז, וואָס לאָזט אויף אַן אָרט נישט איינשטיין:

„...אַלץ העכער און העכער און הע־כער —
וואָס העכער, אַלץ נענטער צום ציל!"...

און אַז מיר זינגען דאָס ליד, מיינען מיר צילן, וואָס נעמען אַריין אין

זיך יידיש און מענטשיש. מיר מיינען גראָד זייער אַ סך און באַ־גלייך — אַזוי ווינציק: אַ וועלט פון שלום און פרייהייט, וואָס זאָל קיין מאָל נישט חרוב ווערן. כאָטש — סע ווערן אַלץ נאָך פאַרשניטן לעת עתה אַזוי פיל ליכטיקע קלעטערער, שטייגער...

נאָר, נישט איטלעכע רגע פון טאָג זענען מיר אַזוינע גריבלער און טראַכטער, טרוימער און בענקער: סכנות האָבן מיר אויך ליב צו שטיפן, און די „עלטערע" היטן זיך פאַר אונדז, ווי פאַר פייער...

פון אַלע קונדסים אָבער, איז מורקע ביי אונדז — דער גרעסטער. פאַרשטייט זיך, זי איז אונדזער נחת. נאָר נישט אַלע מאָל פון דעסטוועגן, נישט שטענדיק: אַ מאָל מאַכט זיך — זי כאַפּט היפּשלעך אַריבער די מאָס און ווערט דער מוטנער שטראָם אין אונדזער קרעניצע...

אויף אַ וואָסערן צייטאָפּשניט איז ד"ר סאָבעל איר „צילברעט". ד"ר סאָבעל איז פון באַרוף אַ לערער. אַ ווילער מענטש, אַן אַרבעטזאַמער, פול מיט ענערגיע — און נישט קיין שלעכטער רעדנער. נאָר גראָד איז עס אַ צייט פון אידעישע אויפּברויזן אין אונדזער יוגנט־משפּחה — און די „קאַפּעליע" איז מיט אים נישט צופרידן.

אַזוינס איז געוווּג שוין פאַר מורקען: פון היינט אָן און אויף ווייטער — וועט ד"ר ס. נישט פאַרענדיקן ביי אונדז קיין איינציקן רעפעראַט, קיין לעקציע, אַ מינדסטן שמועס נישט אַפילו... פּשוט: זי'ט איבערקערן בענק, זי'ט „שטילינקערהייט" אָפּטאָן אַזוינס, אַז ס'וועט זיין אין לשער...

איך — צו איר, מיט גוטן און מיט בייזן:

— „סטייטש?" — און: — „לא זו הדרך!..."

זי הערט מיך, ווי דעם קאָטער.

— „אַ שאָד די רייד, שפּילפּויגל — — — סט'נישט העלפן!"

פּרוּוו איך מיט איר אַנדערש:

— „טוסט מיר אָן חרפּות! מיין „כאַוואַניע" — וועלן זיי טענהן." — („זיי" — דאָס מיינט: די יעניקע, וואָס אין דער „מחלוקת לשם שמים" זענען זיי אויף דער „אַנדערער זייט באַריקאַדע"...).

און — ענדלעך:

— „מיר צו ליב — הער אויף מיט די שטיק, מורקע!"

דאָס פּנים ביי איר — פאַרחושכט, און אַ ווייכקייט ציטערט, דוכט זיך, אין איר שטימע... נאָר ניין: אַ האַרץ פון שטיין ביי דער מורקען!

— „אַלץ, נאָר נישט — דאָס!" — זאָגט זי, און מיר זענען אַלע אומבאַהאָלפן: מורקע האָט זיך אירע אָנהענגער, (מ׳איז אָפילו חושד: בכבודו ובעצמו — אויך דעם ד״ר סאָבעל...) און קיינעמס שטימע הייבט זיך נישט — צו לייגן זי „אין חרם".

נאָר קורץ דערויף איז ביי אונדז יום־טוב: דער „פילהאַרמאָניע"־זאַל, דער גרעסטער אין שטאָט — שימערירט מיט לענטעס, פאָנען, מיט ביל־דער און — מיט מענטשן. דער זאַל כוואַליעט מיט פנימער, מיט געשטאַלטן. פול־פול, נישטאָ ווו אַ שפּילקע צו וואַרפן...

די רעדנער — שוין אָפּגעטאָן ס׳זייעריקע. איצט קומט דער צווייטער טייל פון דער אימפּרעזע.

אויפן ערשטן פּייער — די סאַמע ייִנגסטע מיט משהן נאַ שפּיץ.

משה איז לאַנג און דאַר, ווי אַ דראָנג. מ׳קען זאָגן: אַ מיאוסער — מיט אַ באַזונדער מין „מיאוסקייט", וואָס גיט אים צו חנען. שווער צו וויסן: קומט עס פון די קלוגע, תמיד לאַכנדיקע, קונדסישע אויגן, אָדער פון זיין אופן צו דערציילן פּאַסירונגען, וואָס נישט אַלע מאָל קען מען זיך משער זיין, ווו ס׳ענדיקט זיך דאָ דאָס געטראָפענע־פּאַרלאָפּענע, און ווו ס׳הייבט זיך אָן אייגענע אימפּראָוויזאַציע. נאָר אַלע מאָל איז אַ מחיה דאָס צו הערן...

ער שפּרודלט, ווי קוואַלוואַסער. איטלעך ביינדל אין אים לעבט און אַרבעט מעשים.

פּול מיט וואַנדערלוסט און מיט אויפטו: אַ „געבאַרענער" סקויט, געניט אין איינאָרדענען וואַלד־און באַרג־אויספלוגן, און טאַקע — „מיט סורפּריזן"... דערצו — אויסגעפּרוווט אין געשלעגן מיט אַנטיסעמיטישע כוליגאַנעס, וואָס קומען צו מאָל איבערפאַלן אונדזערע אַ זומער־קאָלאָניע. אַ זכר דערפון — דער בלויז אויפן אָרט פון צוויי ציין, וואָס ר׳האָט פאַר־לוירן אין איינער אַזאַ עסקאַפּאַדע...

אונדזער משה איז צו אַלעמען אַ גוטער ברודער: גרייט אַוועק־צוגעבן דאָס העמד פונעם לייב — ווען ער זאָל אַזוינס האָבן... נאָר צו מיינסטן גייט ער גראָד אויס נאָך קליינוואַרג, און ווו אַ קרענצל „פרייע סקויטן" אונדזערע, איז ער באַלד אין מיטן.

איצט מאַרשירט ער מיט זיי אויף דער בינע — קאָמאַנדיר פון

אַ פרידלעכן חייל. ער לעבט־אויף אין גאַנצן, פילט זיך ווי אַ פיש אין וואַסער, יעטוועדער גליד אין אים קוועלט, צאַפּלט...

...„מיר זענען די יונגע גוואַרדיע
פון פּראָלעטאַריאַט!״ — — —

פאָנען־געפלאַטער און שטאָלץ געהויבענע קעפּ. בלאָע בלוזעס מיט רויטע קראַוואַטן — מיניען, רופן זיך איבער אין רעפלעקטאָר־שיין... פייקלעך, טרומייטן — אַלע סקויטישע זיבן־זאַכן באַגלייטן דעם אויפטריט; זיין נאָמען איז נישט — משה, אויב עפּעס זאָל דאָ פעלן צום רומל!...

...„די גאַנצע וועלט איז ווי אַ שיף
און מיר זענען די רודער!״

— שטורעמען, ברויזן געזאַנגען... און אויב די קליינע חברה־לייט זענען „די רודער״ אויף אַ מאַכטיקער וועלט־שיף, איז משה — דער מאַסטבוים: שלאַנק און בייגיק, נאָר אויסגעהאַלטן אַנטקעגן שטורעם.

באַלד פלעכטן זיך אויך אַריין יענע „אַנדערע״ טענער, ווי צווילינג־קינדער, וואָס ס׳האָט זיי איין מאַמע געבוירן:

...„צמחה החיטה
על יד הכנרת״.

און זאָל מען נאָר אונטערוואַקסן אַ ביסל, וועט מען שוין געפינען אַהין צו דעם וועג. אַפילו — ס׳זאָל אויסקומען צו נעמען די פיס אויף די פלייצעס און — קדימה: געגאַנגען! מיט אַזאַ קאָמאַנדיר איז אַלץ מעגלעך...

נאָר דערווייַלע „מאַרשירט״ מען נאָך בלויז אויף דער בינע — צום טאַקט פון גוט באַקאַנטע געזאַנגען, מען מאַכט ספּאָרט־פּיראַמידעס און אַנדערע „קונצשטיק״. ס׳איז דאָ וואָס צו זען און צו הערן!... ווי קען אָבער די „קאַפּעליע״ פאַרגינען זיך אַזאַ תענוג, ווען בסך הכל האָט מען דאָך ערשט ביים אָנהייב און די „לעצטע צוגרייטונגען״ צום ווייטערדיקן אַרויסטריט זענען אין רעכטן גאַנג. האַוועט מען טאָקע, מע שמאַיעט: באַלד האָט דאָס וואָרט אונדזער דראַמקרייז...

די הויפּט־אָנפירערין איז דאָ זוזאַנקאַ־שושנה און איך אַליין בין קוים

איר „האַנט״ — די רעכטע... אייגנטלעך איז דאָס גרימירן איר גרויסע ליבשאַפט. זי איז עוסק אין דעם טאָג־טעגלעך — באַנאַנד מיט איר פֿאָטער און צוויי עלטערע שוועסטער: אַ גאַנצע „דינאַסטיע״ פֿון פֿאַכלייט — אַרבעטן זיי טאַקע פֿאַר דעם „טעאַטר פֿאָלסקי״. שושנה קען זיך אָבער אויך אויס אין דער רעציטאַציע־קונסט, און דעריבער איז זי ביי אונדז דאָס אייבערשטע פֿונעם שטייסל...

נאָר ווער וואָלט זיך עס ריכטן אַצינדער, אַז באַלד וועט אין דער אמתן אָנפּראַלן אויף אונדז אַזאַ שוידערלעכע מלחמה, און אַז דער דייטשער אשמדאי האָט שוין אָנגעצייכנט פֿאַר אונדז אַלעמען אַזוינע „מאַרשרוטן״, וואָס דאַרפֿן פֿירן אומפֿאַרמיידלעך אין זיין כף־הקלע?... און — קען מען דען איצט גאָר פֿאָרויסזען, מיט וועלכן דערנערוועג די זעלביקע שושנה וועט, אויף להכעיס דעם אשמדאי, דערשלאָגן זיך פֿאָרט קיין ארץ־ישראל — אַהין? און אַז דאָס גליק פֿון אַזאַ „הגשמה עצמית״ וועלן טיילן מיט איר רק געציילטע?

בלויז אויף איינס וואָלט אונדז שוין דווקא נישט זיין קיין חידוש; אַז אויך דאָרט, טאַקע אין „ארץ״, ווי אויך באַלד דערויף אין מדינת ישראל — וועט זי אַזוי זיין אַריינגעטאָן בלבֿ ובנפֿש אין איר גרימיר־אַרבעט אין גרויסע טעאַטערס — אַזוי שטעקן אין דעם ביז איבער די אויערן, ווי זי שטעקט צו יענער צייט מיט לייב און לעבן אין דער רעזשי פֿון אונדזערע קליינע ליבהאָבער־אויפֿטריטן... ווייל אַזאַ איז זי, די שפּע־טערדיקע שושנה לעווקאָוויטש־זאַק — און זאָל מען כאָטש וויסן איר „ייחוס״!...

נאָר דערווײַלע טוען מיר דאָ דאָס אונדזעריקע. דערווײַלע גייט־אָן דער אויפֿטריט, און נאָך די „סקויטן״ קומט דער עלטערער שיכט.

קודם כל העלקאַ, דאָס ברוינע, אויסגעמאָגערטע בלימל, וואָס דער דלות האַלט אין איין צאַפּן פֿון אים די זאַפֿטן...

...„שווימט אַ שיף, שווימט
מיט טרערן און מיט געוויין:
S. O. S.!
ראַטעוועט אונדזער געביין!״...

איר פֿאַרברייטערטער שוואַרצאַפּל — אַ ברונעם, פֿול פּיין און פֿאַר־

צווייפלונג. דאָס ברוינע פּנים — פינצטער אָצינד דאָ, פאַרחושכט... הויערט טאַקע אַזוי נאָנט שוין דאָס אומגליק איבער אונדזערע קעפּ?...

נאָר אונדזער העלקאַ איז נישט פון יענע, וואָס גיבן זיך אונטער! און דעריבער קלינגט עס באַלד דערויף אַזוי איבערצייגנדיק, ווען — מעשה אַרויספאָדערונג — זי וואַרפט פון דער בינע די ווערטער:

...„רייטער! אויפן פערד! אין בראַנד!
קעמפן מיט דעם מענטשנס שאַנד!"...

אַרויסגעוואַקסן פון באַלוטער ענגשאַפט, און זע, אַ וווּנדער! ס׳בליט און גערייעט מיט קאַמפלוסט און האָפענונג — דאָס בלימל:

...„אָ, די וועלט וועט ווערן שענער,
ליבע — גרעסער, שנאה — קלענער!"...

דער דיכטער קינדיקט־אָן דורך אונדזער העלקאַ נייע צייטן. איר שטי־מע איז זיכער און צערטלעך, באַרוישט מיט קינפטיקע פריידן און גרייט צו צאָלן פאַר זיי — אויב נייטיק — דעם טייערסטן פּרייז. דאָס טונקעלע פּנים — צעליכטיקט באַלד מיט בונטאַרישער נביאות, אויגן — שטור־קאַצן: ווער וועט נישט גלייבן?...

און דער עולם, אָנגעלאָדן מיט איר דינאַמישקייט, לאָזט זיך גאַרנישט באַנוגענען: ברויזט, שטורעמט, מאָנט מערער...

נאָר מיר ווייסן דאָס אַלץ פאַרויס, און זי, העלקאַ — האָט נאָך אַ גאַנץ בינטל מתנות, באַצייטנס פאַרגרייטע.

...„פון די פעלדער, ווי די זעלנער
נאָך אַ שלאַכט — צוריקגעקומען!"

און אַנדזשאַ איז אויך נישט ביי אונדז פון די לעצטע. אין וואַסער דערטרינקען נישט צו ווערן, אויפן פייער נישט צו פאַרברענען: אַ מויד — אַ קאָזאַק, אַ ברען!... נישט איין בחורעץ וועט נאָך, דוכט זיך, אָפּסמאַליען ביי איר זיינע פליגל; נישט איין מאַמע — פון די, וואָס אינעם זאַל דאָ — פאַרווינטשט זיך מיט אַזעלכע טעכטער...

...„מיט כוואַליעס געשוועסטערט —
געברודערט מיט שטורעם!"

## צו גאַסט ביי לידער

זי טרעט־אויס אַ גאַנג, און פונקען פליען פון אונטער אירע פּיאַטעס, פייער שפּריצט פון איטלעכן אות...

נאָר באַלד נאָך דעם — די עטוואָס באַסאָווע שטימע אַזוי ווי פאַר־ביטן, צערטלעך און מילד, ווי נישט אירע:

„...אוי, פאַר וואָס ביסטו נישט קיין מאַמע אַט אַזאַ,
ווי עס לייענט זיך דאָרט ביי מאַקסים גאָרקי?"...

ווויל, פיין, קיינער האָט נישט איבערגעפירט... דאָס האַרץ וואַקסט פון דער פייערלעכקייט, וואָס איז אויסגעגאָסן אויף די פנימער פונעם עולם, דאָס האַרץ וואַקסט פון ענטוזיאַסטישע אויסרופן און אַפּלאָדיס־מענטן...

און אחרון, אחרון: מורקע. דער טראָט ביי איר — טרומייטן־געשאַל, אויגאַטשעס — בליצן: זי ראַמפּלט „דעם מדבר אַנטקעגן"...

אַז מורקע דעקלאַמירט די אָ פּאָעמע, גייט אַלץ ביי איר כּאָדראָם. וואָס — זאָל? ווו — בענק און נאָך אַזוינע שטאָטישע שאַלעמויזן? אויסגערונען, נישטאָ גאָר!

ווייט און ברייט ציט זיך דער מדבר. וויסטעניש טריקנט פון מורקעס לעפצן: געל. הייס. גרויס — אַ ברעג נישט צו גרייכן... איינטאָניק די לאַנדשאַפט. קאַראַוואַנען... קאַראַוואַנען... טאַקע נאָר איינצושלאָפן אין וועג.

„...נאָר מיט אַ מאָל
האָט אין דער זון
דאָס אַקערשטאָל
אַ בליץ געטאָן".

מיטן שם המפורש פון דיכטערס וואָרט, מיט מורקישן האַרץ־צאַפּל, מיט דעם כישוף־שפּרוך, וואָס ליגט פאַרבאָרגן אינעם האַלבטאָן פון שווייגן, אין אויפברויז פון קול, אין דעם טעם־און ריח פון אַ גרימאַסע, אַ שמייכל, אַ בליק — ווערט פון ס׳ניי באַזינט און באַזאַפטיקט די זעונג.

„...קרעכצן טיף די סטאַדעס זאַמד".

פון דער וואָרטשאָל שיילט מורקע אַרויס דעם דיכטערס שוונג, ווי אַ קערן. זי חבלי־לידהוועט צו גלייך מיט אים. קלאַנג־קלינגעוודיק, ווויל־זינגעוודיק, הייס־פלאַטערדיק פאַרשמעלצן זייביידע דעם זאַמד אין מדבר־

שע טיגלען — ביז ס׳באַקומט זיך דער סאַמע גינגאַלד פון לעבן און שטרעבן:

„...און אַ ליד פון אויפשטאַנד זינגט די שטאָט
אין כאָר פון הענט״.

מורקעס טראָט — אַלץ זיכערער, אַלץ געוואַגטער. די אויגן — סומאַ־טאָכעס, נישט קיין אויגן. אויף האַרץ־ און ליד־באַראַט זי פּראַלט פאָרויס!...

„...אַ, שפּאַן פאָרויס, און שפּאַן געזונט —
אָרקעסטער פון רעוואָלט און בונט!״

— — — דונערט־אויס מורקע דעם סאַמע לעצטן אַקאָרד, און ס׳אַקאָמ־פּאַנירן איר די פאָנען, דאָס געשפּאַנטע שווייגן אויפן זאַל, טירן, פענצטער, ווענט....

און אָט ברעכט אויף פלוצעם דאָס שווייגן:
— בי־י־יס!...

און: — מורקע! מור־קע!

און — אַ פליעסקען: פאַנפאַרן — נישט קיין הענט...

איך ווער אומרויק. זאָל שוין זיין נאָך אַלעמען, כלעבן! ווי לאַנג קען עס די מורקע שטיין אַזוי אויף אַ בינע — אונטערן רעפלעקטאָר פון באַגייסטערטע בליקן? און וואָס טו איך, אַז ס׳פּאַלט איר איין פלוצעם — פייפן, צי אַן אַנדער מין שטות? ס׳נעמט מיך שווידערן; עלעהיי וואָס ס׳קאָן איינפאַלן אַזאַ ווילדער?...

נו — איבערגעקומען בשלום... מורקע נידערט אַראָפּ פון דער בינע, דעם קאָפּ — עטוואָס אָנגעבויגן אונטער דער באַרוישנדיקער לאַסט פון שבחים, וואָס הוידען נאָך, דוכט זיך, דעם זאַל אויף אַ שטורמישער כוואַליע. באַלד שטייט זי שוין לעבן מיר — גליקלעך־פאַרמאַטערט, ווי נאָך אַ געוווּנענער שלאַכט.

איך אָטעם אָפּ פרייער. נאָר אַ פייג איר צו וויסן מיין שרעק!...

פון די סאַמע צופרידענע איז אָבער גאָר — ד״ר סאָבעל... דער געלאַסענער, רויקער סאָבעל איז אין דער רגע בכלל נישט סטאַטעטשנע. רודערט מיט די עלנבויגנס, שטופּט זיך אַדורך דורכן עולם.

— מורקע! — פּלאַצט ער אַרויס אין איין אָטעם. — אַ לאָבוז ביסטו

טאַקע אַ גרויסער, נאָר היינט בין איך דיר מוחל אַלע דיינע ממזרייען:
אַ גאָלד איז ער געווען ביי דיר — דער „מדבר״ !...
ער שנעלט זיך אין באַק, ציט פאַר די האָר, ווייסט נישט — וואָס
אויפצוטאָן פאַר גרויס שמחה. און זי — ווי קיין מאָל גאָרנישט:
— גוט. אַז כ׳וועל אים זען, וועל איך אים זאָגן — דעם דיכטער...
און אסור, צי מ׳דערקאָנט, אַז דאָס מאַכט אויף איר דעם מינדסטן
איינדרוק. נאָר וועדליק איך קען מורקען... נישט דאָס, ס׳זאָל אויף אַ האָר
האָבן אַ וואַקל געטאָן זיך איר דעה — לטובת ד״ר סאָבעלס פּאָליטישן
צד: דאָס נישט — דווקא. איינס בין איך אָבער גראָד זיכער: בקרוב
וועט אַוועק ביי אונדז אַ סדרה לעקציעס, געהאַלטן פון אים טאַקע אַליין.
און ס׳וועט זיין שטיל, ווי אין אַן אויער: מורקע וועט היטן...

...„אַט אַזוי גייען מיר, די נשמות — פלאַקערן״...

---

באַלד דערויף האָבן מיר נאָך אַ זומער־קאָלאָניע: די לעצטע. סאַמע
אויפן שוועל פון דער מלחמה. אַ קאָלאָניע — פול מיט אומפאַרגעסלעכע
טעג און נעכט, געכפלט אין שעהען און רגעס...

...„אין הימל שווימט אַ וואָלקנדל — אַ וואָלקנדל אַן רו״

און די מלחמה־שטימונג פאַרציט שוין פלוצעם גאַנץ אַנדערש די כמאַ־
רעס אויף אונדזער הימל. די שמועות — צודרינגלעכער, און בולטער
אַלץ, און שאַרפער... נאָר עפעס גלייבט זיך אונדז יאָ, און נישט — אַז
מ׳מיינט דערמיט מיט אַן אמת. קאָנען מיר דען צו יענער צייט וויסן,
וואָס בכלל צו דערוואַרטן פון אַזאַ שוידערלעכער מלחמה?... און
ווי אַזוי גאָר זיך ריכטן, אַז

...„צוריק די שוועל אַריבער וועלן בלויז די נעמען —
זיך איינפאַסן אין רעמעלעך פון וויי״.

### בלומען פון מוט

ס׳איז שפעט נאַכט — נאָר די פאַרעקשנטע וויעס קוואַפען זיך אַלץ
נאָך ביי אונדז נישט צו שליסן, און וואַכע ליפּן ווילן נישט אויפגיין אין
דרעמל...

## מאַלאַשאַ מאַלי

„...געחלומט האָט דאָס ציגעלע ביינאַכט,
עס איז אין הימלבלוי אַריינגעריטן —"

ס׳שפּילט נאָך אַלץ דער רעגן אויף דער האַרץ־באַנדורע און וועלטן גאַנצע — אונדזערוועלטיקע, אַנדערוועלטיקע — וויקלען זיך אַרויס פון שפּעדיקן לידערהאָרן.

„...געקומען דער שונא און צינדט אין שבת־לייכטער די שרעק.
דער שבת איז אַוועק, אַוועק..."

טיף־נאַכט. ווונדערלעך באַנג און אָפּגרונטיק איצטער, און טרויעריק... מ׳ליגט זאַלבענאַנד אויף דער סאָפע — איך און מורקע;ביידע — לאַנג שוין פּיקס און פּאַרטיק צום שלאָפן. נאָר שטאָט צו שלאָפן זאָגט מען אַלץ „עברי".

„...פּלוצלינג אַ וויאָלאָנטשעל טוט אַ קלאַג אין אָרקעסטער".

מיר מישן די לידער־בלעטער מיט ליפּן, וואָס ציטערן ווי פינגער. הימלשפּאַלטעניש רופן זיך איבער אין האַרץ, אין זכרון. אויף נישט צום איינשטילן, אויף אייביק צו גילגולען. און אַנדערש, אוי — אַנדערש דער ניגון!...

„...פון שטאָל און אייזן, קאַלט און האַרט און שטום" —

טיף־נאַכט. מוראדיק באַנג און ווייאוּנווינדיק, אָבער נישט — איינזאַם... אַן אָפּגעראַטעוועט און רעסטאַווירט פּאָטאָ־בילד הענגט דאָ ביי אונדז צוקאָפּנס. פּיר און פּופּציק „בלומען פון מוט" בייגן־אָן צו אונדז די קעפּלעך. נאָך אַפילו נישט קיין בלומען: קנאָספּן...

„...דער מאָרגנשטערן איז נישט זויבערער פון זיי
און הייליקער פון זיי איז נישט דער הימל."

פּיר און פּופּציק... וואָס זאָגט אַזאַ מין צאָל דען? וואָס מיינט דאָס בסך־הכל אין אַ וועלט אַזאַ גרויליקער? אַ טראָפּן אינעם ים פון ביטערניש? איין סנאָפּ, אַ פּאַרברענטער — אין פעלדער, פאַרשרפעט פון שטורעם?... פּאַר מורקען מיט מיר מיינט אַזוינס פיל מערער: פּאַר אונדז ביידן זענען זיי אַ טייל פון די אַלע, וואָס זענען געגאַנגען און גייען און וועלן גיין נאָך „אַלץ העכער און העכער" — אין אַלע לעבצייטן, ווען אַזוינס איז נייטיק...

## צו גאַסט ביי לידער

„...ניין, ניין! ס'איז קיינמאָל נישט צו שפּעט, — — —
— — — — — — — — — —
מען קען אַ פאַלק אַן אויסגעהרגעטן שוין — ראַטעווען דאָך אויך...”

יאָ. אייך מאָל געשלאָסן יד אחת מיט יידיש, מיט מענטשיש — האָט אויך אונדזער „קאַפּעליע” געוווסט, ווי דאָס טייער צו האַלטן. און דעריי־בער איז אַ העכאַך גוטמאַנען נישט געלעגן שוין איצטער אין זינען צו „מעקן נעזער” פאַר אויפדעקן האַרציקע סודות (נישט יענע צייטן, נישט יענע...) — נייערט אינעם געטאָ־אויפשטאַנד געפירט אַ גרופּע צו קאַמפן.

„...זיי גייען פון דער מילע סאַג, פון בונקער,
זיי גייען פון די געטאָ־באַריקאַדן”.

פאַרשטייט זיך: אויך אַ פּאָעט האָט געהאַט בילכערע דאגות, ווי היטן דאָס געהיימעניש פון דיכטן. נאָך אַ סך פריער — איינער אַליין גראָד — אַרויס קעגן שונא, און אַריינגעוועבט זיין קיום אין אַלע לידער, די נאָך נישט געזונגענע...

„...לעבט נישט דער ניגון, ווען טיף אויף זיין גרונט
שטראַלט דאָס געביין פון געפאַלענעם שפּילער?”

און די בלאָנדע און ראָזעווע דאָראַ באַראַן מיט איר קינדישן, אייביק פאַרחידושטן שמייכל? — — — שטייענדיק אויף די פייער־פּאָזיציעס — אַלץ נאָך געליבט ליבשאַפטן, אַלץ נאָך פאַרצויגן ניגונים...

„...ווייל נישט פאַר זיך אַליין, זי האָט געליבט פאַר אַלע שוועסטער.”

און אַלץ נאָך געשמייכלט, געשמייכלט — דאָס שטענדיק פאַרחידושטע שמייכלען... די, וואָס וואָלט יאָ געקאָנט צווינגען אַראָפּצוווינען זיך אַ מאָל פון האַרצן, איז דאָך געוועזן אַזוי ווייט און די וועגן אַהין צו — פאַרשטעלט מיט האַרמאַטן...

איבעריקנס — צי איז דען נישט אַזוי אויך גענוג גרויס שוין דער ווייטיק? איז צו וואָס זשע נאָך צוגיסן ביטערניש צו דער ביטערער וואָר?...

און ווען די מערדיירים האָבן אַרומגערינגלט זייער בונקער, איז זי אַרויס פון די ערשטע — דורכצוברעכן אַ וועג פאַר די קעמפער.

מאַלאַשאַ מאַלי

אַט לויפט זי. אַ שיינע, אַ דרייסטע — פלאַמפייער! און ס׳זינגט דער גראַנאַט ביי איר אין האַנט, בעת זי וואַרפט אים אין אַ האָרדע דייטשן, וואָס צעלויפן זיך אויף אַ ווייל אין בהלה.

...„צווישן גראָזן מורמלט נאָך איר געזאַנג,
אויףביימער הענגט נאָך איר יוגנט-ליד.״

און די גרויאויגיקע, מילדע — וואָס פונעם בלויזן קוק פון אַ דייטשן הענקער פלעגן איינפרירן אין איר די געבליטן פון האַס און פון מורא, און פון דעסטוועגן האָט זי אויסגעפירט יעטוועדע שליחות מיט ליבשאַפט און אייפער. ווי אַ זעלבספאַרשטענדלעכקייט, ווי אַ געבאָט...

— „אפשר וועסטו, ר י ש אַ, נישט קריכן היינט דורך די דראָטן — מיט פיבער?״... וויל מען זי אָפּהאַלטן נישט איין מאָל. נאָר — נישט ביי איר...

— „מ׳דאַרף!״ — זאָגט זי. און קריכט.
די „מיזינקע״ אונדזערע... ווי לאַנג איז גאָר —

...„געשפּילט זיך נאָך אין הויף אין בלויזן העמד,
און אויף אַ באַנק — אַ באַן — אַרומגעפאָרן״.

ווי לאַנג איז עס אין גאַנצן, אַז ס׳האָבן זיך „מלאכים געשפּילט מיט איר אין שלאָף?״... ערשט, דוכט זיך, נעכטן איז דאָך געווען באַשלאָסן, זי זאָל זיין פון אונדזער שטוב די שוואַלב, די ערשטע — אויף צו פאַרלאָזן טאַטע-מאַמעס הויז און בויען אַנדערש ווו די נעסטן, און זינגען אַנדערשדיק די לידער —

...„הו, כנרת שלי״...

נאָר פלוצעם איז די וועלט געוואָרן פאַרקאַפּויערט — און מוראדיק איז זיך פאַרגאַנגען דער גילגול פון ניגונים:

...„ס׳האָט אַ פאַלק צווישן פאַלנדיקע ווענט
דאָס ליד געזונגען מיט נאַגאַנעס אין די הענט״.

ניין, זי איז שוין לאַנג נישט פרום, די ר י ש אַ, נאָר ביז אין לעצטער רגע: גוט און שטיל און ליכטיק...

...„אָ, נישט פאַרהיילט זאָל ווערן אין פאַרגעסנקייט
די אייביקע, די ווונד!״...

## צו גאַסט ביי לידער

איר — אין מרחקים סיבירער אָפּגעהיטן פון סכנות, ז י י — אין בראַנדיקן פייער...

...„עס דוכט זיך נאָר, אַז טויטע זענען טויט;
אַז לעבעדיקע — לעבן..."

---

אָט אַזוי קומען זיי צו אונדז; נישט בלויז — די „קאַפּעליע". אייגן פאָלק קומט צו אונדז — ריי נאָך ריי, שיכט אויף שיכט — אַ ל ע:
פונעם „אַקציע"־חלף גרויזאַם פאַרשניטענע —

...„נישט כולו זכאי, נישט כולו חייב,
נאָר כולו פאַרברענט."

העלדיש אין קאַמפן געפאַלענע, בעת אויספאַרשונגען פאַרפייניקטע, פאַר־לענדטע...

...„אשרי הגפרור, שנשרף והצית להבות."

אויך די — וואָס זענען אומגעקומען אויף ימען, ווייל פרעמדע, פיינטלעכע וועכטער האָבן אַכזריותדיק און אָן בושה פאַרשפּאַרט פאַר זיי די טויערן פונעם יידישן היימלאַנד.

און ד י, וואָס — פאַרטיידיקנדיק פון שונאים פרידלעכע, מיט אייגן בלוט און שווייס אויפגעשטעלטע יישובים — זענען אומגעקומען אינעם געראַנגל מיט אומגעבעטענע אפּיטרופּסים און אונטערגעהעצטע שכנים־באַפאַלער.

...„פון וואַרשעווער געטאָ ביז מלכות ישראל
ציט זיך איין יידישער פראָנט."

אַלע זענען זיי דאָ; סע פעלט נישט קיינער אין אונדזערער, אין דער געטרייער עדה. מיר זענען די אבלים, און ז י י פאַרלאָזן די קברים און קומען אונדז מוטיקן, טרייסטן:

...„פאַרגעסט נישט צו ל ע ב ן אויף קידוש השם!"...

אַלע האָבן זיי אַ חלק אין אונדזערע ניגונים און אומעטום זענען זיי פאַראַנען: אין שאַפונגען — געשניצטע־געצייכנטע, געזאָגט־און־געזונגענע, אין די חבלי־לידה פון נאָך נישט געפורעמטע;

אינעם גאָס רעגן, וואָס פליִיצט דאָ מיט שפע אויף היימישע פעלדער,
אין שוואַרצאַפּל פון אונדזערע פיינען און פריידן,
אין איטלעכער פאַרטיידיקונגס-מלחמה,

אין יעטוועדן אָנהייב פון דאָס ניי,
אין אַלע גאַנגען „אַלץ העכער" — פון דעם אַמאָל און פון היינט ביז אויף אייביק. און אַ גאַנג קען קיין שום פּאַרטיליקער נישט פאַרטיליקן, קיין בייזער שניטער — נישט פאַרשניידן. אַפילו ווען עס זאָלן חלילה פאַרשניטן ווערן נאָך וויפל ליכטיקע קלעטערער, שטייגער... און אפילו — מיר ווייסן נאָך גאָרנישט אויף זיכער —

„...פון וועלכן ווינקל וועט דעם שונאס מעסערבליק אויפבליצן?"

נאָר ווי שאַרף דעם שונאס האָס זאָל נישט שפּיזן מיט פּחדים — איינס איז זיכער: נישט מיט ברויט-און-זאַלץ וועלן ליכטיקע שטייגער אים גיין אַנטקעגן! (הלוואי זאָל מען עס בלויז נישט באַדאַרפן!...)

## אַזאַ נאַכט

אין דרויסן האָט דער רעגן געפּראַוועט הילולא וחינגא, און אַל דאָס פאַרגאַנגענע — באַנאַנד מיט דעם איצטיקן — איז ווידער אַ מאָל געווען וויטיקלעך נאָנט, און ליכטיק אַזוי, און — וויי-און-ווינדיק...

עס איז געווען שפּעט נאַכט...

„...נאָר ס'איז ניטאָ קיין פּרי און שפּעט
פאַר גלייביקע און טרוימער".

דער רעגן האָט אַן אויפהער געקעמט די ערד מיט נאַסע קאַמען, און זי — אַן אויפגעלעבטע, אַ דערמונטערטע — האָט אַריינגענומען אין זיך די פרישע, קילע לאַסקע און אַלץ געבעטן: מערער!... און ביי אונדז דאָ אין צימער האָט אַלץ נאָך געפלייצט מיט פּנימער, נעמען און לידער...

נאָר נאָך די דערמאָנענישן וועגן מיין רישאָ מיינט אפּנים מורקע — ס'איז צייט צו פאַרקירעווען אין אַן אַנדערע זייט...

— דיין וואַדי קערט מסתמא איצט וועלטן. — פּלאַצט זי אַרויס פּלוצעם.

— שוין! אַוועק יענע צייטן, ווען מ'האָט געקאָנט אַריינכאַפּן זיך צו דיר מיט אַ קאַצנשפּרונגל!

— אָבער — דער גאָרטן... דער גאָרטן... — נעם איך איין אונדזער אומער.

...„ערד און הימל זענען היינט פאַרצווילינגט,
מיט רעגן שמעקן די באַקן פון דער נאַכט".

יאָ, דער גאָרטן: באַלד שטייען מיר ווידער אויף דער סאָפּע, ווי אין אָנהייב, ווען די ערשטע טראָפּנס האָבן גענומען אַריינקאַפּען אין דער חמימה. דאָס פּנים אַרויס צו, צום אויפגעלעבטן דרויסן, די נעזער — צעפּלאַטשיקט אויף דער שויב; נישט קיין שויב — אַן אויסשטעל־פענצטער, פול מיט חידושים...

...„פאַרגיב מיר, גאָט — אויב איך וועל פלאַנצן
אַ ווייַנגאָרטן און טרינקען ווייַן" — — —

דער רעגן באַראַבאַניעט נצחונדיק אינעם פענצטער, ביימער שווימען אין לוזשעס. און מיין פּאַלמע — שיכור פון דעם שפּעהדיקן געשפּרודל — פּאַטשט מיט די בלעטער, פאַרגייט זיך...

...„סאַראַ עונג —
סאַראַ עונג רעגן!..."

— זעסט אים?... — טייטל איך אויף דער פאַרכליאַפּעטער שויב. — שפּילט, ווי אַן אָרגל — דער רעגן! און דער גאָרטן וואַקסט אין דער ברייט: זע, זע!...

— כ'זע — דער „שפּילפויגל" איז אַ קאַפּ אַראָפּ פון זינען!... אָדער — דער רוח ווייס דיך! אַזאַ קאַלדוניאַ, ווי דו ביסט... אפשר זעסטו, ווי אַ סאָווע — אין דער פינצטער? ווייל מיט מיינע מענטשלעכע קוקערס איז אוממעגלעך צו דערבליקן עפּעס וואָס אין דעם חושך...

— לאַך, לאַך! וועסט ערשט זען, וואָס ס'וועט זיך טאָן אין מיין גאָרטן נאָך אַזאַ מין „זריקה!" נאָר — אַ שטאָטישע — וואָס פאַר־שטייסטו?!...

— אוי, אַ דאָרפישע; נישטאָ וואָער ס'זאָל קייכן!

— זיכער — אַ דאָרפישע. אַן עדות טאָקע — דער גאָרטן!

נאָר אַז מ'שמועסט — אַ „דימענט"... אָט גייט אַוועק ביי דער מורקען אַ סדרה חוזק...

**מאלאשא מאלי**

...אַזאַ גאָרטן, ווו דער בוים
האָט זיך זיבן בלעטלעך קוים".

— ס'גייט דען בלויז אין דעם ביסל ירקות, אין די בלומען? — פאַרדריסט מיר שוין איצט מיט אַן אמת. — זיכער צו ווינציק אויף אַרויסצו־שלעפּן פון אַ צרה! אָבער אַז דו לייגסט אַריין מי — ווידערשפּעניקע — ווערט דיר במילא שוין טייער איטלעכע זיערנע... אומזיסט, מיינסטו, „זינגט" זיך עס ביי איינעם — — —

..."ווי נאָנט איז אַ גרעזל, אַן אייגנס
— ווי ווייט איז אין פרעמדקייט אַ הויז!"

ענדלעך איז זי מסכּים, מורקע — נישט אַזוי ווייט מיט מיר, ווי מיט דעם דיכטער. און אין דער רעגן־סימפאָניע קלינגט זיך ווידער אַריין אונדזער ליד; אויף צו געדייען, אויף פאַרשטומט נישט צו ווערן. טאָג־און־נאַכט, נאַכט־און־טאָג — דוכט זיך — אייביק.

— — — — — — — — —

ס'איז געוועזן 4 אַזייגער פאַר טאָג און אונדז האָט זיך אַלץ נאָך נישט געחלומט איינצושלאָפן...

„ווי שלאָפט מען איין, ווען ס'אויג איז פול מיט ליכט
און ס'האַרץ — מיט פיין?"

דאָס ליד איז געוועזן אַ פייערפויגל, אַ כּישופדיקער, און מיר ביידע — איך מיט מורקען — האָבן אַלץ נאָך געהאַוועט אַרום זיין זשאַר. דאָס ליד איז געוועזן אַ גאַנצע „קאַפּעליע", אַ טרוים אויפן וואָר און מיר ביידע — אַזוי מעכטיק פון אים געפאַנגען...

..."ווו זייט איר, רינגעלעך, רינגעלעך?"

אַלע האָבן זיי פאַרשניטן מיט אונדז בונדן און מיר זענען פול מיט זייער דאָזייך. אַזוי קלאָר... אַזוי וואָר...

..."און ס'גיט אַ שלאָג אַ שטראָם:
די וועלט איז מלא וווּנדער —
און דער מענטש, דער מענטש — נאָך מער!"...

נאָר מורקען פרעסט דער צווייפל:

— יאָ, — וואָרטשעט זי מיר. — אינעם ליד איז אַלץ „מלא וואונדער", נאָר אין דער אמתן — אָט האָסטו דיר, באַלד נאָכן חורבן: אַטאָם־באָמבע און בעסטיע אין מענטש־געשטאַלט — בעסטיע, וואָס באַדראָט ווידער אַ מאָל נישט בלויז קלעטערער, שטייגער, נייערט אַפילו — קינדער אין וויגן!...

— נו, אויב אַזוינע ווי דו זאָלן צווייפלען... — צאָרן איך שוין אויף מורקען — און די שאפער זענען דאָך אויסן ס׳פּאַרקערטע: נאַ, זע — וואָס פאַר אַ שיינע וועלט דו פאַרמאָגסט, און דיין נאָמען איז נישט — מ ע נ ט ש, אויב וועסט זי דיר לאָזן פאַרפּאַטשקען! אלא וואָס? ס׳טוט זיך חושך דערוויילע אויף דער וועלט — „מלא וואונדער?" איז איינגעשפּאַנט די ידיים, דעם שכל, צי וואָס מע באַדאַרף דאָ, און — איך קאַוויר דיר...

„...פעלדער וועלן ווידער בליען
ביי דיין שויב".

דער צווייפל — אויסגערונען ביי מורקען. די אויגן — צעגלימצערט מיט פייער־פונקען, און אָט איז זי ווידער גלייביקער פון גלייביק: ווי באַלד מען קאַווירט...

...ס׳וועט דער שניט אַזוי געראָטן,
הער, ער רופט"...

מיר זענען געווען שיכור פון לידער...

— אַזאַ נאַכט... אַזאַ נאַכט... — האָט איינע, האָט די אַנדערע פון מאָל צו מאָל געמורמלט.

...וועלט, איך שווער דיר ביי דער מאָרגן־שעה,
וועלט, דו ביסט דאָ".

— דאָס איינציקע, פאַר וואָס ס׳איז כדאי צו לעבן, איז פון דעסטוועגן — צו קאָנען דאַוועגען אָט די „עברי"... — האָב איך פעסטגעשטעלט, טויט־שיכור — ערב דעם איינשלאָפן.

— דאָס איינציקע, צוליב וואָס ס׳איז כדאי געווען אַרויסצוראַטעווען זיך פונעם אוישוויץ־גיהנום, איז — צו קאָנען הערן אַזאַ מין „בעל תפילה"...

— האָט צוריקגעעכאָט מורקע און דער שלאָף, וואָס מיר האָבן אים שוין, דוכט זיך, געהאַלטן פאַר אַ פאַלע — איז ווידער אַ מאָל פון אונדז אַנטרונען און די לידער־סדרה האָט זיך אָנגעהויבן פון דאָס ניי. אַזאַ נאַכט... אַזאַ נאַכט...

מ אַ ל אַ ש אַ  מ אַ ל י

— — — ס׳שאַריעט.

...„די גאָלדענע פּאַווע, די בריה,
שטייט אויפֿן שניידערס דאַך״

אַ סימן, אַז אָט איז ער דאָ שוין: פֿאַר מי האָרעפּאַשנער, פֿאַר
קלעטערן, שטייגן — דער ט אָ ג.

דניאל גרינצווייג איז אַ היימזיצער. מיידט נישט אויס אַריינצוכאַפּן זיך אַ מאָל אין קינאָ, אין טעאַטער, נו — אויף אַ גוטן קאָנצערט... אָבער סתם — אַרומשליאָנדערן איבער קאַבאַרעטן, צי קאַפעען, אָנהערן זיך און אַליין מאַכן פוילע וויצן? ניין. ס'פעלט אים נישט אויס צום רומל! און אַז מ'האָט שוין אין טאַש די גרייצערס — מוז מען דען קערן אַ וועלט?...

אמת — די שותפים לאַכן: „דניאל, וועסט שוין פגרן אַ שוטה: אַ דיטקע יענעם די ווערט, וואָס פאַרגעסט, אַז דייטשלאַנד איז איצטער אַ שאַנס!... ווייסט אפשר נאָך אַזאַ אָרט, ווו — פאַר אַ שמעק טאַבאַק — קענסטו אָפּקויפן ביי איטלעכן די גאַנצע וועלט?!...

טפו, ימח שמה — מיט איר „שאַנס", און מיט אַזאַ מין „גאַנצע וועלט!"... און די שותפים? כאַפּט זיי דער וואַטעמאַכער — ר'וועט דאָך נישט שעלטן קיין יידישע יונגעלייט! נאָר אים — האַרצט נישט, און — גאָר!... בפרט, אַז אסתר וויכט ערשט רעכט פון דער קאַבאַרעטן־לופט, ווי פון אַ מגיפה...

דער זייגער האָט געשלאָגן צוועלף. נישט קינאָ היינט, נישט — טעאַטער, איז ליגט מען שוין ביידע צייט אַ גוטער ווײַלע אין בעט, און, רייכערנדיק אַ לעצטן סיגאַרעטל פאַרן איינשלאָפן, דערציילט אויס פאַר איר דניאל די נייעסן פונעם טאָג.

דניאל איז אַ מבין אויף זיך: ער ווייס, אַז סוף־סוף וועט ער זיך אומ־קערן צו זיין פריערדיקער בוכהאַלטעריע־אַרבעט. אָבער דערווײַלע האָט ער מיט הענט און פיס אַריינגעדרייט זיך בעל כרחו אין דער האַוועניש דאָ, און די ביזנעס האַלטן אים פעסט אינעם קלעם.

דערביי פאַרדריסט אויך נישט ווינציק דער נאָמען, וואָס מע האָט עס צוגעקלעפּט צו דער האַוועניש זייערער: „שוואַרצהאַנדל" — אויף דניאלס קאָפּ!... ער פאַרשטייט נאָך — די יעקעס וואַרפן זיך: מען באַשווינדלט „נעבעך" זייער ווירטשאַפט... אייגענע אָבער, די שארית־הפליטה, וואָס עפּעס גיסט זי אויף זיי אויס די באָד?!... מיט אַרבעט נישט אין שטאַנד געווען צו פאַרזאָרגן: נישט אינעם לאַגער, און אויך נישט — אין שטאָט. שוין אָפּגערעדט וועגן אַרויספאָר־מעגלעכקייטן פאַר

אַלעמען מיט אַ מאָל. היינט צו וואָס זשע מאַכן פון עמעצן די „קרעציקע שאָף ?״...

נאָר ווי דניאל זאָל נישט האָבן געפּרוווט — אַזוי, אָדער אַנדערש — זיך גרינגער מאַכן דאָס האַרץ, איז ער אַלץ נישט געווען שווה בשווה מיט זיך. אָ, ווען ער זאָל בלויז זיין אַזוי תמימותדיק, ווי זיין אסתר !... האָט נישט קיין ברעקעלע יצר־הרע : אַלץ איז פּאַר איר געגנוג.

— מ׳דאַרף אַוועקפאָרן, נישטאָ וואָס צו רעדן — מ׳דאַרף אַוועק־פאָרן !... — האָט ער געזאָגט, אַרויסאָטעמענדיק האַסטיק דעם סיגאַרעטן־רויך אין אַ זייט.

— ב־ו־ו ?... — האָט אסתר אַ בליץ געטאָן מיט די שוואַרצע, שיף געשליצטע אויגן, ווי איינער זאָגט : דאָס איז דאָך געשריי.

— פּאַר ! אָבער — וווהין ? אין דיין ארץ־ישראל זוכט מען טאַקע מיט ליכט בוכהאַלטערס !...

— אַ דאגה דיר, דניאל ! — האָט זי לאַשטשענדיק פאַרוואָרפן דאָס שוואַרצע קעפּל אויף זיין האַריקער ברוסט. — נישט אויף בוכהאַלטעריע אַליין שטייט די וועלט : אַ חברה־מאַן אין דיינע יאָרן און מיט דיין אַרבעטלוסט וועט אין ערגעץ נישט ווערן פאַרפאַלן !... דערצו נאָך קען איך דאָך אויך עפּעס טאָן : לערערס דאַרף מען דאָרט דווקא, און גוט, וואָס מיט העברעיש בין איך גראָד „אין דער היים״... אַחוץ דעם : ד י י ן קאַנאַדע, אָדער מ י י ן ארץ־ישראל — מירן שוין פאַרטיק ווערן. אַבי — זע, מאַך אַ סוף צו די געשעפטן, מאַך אַ סוף ! דו ווייסט גאָרנישט, דאַניע, ווי מיר פאַרקריכן אַלץ טיפער אין זומפּ דאָ — מיט איטלעכן טראָט אויף דער טומאהדיקער ערד... — איר בליק איז געוואָרן דורכנעמענ־דיקער, די רייד — אָפּגעהאַקט, גיך : — אָך, דאַניעלע — טייערער... ווי וועקט מען אויף אין דיר פון דאָס ניי דעם זעלביקן דראַנג צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד פון די מערדער — ווי דעמאָלט, ווען מ׳איז קוים לעבעדיקע אַרויס פון קאַצעט !... די צרה איז בלויז, וואָס אַזוינע „מוזלמענער״ האָבן געטויגט, אין בעסטן פאַל, פאַרן שפּיטאָל ! איצט אָבער, ווען ס׳איז שוין יאָ דאָ מיט וועמען צו גיין צום טיש... — האָט זי געזאָגט, און ס׳איז איר נישט איינגעפאַלן אַפילו, אַז גראָד היינט טרעפט אים איר מאָנען אין אַ באַזונדערס אָנגעווייטיקטן אָרט, וואָס איז אין דער איצטיקער רגע פון איר נאָך פאַרהוילן...

פונעם הויף האָט אַ קאַשטאַנבוים מיט יונגן בלעטערצוויט געשפּאַרט סאַמע אין זייער אָפענעם פענצטער און אַ פויגל, היפּקענדיק אינעם געצווייג, איז עקשנותדיק פאַרגאַנגען זיך אין געצוויטשער.

אסתר האָט אַריינגענומען אין זיך די ריחות, די גערוישן פונעם גרינענדיקן בוים, דאָס צוצוויטשעווען פונעם פויגל און דערפילט באַשיימ־פערלעך, ווי ס׳קערט זיך אום צו איר ווידער די שלווה. אָט האָט מען דערלעבט נאָך אַ פרילינג — אַ פרייען!... אין דערבייאיקן צימער — מיד פון אַרומצאַפּלעניש, אַ זאַטער און אַ געבאָדענער, שלאָפט זייער יינגעלע, און לעבן איר דאָ — דניאל: דוכט זיך, וואָס קען אַ מענטש פאַרלאַנגען מערער נאָך אַל די וויסטע יאָרן פון פּיין און איינזאַמקייט, נאָכן פאַרלירן די ליבסטע?...

בלויז דניאלן איז אַלץ פּלוצעם געוואָרן איצט דערווידער. עפּעס איז גאָר אויסגעקומען, אַז היינטיקן אָוונט, גראָד דעם היינטיקן — ווען ס׳איז שוין פון פריער געווען ביי אים באַשלאָסן צו עפענען דאָס האַרץ פאַר אסתרן, דערציילן איר סוף־סוף זיין שטרויכלונג — יאָ, גראָד איצטער האָט דאָס אַריינבליקן פונעם בוים אַ מין טענה אין זיך. אָט שטייט ער אין דרויסן אַ האָפערדיקער אין זיין נייעם, בלענדיק גרינעם מלבוש און שאַרעוועט, דוכט זיך, מיט די בלעטערצונגען:

— „ווי קומט עס, דניאל גרינצווייג — ווי קומט עס?!“...

ער האָט אָפּגעזיפצט. מוז ער טאַקע מיטשלעפּן אסתרקען אין דעם זומפּ, אין וועלכן ר׳איז אַליין — אַזוי ווילדיק — פאַרקראָכן?... אַליין דאַרף מען אויך קענען אַרויסקאָפּען זיך פון דער שליוכאָטע: וואָס האָט ער צו אסתרן?

נאָר איר באַק האָט אַזוי פאַרטרוילעך גערוט אויף זיין אַקסל — און דאָס איז געווען אַ סך מער, ווי ר׳האָט געמעגט זיך איצטער פאַרגינען... ווען זי זאָל וויסן!...

דניאל האָט זיך אַ ציי געטאָן צום נאַכטשאַפּקעלע און אַריינגעוואָרפן אין אַשבעכער דעם נישט דערררייכערטן פּאַפּיראָס... „אַרויס דערמיט!“ — האָט ער זיך געזאָגט.

שוין אַ טעג דריי, ווי ער טראָגט זיך אַרום מיט וויזיעס — ווי אַזוי דאָס דאַרף געשען: וועט פאַלן אסתרן צו די פיס און אַרויסברענגען פון זיך אַזוינע רייד, וואָס זענען מסוגל צו רירן אַ שטיינערן האַרץ, אַ פשיטא

שוין — אסתרס... קען זיין — ס׳וועט צו מאָל אַפילו פאַרשטשעמען ביי אים אַ ווײַלע דעם גאָרגל אין מיטן דעם רעדן, אָבער — אַלץ איינס...

נאָר אַז ס׳האָט שוין געהאַלטן סוף־סוף אַזוי ווייט, איז ערגעץ ווו אויסגערונען פּלוצעם דער סדר: קיין פאַלן צו די פיס, קיין רייד „אַזוינע״, וואָס ווערן פאַרשטאַמלט אין מיטן... שטאָט דעם אַלעם האָט ער גאָר אָפּגערוקט זיך עטוואָס פון זיין אסתרן און, לאַכנדיק אַ משונה געלעכטערל, גענומען דערלאַנגען עפּעס אויסטערלישע דיבורים — בערך וועגן דעם, אַז מען קאָן נישט וויסן, וואָס סע שטעקט אין איינעם, אויב אַזאַ שטילער מענטש, ווי ער אַליין טאַקע, דניאל, איז אַזוי פּראָסט און פשוט גע־שטרויכלט געוואָרן, פאַרפלאָנטערנדיק זיך — — — מיט אַ דייטשקע...

די רייד, דאָס משונהדיקע געלעכטערל... אסתר האָט אויפגענומען דאָס אַלץ, ווי אַן אומגעלומפּערטן וויץ פון זיין זייט. אַ שטיפער איז ער, דער גאַנצער דניאל — וואָס אים קען איינפאַלן אויף איבערצושרעקן אַ „יידישע טאָכטער״!... — האָט זי מיטגעלאַכט און געהויבן די פּליי־צעס. געוווען אויך אַפילו אַ בעלן — אָנציליעווען אין דער אייגענער שפּיץ־נאָז דעם גראָבן פינגער פון איר רעכטער האַנט און פאַרקייטלענדיק דעם קליינפינגער פון דער זעלבער אינעם אַגודלעך פון דער לינקער — האָט זי מיט אַלע זיבן פריי געבליבענע „גאָפּעלעך״ אָפּגעשפּילט אים פייערלעך אַזאַ מין טשודנעוואָטע־פליטלדיקן זמר אויף איר נאָז. אַ זמר — נאָך פון די ציגענע יאָרן, וואָס מיינען האָט עס געדאַרפט: „ס׳זאָל דיר זיין אָנגעדרייט — פאַר דעם טשאַקען!״...

נאָר אַז דניאל, נאָך אַלץ מיט יענעם געלעכטערל, האָט צעקנעפּלט ביי זיך די פּיזשאַמע־בלוזע און באַוויזן אַ פרעמדן, לענגלעך פאַרלאָפענעם רויט־בלאָען צייכן פון ציין אויף זיין אַקסל — ערשט דעמאָלט איז דאָס אומגלייבלעכע געוואָרן פּלוצעם מוראדיק וואָר...

באַלד זענען געקומען אויך פּרטים:

די „באַקאַנטשאַפט״ איז געשלאָסן געוואָרן אין די אַמט־צימערן ביי אַ מאַכער, בעת דניאל האָט געדאַרפט אַרויסבאַקומען די געמלאַכהנטע אַריינפאָר־דערלויבעניש אין עסטרייך פון וועגן געשעפטלעכע צוועקן. ווי ס׳שיקט זיך איצט אין אַזוינע פאַלן, האָט יענע פאַרזיכערט — זי איז „האַבל־יודין״ און דערציילט אים אַ באָבע־מעשה וועגן טויט פון איר פאָטער, דעם כלומרשטן יידן... דניאל איז זיכער — ס׳איז פון אָנהייב

ביזן סוף נישט געשטויגן, אָבער בשעתו האָט זיך אים געוואָלט איר גלייבן...

אוודאי ווייסט ער — סע טאָר נישט, ס'וועט מער נישט געשען. זיכער פאַרשטייט ער — ס'האָט באַלד נישט געדאַרפט קומען גאָר צו אַזוינס...

דאָס קול זײנס, אין אָנהייב — גרילצנדיק, כמעט פרעמד, איז איצט געווען דווקא באַזאַכט און היימיש ציטערדיק, ווי פאַרטרערט. אויך דאָס געלעכטער'ל האָט שוין צייט ווען נישט געסטייעט, בלויז אסתרן האָט אַלץ געדוכט זיך — סע לאָקערט און לוגט נאָך ערגעץ ווו אויף זיין ליפ.

דניאל האָט אַלץ געדעדט אַזוי און געטענהט, נאָר מיט אַ מאָל איז ביי אים אויסגעקומען — זי הערט זיך נישט צו... טאַקע: דאַרף נאָך אויסשטיין זיין ליגן דאָ און אַראָפּרעדן זיך פונעם האַרצן! ווייל אַזוי איז אים גרינגער? ווייל פון איר, פון אסתרן — דאַרף ער נעמען איצט כוח זיך אָפּצורייסן פון יענער?...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן. ווידער און אָבער — צעקייט אין זיך דאָס געשעענע און געווען מלא כעס אויף זיך אַליין דערפאַר, וואָס זיין האָס צו דער ליזכען האָט פון דעסטוועגן צו טאָן בלויז מיטן שכל... נאָר וואָס איז שוין דער מער מיט אָט דעם שכל, אויב יענערס צערט־לעכקייטן זענען בעת מעשה געווען הוילער תענוג?... נאָך איצט־אָ, דערמאָ־נענדיק איר הייסן אָרעם אַרום זיין האַלדז — קען ער קוים דערשטיקן אין זיך אַ מין גלוסטיק צאַפּעלע, וואָס כליאַסקעט דורך זיין גוף ביזקל העט, אַזש סאַמע אין די שפּיץ פינגער...

נאָר — אויס דערמיט, אויס!.. שוין היינט, זונטיק — איז ער ביי איר נישט געווען. און קומט ער אויך מיטוואָך נישט, ווי דער שטייגער — וועט זי האָבן אַ סימן: ס'איז אויס! וועט מסתמא נאָך אָפּזוכן אים, נאָך אַ מאָל פּרווון פאַרלאָקן, נאָר — ניין... צום טייוול, גענוג געשטעקט אין געמויזעכץ, גענוג!... און אויב ס'זאָל נאָך אַפילו אַ צי טאָן, ווי פעך: צוגעזאָגט אסתרקען, איז דאָך — קודש!...

און — מאָדנע: אָט האָט זיך אין אים ווידער אַלץ ווי געביטן. דאָס צאַפּעלע צו יענער — עלעהיי נישט געווען גאָר. ווי נישט איין מאָל שוין ביז אַצינדער, איז ער זיך אויסגעקומען גראָד, ווי אַ שרץ: ס'האָט אים געעקלט פון זיין אייגן לייב און די קליינע וווּנד אויף זיין אַקסל, צו וועלכן

אסתר האָט נאָר וואָס געטוליעט זיך מיט דער באַק — האָט ער איצט אָפּגע־
פּילט, ווי אַ מין צרעת...

פאַרגנבעטערהייט האָט דניאל אָפּגעזוכט אסתרן מיטן בליק. איבער
דעם פוסטעווענדיקן טייל פונעם בעט־געלענדער, וואָס האָט שרײַיק ווייס
און פרעמד געהויערט צווישן די ערשט אין ליבשאַפט געאייניקטע און
פּלוצעם אָפּטריניק דערווייטערטע לייבער — האָבן זייערע בליקן זיך
אָפּגעפונען אויף אַ ווייל און, ווי צעקריגטע פייגל, אָפּגעפלויגן בהלהדיק
פון אַנאַנדער.

דער אופן, ווי זי איז געלעגן צונויפגעקנוילט אַזוי ביים בעטראַנד —
אַן אומבאַשיצטע און נישט באַגרייפנדיקע, פאַר וואָס מ׳האָט איר אָקאָרשט
אַזוי אכזריותדיק דערלאַנגט איבערן קאָפּ — האָט געוועקט אין אים אַ ים
מיט צערטלעכקייט און רחמנות. ער האָט געוואָלט צופאַלן צו איר און
אַוועקקושן כאָטש אַ טייל פון דעם ווייטאָג, וואָס ר׳האָט געברענגט אויף
איר מיט זיין אויסגליטש, נאָר אַן אומווערדיקער, ווי מ׳איז — ווי קען
מען זיך גאָר דערוועגן ?...

און וואָלט כאָטש אסתר געווען פון יענעם מין פרויען, וואָס יאָמערן,
אָדער דערגייען סתם מיט פאַרווורפן די יאָרן — וואָלט דאָס אים אפשר
געקענט זיין אַ וואָסער נישט איז ביישטאַנד אין דער איצטיקער שעה.
אָבער אַזאַ, ווי זי איז...

נאָר דאָס אַלץ זענען דאָך בלויז געווען טראַכטענישן; און די רייד,
וואָס ר׳האָט יאָ געברענגט פאַרן מויל דאָ, דאָס לאַכן, וואָס גרילצט נאָך
איצטער אין אסתרס געהער — אַלץ דאָס איז געווען, ווי אַ בראָכשטאַנג,
וואָס טרעפט איצט אין סאַמע תוך פון איר לעבן...

מיט אַ מאָל איז דאָס אייגענע לעבן געוואָרן אַ לעכערדיקער עמער,
פון וועלכן ס׳זענען אומזיסט און אומנישט אויסגערונען אַלע גוטע יאָרן
מיט דניאלן. בלויז אויפן דנאָ האָט, ווי בליי, געשווערט די באַהעפטונג
פון איר מאַן — דעם  י י ד  — מיט „דייטשער ווייבלעכקייט"...

און וואָלט ער כאָטש נישט אָפּגערוקט זיך פון איר אין דער רגע! —
האָט זי געטראַכט. און צו דעם גאַנצן ראַמש אומבאַגרייפלעכקייטן, וואָס
האָבן היינטיקע נאַכט דאָ געשווערט אויף איר מוח, איז צוגעקומען נאָך
איינע: ווי אַזוי קען געמאָלט זיין, אַז איר לייב, וואָס ווערט שיער נישט
צעריסן פון פאַרביטערונג, פון לייד און פון כעס, כמעט האָס צו דניאלן —

דאָס זעלביקע לייב זאָל אַזוי אומזיניק לעכצן נאָך דעם באַריר פון דער אייגענער האַנט, וואָס האָט אָקאָרשט געשפּאָלטן איר לעבן ?...

אויפן נאַכטשאַפקעלע האָט סומנע טיקטאַקעוועט דער זייגער.
„ער דאַרף מיך נישט —
דאַרף מיך נישט —
דאַרף נישט"...

צובאַסעווענדיק דעם טעמפּן, איינגעעקשנטן ריטעם פון דער אָנגעשטעלטער כּלי, האָט אסתר מעלה־גרהט אַ געדאַנק — ווי אַ שילערין, וואָס קען נישט פּאַרטיק ווערן מיט אַ שווערער לעקציע.

קיין מאָל האָט אסתר נישט געפילט אַזאַ מין ביטערע איינזאַמקייט און פאַרשעמונג, ווי אַצינדער...

נאָר מיט אַ מאָל האָט זי זיך גאָר דערפילט זייער מיד. אַזוי מיד, אַז ס'האָבן נישט געקלעקט מער קיין כּוחות בייז צו זיין אויף דניאלן און אפילו אויך נישט — צו באַגערן זיין ליבשאַפט...

ווען ס'וואָלט בלויז מעגלעך געווע איינצושלאָפן: איינשלאָפן און נישט דאַרפן ווידער אומקערן זיך צו דעם לעבן, וואָס קאָן אַזוי וויי טאָן!

נאָר דורך דער צעעפנטער טיר פון דערבייאיקן צימער האָט זי אין דער שטומעניש פאַרנומען דאָס קינדישע אָטעמען — און ס'איז איר איינגעפאַלן, אַז אַ מ אַ מ ע טאָר זיך אַזוינס גאָר נישט ווינטשן...

אָ, ווען זי אַליין וואָלט האָבן לעבן זיך איצט אַ מאַמע, אַ שוועסטער!... ווער שמועסט — די מומע סערקע ?...

יאָ — געווען אַזאַ איינע, וואָס האָט באַשיינט און באַקריינט איר קינדהייט, איר יוגנט... די מאַמע פלעגט אויפשטיין קאַיאָר — באַנאַנד מיטן טאַטן איינצושאַפן חיונה, בעת די מומע, אויפגעהאָדעוועט ביי זיי אין שטוב, ווייל זי איז געווען אַ יתומה, האָט גענומען אונטער איר אויפזיכט די באַלעבאַטישקייט און די קינדער. און געווען איז זי מיט זיי איין האַרץ און איין נשמה. דאָס קליינוואַרג האָט געקלעפּט זיך צו איר, ווי צו האָניק...

טאַקע: וואָסער טרייסט וואָלט היינטיקע נאַכט דאָ געפונען פאַר איר יענע אומפאַרגעסלעכע מומע ?... וואָלט אפשר געווען זאָגן: „שלאָף, קינד־לעבן! מיר האָבן אַ גרויסן דאָקטער — די צייט: ס'וועט שוין גוט זיין."

נייִן, וואָלט גאָרנישט זאָגן מסתמא. בכלל נישט געדאַרפט רעדן. בלויז — דאָ זייִן...

און אָט איז ער איינגעדרעמלט פון דעסטוועגן — דאָניע, בעת זי וועט, דוכט זיך, אייביקייטן ליגן אַזוי־אָ אַ וואָכע און טראַכטן...

כאָטש אויך אים איז, ווייזט אויס, נישט צו ווויל איצט: שליידערט זיך אומרויִק, אויקעט און זיפּצט אינעם דרעמל, גלייך ס׳זאָל אים מוטשען אַ חלום — נישט ווינציקער בייז פון דער וואָר.

אָט איז ער איינגעשלאָפן אָן אַ גוט וואָרט פון איר זייט, אָן דעם ברעקעלע מילדקייט, אין וועלכן ער האָט זיך דורכויס אפשר גענייטיקט, בעת ר׳האָט אַזוי אומגעשיקט אַרויסגעבראַכט פאַר איר היינט זיין אויס־גליטש. עפּעס האָט ער דאָך באַצוועקט דערמיט אַוודאי, אויב ר׳האָט שוין יאָ געפּועלט ביי זיך אָנצוטאָן איר אַזאַ ווייטאָג!...

נאָך אַלעמען קען זי דאָך אים אייגנטלעך צו גוט, איר דאָניען, און פון אַהינטער וויפל שטעכיק־ביטערע שאָלעכצן וואָלט זי, ווי אַ יאָדער, געמעגט אַרויסשיילן דעם טיפן ווייטיק, וואָס מוז דאָך ערגעץ ווו שטעקן הינטער דער אומגעלומפּערטקייט פון זייַן איצטיקן אויפפיר... נאָר ביי איר, ביי אסתרן, האָט פשוט נישט געסטייעט דערויף איצט קיין חשק.

און אפשר... אפשר איז איר דאָניע גאָרנישט שולדיק? דאָס דאַרף זי גראָד טאָן פאַר אים עפּעס מסתמא — און איז עס נישט מסוגל?... דאָס לעבן האָט פשוט גענומען איר אויף אַ פאַרהער און זי איז דורכ־געפאַלן — דורכגעפאַלן כדבעי... — האָבן טראַכטעניש קאָפּשווינדלעריש דורך אַנאַנד געצוקט אַזוי, געווירבלט, זיך געריסן, ווי אין פיבער, און דאָס איז נאָך נישט געווען די לעצטע געדאַנקען־באַדרענגעניש, וואָס האָט אין דער לאַנגער וואַכנאַכט געפּערטלט איר מוח.

---

ווי נאָר ס׳האָט דניאלן אויסגעוויזן — די ערשטע אויפטרייסלונג איז אַריבער בשלום און דאָס געשעענע האָט נישט אָפּגעפרעמדט פון אים אסתרס האַרץ, האָט ער מיט אַלע כּוחות באַמיט זיך צו פאַרגיטיקן איר, טיילווייז כאָטשבי, דעם דורכגעליטענעם ווייטיק.

און אסתר?... וואָס איז איר, איבעריק, געבליבן, אויב נישט — טוליען זיך צו אים מיט איר טאַקע שוין איבערגעבראָכנטן, אָבער פאָרט נאָך

ערגעץ ווו טליענדיקן העלישן לייד־בראַנד? נאָר כאָטש די צייט האָט, ווי אַ מילראָד, געקייקלט אומענדלעך די טעג, האָט זי אָבער נישט באַוויזן צו צערייבן אויף שטויב דאָס געשעענע...

— — — ס׳איז פרילינג. די ערד — אויך די דייטשע ערד שפּראָצט און גרינט... פאַרלעך שפּאַצירן געאָרעמט אין גאַסן, פאַרקוקט גלייביק אין קומענדיקע באַגליקונגען, וואָס דאָס לעבן טראָגט פאַר זיי גרייט אינעם בוזעם; בלויז זי, אסתר גרינצווייג — — — וואָס פאַראַ באַגלי־קונגען קען זי שוין דערוואַרטן נאָך דעם, ווי איר יונגיאָריקייט האָט אָפּגעפּינצטערט אין קאַצעטן און אַ שפּאָר ביסל קוואַליקע לעבנס־לוסט איז דערשטיקט געוואָרן אין איר מיטן פאַרלירן די נאָענטסטע?... און צו אַלעם דעם נאָך — די איבערלעבעניש דאָ, די לעצטע!...

נאָר מענטשן פלעגן קומען אין זייער הויז, ווי דער שטייגער, און אסתר האָט אַרויפגעצויגן אויף אירע ליפּן דעם געוויינלעכן שמייכל, ווי מ׳ציט אַרויף אויפן לייב אַ קלייד — צו פאַרבאָרגן די נאַקעטקייט פון פרעמדע בליקן... בלויז טייל מאָל, אין מיטן פון אַ סאַמע גלייכגיל־טיקן שמועס, האָט אַ נעפּל געקאָנט ראַפּטעם פאַרציען איר אויג, און זי האָט געדאַרפט אַרויסדרייען זיך מיט עפּעס שטאַמלענישן פון וועגן אַן „אומדערטרעגלעכן קאָפּווייטאָג״, וואָס לאָזט נישט צו רו...

נאָך אַלעמען האָט זי דאָך געוואָלט פאַרשטיין דניאלן און איז אַפילו נישט צו פיל בייז געווען אויף אים פאַר דעם געשעענעם. אָבער אין די טיפענישן פון דער אָ באַרייטוויליקייט צו פאַרגעבן האָבן זיך געצאַפּלט בונטן, און די פריערדיקע גלייכגעוויכט האָט מער נישט געסטייעט.

אַ שפּליטער לוסט מיט אַ פרעמדער פרוי — נו, דאָס ווייסט מען! זינט מ׳איז ביידע געקומען צום שכל, פלעגט מען דאָך סיי איר, סיי אויך דניאלן פאַרוויגן מיט אַ „פּזמון״, אַז „מאַן און פרוי — דאָס זענען צוויי וועלטן: דער מאַן איז קאַפּאַבל אויסצושטראַלן די אַנטשפּאַנונג אויף מערערע סוביעקטן פונעם אַנדערן מין, בעת די פרוי״...

אמת — עפּעס דערמאָנט זי זיך, אסתר: דער מאַמעס שוועסטער, טאַקע — די זעלביקע מומע סערקע, וואָס פלעגט זיך אויסטיילן פון דער אַרומיקער סביבה, ווי אַ בעז־צווייגל פון צווישן קראָפּעווע — האָט, שמייכלענדיק אין זיך אַריין, אויף איר שטייגער — אַ זאָג געטאָן אַ מאָל ביי אַ געלעגנהייט:

— „אַ טעות האָט יענער, וואָס מיינט, אַז ס'זיינען פאַראַן צוויי מאָסן פאַר איין און דעם זעלביקן יהי־רצון!"...

אויף וויפל ס'געדענקט זיך, האָט קיינער זיך נישט געקוואַפּעט צו געבן דער מומען גערעכט... וואָס שייך איר אַליין, אסתרן, האָט איר שטענדיק אויסגעפּעלט פּשוט די נייגעריקייט צו פאַרטיפן זיך אין דעם ענין; שוין אָפּגערעדט וועגן דערפאַרונגען, וואָס זאָלן באַשטעטיקן אָדער אָפּשפּאַרן די טעאָריע וועגן „צוויי וועלטן". צו דעם נאָך: האָט זי איינעם ליב באַקומען — איז אַלץ, וואָס דער האָט איר געקאָנט אָפּטאָן, סוף כל סוף געווען ביי איר רעכט; ווי שקאָצערייען קינדישע, וואָס זענען טאַקע פריקרע, אָבער — פאַרגעבלעך גאָר אָן אַ שיעור... און אַזוי איז איר אויך נישט צו שווער געווען אויסצושטיין אַ וועלכע „ליבעריי", וואָס פלעגט צו מאָל אויך ביז איצט פאַרטראָגן דאָניען אויף אַ פרעמדע סטעזשקע. נו, יאָ. אויב ס'האָט אַפילו געפיקט אין האַרץ אַ ברעקעלע ווייטאָג: וואָס איז שוין דער מער?.... אָבער — אַ ד י י ט ש ק ע?... ניין. אַל דאָס פריערדיקע איז געווען עפּעס אַנדערש, און די איצטיקע איבערלעבעניש וואָלט איר, אסתרן, געמעגט אפשר בלייבן פאַרשפּאָרט.

נאָר ביסלעכווייז האָבן אָפּגעצאַנקט אין איר אויך די פרעגענישן, די בונטן, דער ווייטיק. זייער אָרט האָבן פאַרנומען טראַכטענישן — טראַכטענישן גאָר אָן אַ צאָל: וועגן דער סודותדיקייט פון אַ מענטש־לעכער נשמה, וועגן דער מסוכנדיקער מאַכט פון תאווה, און וועגן דעם, ווי טיף סע קאָן זיין דער אָפּגרונט פון לייד. און די פּאָר דערקענטעניש, מיט וועלכע זי איז רייף געוואָרן פאַר דער לעצטער צייט, זענען געווען ווי אַרויסגעשניטן פון איר אייגענער ריפּ.

---

נאָך אַלעמען איז אפשר דער דורכגעלעבטער ווייטיק נישט געווען פאַר אסתרן קיין פאַרלאָרענע זאַך: אומגעריכטערהייט האָט די גע־שעעניש געעפנט פאַר איר נייע געפיל־שטראָמען, וואָס האָבן פאַרקירע־וועט גאָר איר לעבן אין אַ כישופדיקע, ביז אַצינד נישט באַטראָטענע געגנט, ווו אַלץ איז רייצנדיקע פאַרלאָקונג...

שפּירענישן, קיין מאָל נישט געוווּסטע, האָבן מיט אומבאַקאַנטער צערטלעכקייט גענומען צעבויטען ביי איר די געבליטן, אויסטערלישע

רעגונגען האָבן געשמיצט זיך אין געשליידער און געמאָנט אין איר באַשייד.

זי האָט געדאַרשט נאָך לאַסקע, ווי אַ פעלד דאַרשט נאָך זון און נאָך רעגן, און איר האַרץ איז פּלוצעם איבערוועלטיקט געוואָרן פון אַ געשטייגערטער, באַנייטער גלוסטעניש צו דניאלן... און נישט בלויז צו אים: אין איר בלוט האָט געברוישט איצט די בענקשאַפט צו מענער — צו פרעמדע מענער — צו אַלע מענער פון דער וועלט...

ס'איז גרינג צו זאָגן: צו אַלע... אסתר איז גאָרנישט געווען אַזוי זיכער, צי זי וואָלט טאַקע איינגעוויליקט צו שטילן איר בענקעניש אַפילו בלויז אין אַן איינציקן קוואַל פון פרעמדער מענלעכקייט. אָבער טייל מאָל האָט אַזוינס פון דעסטוועגן אויסגעזען איר צו זיין מעגלעך...

אסתר איז איצט געווען אין כסדרדיקן קריג, אין קידער־ווידער מיטן אויפגעוואַכטן בלוט, מיט די וועלענישן, וואָס האָבן געהויבן זיך אין איר — שפּאָגל נייע.

זי האָט געפּרוווט זוכן הילף ביי דניאלן און באַלד איינגעזען, אַז אַזאַ נאָענטער מענטש איז אייגנטלעך דער לעצטער, מיט וועמען מע קאָן איבערהויפּט וועגן אַזוינס רעדן...

ער איז געווען גליקלעך, וואָס אסתר געדענקט אים נישט די שווערע שטרויכלונג און אויך פון דער צערטלעכקייט, וואָס גראָד נאָך יענער איבערלעבעניש האָט זי דווקא זיך צעשפּילט אין איר מיט נאָך מער חנען...

נישט דאָס — דניאל זאָל האָבן געצווייפלט אַ מאָל אין דער שלימות־דיקייט פון איר ליבע... פונעם סאַמע אָנהייב פון זייער צוזאַמענלעבן, נאָך פאַר דער מלחמה — איז זי דען נישט געווען פאַר אים אַזאַ מין אומגעוויינטלעך לויטערער און פרישער און נישט צו האַסטיק שלאָגנדיקער קוואַל: אַ קוואַל מיט כל מיני מחיהדיקע זשורטשענישן אַזוינע, וואָס נורטעווען אין די טיפן און זענען, דוכט זיך, ווי אָנגעמאָסטן פאַר זיינע דאָרשטן?... און איז דען נישט דאָס טאַקע די סיבה, אַז פון וואַסערע ברונעמס ר'זאָל נישט האָבן טועם געווען — ציט עס אים אַלץ צוריק צו דעם איינציקן, אומפאַרגלייכלעכן מקור?...

יאָ, דער אמת איז, אַז ער פון איר פלעגט איטלעך מאָל פון דאָס ניי ווערן שיכור, נאָר צי דען — זי פון אים אויך?... פריער, בעת ער פלעגט

זי צערטלען, האָט צו מאָל אים פון דעסטוועגן אויסגעוויזן — זי איז נישט הוילע פאַרכאַפּטקייט, באַגלייך מיט אים. עפּעס אַ שפּעלטעלע בלייבט ווי ניכטער אין איר האַלב געשלאָסענעם אויג און פאַרשטערט אים עטוואָס די שמחה... איר ליבשאַפט, וואָס איז אַצינד שטענדיק געווען אַ מין ים, אַ צעוויגטער אין אַנפלייץ, האָט דעריבער באַקומען פאַר אים אַ נייעם, אומפאַרבייטלעכן ווערט; און ער האָט לחלוטין נישט בדעה געהאַט צו לאָזן זיך אַריינציען אין די לאַבירינטן פון דער „גרויסער דיסקוסיע" — ווי ער פלעגט דאָס אָנרופן האַלב ערנסט, האַלב אין שפּאָס. אויף אַלע אירע ראַנגלעניש, אויף יעדן קידער־ווידער מיטן אויפגעוואַכטן בלוט האָט ער געהאַט איין פיקס און פאַרטיקן ענטפער: די „טעאָריע" וועגן „צוויי וועלטן"...

---

נישט אַזוי גרינג האָט אסתר איינגעוויליקט אָנצוטאָן זיך דעם תענוג און ווערן אַ דאַטשניצע אין אַ בייערישן דאָרף ערגעץ; אַ דאַטשניצע, ווי פריער, אין דער ליבער היים, להבדיל — ווו אַלץ איז געווען אַזוי אַנדערש...

— זע, ווי דו קוקסט אויס — אסתיק!... — האָט דאָניע באַנאַנד מיט אַ פּאָר גוטע פריינד זייערע נישט איין מאָל געפּרוּווט איר איבעררײדן. — נאָך דעם אַלעמען, וואָס מ'האָט איבערגעלעבט, ווּעסטו גיין זיך שפּילן, מישטיינס געזאָגט, אין פּרינציפּן ?...

נאָר ביי אסתרן איז דאָס נישט געווען קיין ענין סתם פון „פּרינציפּן", נייערט זי האָט פּשוט נישט געקענט ביי זיך פּועלן... ערשט נאָך דעם, ווי אַ זלידנער קאָקליוש־הוסט האָט אַ ווינטער־לאַנג אָפּגעמוטשעט זייער אברהמעלען, באַנאַנד מיט מאָזלען און שקאַרלאַטין־צוטשעפּענישן פאַרשלעפּנדיק זיך ביי אים ביז ווייט אינעם פרילינג — האָט שוין אסתר אַ מאַך געטאָן אויף אַלץ מיט דער האַנט. צוריק געשמועסט — איין עבירה מער, איינע ווינציקער: ווי באַלד מע שטעקט אַלץ איינס אין דעם פאַרשאָלטענעם לאַנד...

און — הלמאי זאָל זי לייקענען ? סיי פאַרן קינד, סיי אויך פאַר דער מאַמען, איז גאָרנישט שלעכט דאָס פּראַווען זומער אין דער־אָ ווילע, וואָס שטייט אויף אַ בערגל אין וואַלד!... אַ שאָד בלויז, וואָס דאָניען

האַלטן אַלץ דאָרט די ביזנעס געפאַנגען אין שטאָט און ער קען רק אין די שבתים אַריבערכאַפּן זיך צו ווייב און קינד...

— — — דער קאַלענדאַר האָט שוין לאַנג געוויזן אויף האַרבסט, נאָר — אַ שטויביקע און מיד־פאַרמאַטערט פון דער טשמעליענדיקער זון, האָט די שטאָט געדאַרשט אומזיסט נאָך רעגן און אסתר, וואָס איז געקומען אַהיים אויף אַ ווייל, בכדי איינצוקויפן אַ ביסל נייטיקע זאַכן פאַר איר דאַטשע־ווירטשאַפט — אסתר האָט ממש געקערט וועלטן: געוואָלט אויף ס׳כוח איבעררײדן דניאלן צו פאַרלאָזן דעם גאַנצן טאַראַראַם דאָ און פאַרברענגען די לעצטע הייסע טעג מיט זיי אינעם דאָרף.

נאָר ער — ס׳זייניקע:

— אין רעכטן ברען פון אַזאַ משא־ומתן? ניין און ניין!... — און פאַרחתמעט מיט אַ קוש.

צי טאַקע בלויז — געשעפטלעכער עסק?... האָט אַ דויבע געטאָן פלוצעם ביי איר אינעם מוח; און כאָטש ס׳איז אייגנטלעך נישט געווען קיין שום גרונד פאַר אַזוינע פאַרדאַכטן, האָט אסתר גלייך אויפגעהערט אים צו מאַניען מיט זיך.

נאָך מיטאָג האָט דאָס וועטער אומגעריכט זיך געביטן. אַ ווינט איז ראַפּטעם אָנגעפלויגן פון ערגעץ ווו מיט געווירבל און דער הימל — געלאָדן אויף גיך מיט כמאַרעס — האָט געזאַמלט די כוחות צום שטור־רעם... די שטאָט, אַ לעכצנדיקע צייט ווען שוין נאָך רעגן, האָט ענדלעך געהאַלטן ביים אויפגעריכט ווערן: אָט מאַכט ער זיך טיכטיק אַ וועג דורך דעם דונער־געקנאַל...

אַ ביסל האָט ער נאָך פון דעסטוועגן געצעגערט, דער רעגן. אָבער ס׳איז אַלץ איינס געווען שוין אָנגעצייכנט פון הימל, אַז אויפהאַלטן צו לאַנג די חמימה איז ער מער נישט אין שטאַנד.

ווען דניאל האָט אסתרן באַגלייט צום באַן, האָבן שוין איינצלנע טראָפּנס געטעסעט דעם לופטיק געוואָרענעם דרויסן, און די געצונדענע עלעקטריע־לאַמטערנעס, פאַרלויפנדיק דעם וועג דער אָנפויזענדיקער אָוונט־גראָקייט — האָבן איינגעהילט אין מוטנע געלבלעכן ליכט סיי דעם באַן־הויף, סיי די פאַרשמייעטע פּאַסאַזשירן, וואָס פון וועגן דער נאָר וואָס דורכגעפירטער געלט־רעפאָרם — זענען זיי געווען היינט גאָר ווינציק.

דניאל האָט געהאָלפן אסתרן איינשטייגן, פאַרנומען פאַר איר אַן

אָרט לעבן פענצטער און אַלץ נישט געקאָנט זיך באַרויקן — עלעהיי ס׳קומט איר אויס צו שלעפּן זיך מיט דער באַן. געדאַרפט זיך גראָד מאַכן, זייער וואָגן זאָל זיין אין רעמאָנט!...

— ביי דיין גאַנצער חכמה ביסטו טייל מאָל ווי אַ קינד! — האָט ער איר געמוסרט. — וואָס פאַר אַ זין האָט געהאַט זיך איינצושפּאַרן, נישט לאָזן מיך דינגען אַ טאַקסי: ס׳פעלט אויס חלילה דער גראָשן, צי וואָס? זע — אַ וועטער סע גרייט זיך! קאָנסט זיך מיר נאָך פאַרקילן...

— פאַרקילן... — האָט זי געחוזקט, אָנווייזנדיק דערביי אויף איר וואַרעמען רעגנמאַנטל, וואָס דניאל האָט גראָד געהאַלטן אין אויפהענגען. — בלויז אַ „פּוטערפאַס" פעלט מיר נאָך אויף דער נאָז... — און, אַריינשנעלנדיק אַ פינגער אין זיינע פייכטע האָר:

— אַ דאָניע דו ביסט! — האָט זי נישט אויפגעהערט זיך צו ווערטלען.

— אַפילו אַזאַ בידנעם קאַפּריז, ווי פאָרן מיטן באַן — קענסטו מיר אויך נישט פאַרגינען...

— האַלטסט זיך אַלץ נאָך ביי ס׳דייניקע — אסתיק?...

ווי דען? — גיט זי נישט נאָך. — בכדי צו שפּירן דעם אמתן טעם פון אַן אייגענעם וואָגן, דאַרף מען דאָך אומבאַדינגט אָפּקווענטשן אַ מאָל די ביינער אין צוג! בפרט, אַז — נישט קיין גרויס אָפּקומעניש דאָס מאָל: די געלט־רעפאָרם צווינגט נאָך דערווייל נישט איינעם צו זיצן אין שטוב. וועט שוין, הייסט עס, צו ענג היינט נישט זיין. הכלל — נישט געזאָרגט, דאָניע! און — האָב מיר און בלייב מיר...

נאָר דניאלס אָרעמס האַלטן זי פעסט אין געפלעכט — ווילן נישט, לאָזן נישט אָפּ.

— משוגענער — דו! ווילסט, מע זאָל אונדז „פאָטאָגראַפירן?"...

— נאַרעלע: אויפן באַנהויף — אַן אָנגענומענע זאַך!...

---

זי איז געווען איינע אַליין אין קופּע און דאָס האָט איר ווינציק וואָס געקימערט. אַ גוטער אָנהייב — דווקא! — האָט זי געטראַכט. — אָ, די רויק־טעמפּע, מיט גאַרנישט נישט דערשיטערטע צופרידנקייט אויף די יעקישע פּנימער, וואָס זי, אסתר גרינצווייג, קאָן נישט פאַרמיידן אָנצושטויסן זיך אויף איר טאָג טעגלעך. איז פאַר וואָס זשע נישט

געפּאָלגט טאַקע דניאלן צו פאָרן מיט אַ באַשטעלטער טאַקסי?... וואָסי? זייער שטענדיקער שאָפער, איז ער דען נישט דער זעלביקער דייטש? אַז ווו דו קערסט זיך נאָר, סיי ווי דאָך — זיי!...

מיט בייטשן, צעקרומטע פון ווינט, האָט דער רעגן צודרינגלעכער געכוואָשטשעט איצטער דעם דרויסן און דאָ, אין דער פאַרמאַכטער „תיבה", האָט די קילע פייכטקייט געווירקט אי אָפּפרישנדיק, אי סומנע צו גלייך. אַזוי אויך — די ריטמישע אומראַסטיקייט פונעם צוג.

צו מאָל האָט אסתרן אויסגעוויזן, אַז דאָס טומלען פון דעם שטאָל- און אייזערנעם קאָלאָס מיינט נישט עפּעס אַנדערש, ווי — פאַרצווייפל- טער הילפרוף:

— „לייז־אויס, לייז־מיך־אויס: גענוג־מיר צו וואָ־גלען אין ווײַ־ט־ן!"...

באַלד ווידער — אין דעם האַסטיקן, גיכן געהודיע — פאַרנעמט זי גאָר אַנדערע טענער:

— „ווײַ־טער! נאָר ווײַ־טער: אָ, האָל־דע געשפּריי־טן!"...

נאָר אַ הילפּרופנדיקס, צי אַ מונטערס — האָט דאָס ליאַרעמען פון דעם איילנדיקן אומגעהייער געהאָט אין זיך די רחבות פון אינעם וועג באַ- געגנטע פליינען און אסתר האָט געפילט באַשיימפּערלעך, ווי דער געשאַסק פון די רעדער גיסט זיך צונויף מיטן ריטעם פון איר אייגענער בענק- שאַפט.

דניאלס בליקן, די צערטלעכקייט, מיט וועלכער ער האָט זי אָקאָרשט אַרויסבאַגלייט אינעם וועג, זענען נאָך געווען אַזוי פריש איצט אין אסתרן... יאָ, דאָניע איז אַלץ נאָך פאַרבליבן דאָס ברויט־און־זאַלץ פון איר לעבן; נאָר די בענקשאַפט, וואָס האָט לעצטנס אַזוי אומבאַגרייפלעך געשפּאַרט פון אירע טיפענישן — איז געווען אַ מין גאַנג פאַר זיך, וואָס קער זיך מיט דעם גאָרנישט אָן...

די ליבעריי מיט דער בייערישער „האַלב־יודין" — באַלד דערויף אָפּגעשאַפט דורך דניאלן — האָט שוין לאַנג געהערט צו דער פאַרגאַנ- גענהייט און דאָס ברעקעלע השד אויפן חשבון פון זיין פאַרנומענקייט, וואָס איז איר היינט איינגעפאַלן בעת מעשה, איז אין דער אמתן געווען אָן אומזין בלויז פון איר זייט... ווייסט זי דען אים נישט — איר דאָניען?... קען אַ מאָל אויף אַ קורצער צייט פאַרשווייגן פון איר עפּעס וואָס, האָט

ער אָבער אַליין געזאָגט: — „אָפּגעהאַקט מיט דער ליזכען!" — מעג מען שטעלן אויף דעם אַ בריק...

איז וואָס זשע — דאָס אומקערן זיך מיטן געדאַנק ווידער און אָבער צו יענעם צייטאָפּשניט, ווען איר וועלט איז פּלוצעם אַזוי מוראדיק איינגעשרומפּן געוואָרן און רק געדרייט זיך אַרום אַ פרעמדן, קיין מאָל נישט געזעענעם צימער, ווו אַ דייטשע „ליזכען" האָט אַריינגעצינגלט זיסע רייד און לאַסקעס אין אַ יידן — פאַרזיגלענדיק זיי מיט אַ לענגלעכן, בלוט־פאַרלאָפענעם צייכן אויף זיין אַקסל? און דער ייד איז געווען — דניאל...

דער צוג איז אָנגעקומען אויף אַ סטאַציע. די טיר פונעם קופּע איז אויפגעפּראַלט און פאַרמאַכט געוואָרן צוריק מיט אַ טראַסק, אָניאָגנדיק אויף אסתרן אַ שקוואַל רויע לופט פון צעכליאַפּעטן דרויסן.

דער אַריינגעקומענער — „רייך־אַריש" בלאָנד און העלאויגיק — איז גלייך געוואָרן „הער" אינעם קופּע. אַראָפּגעוואָרפן קודם כל פון זיך דעם פּיטש נאַסן מאַנטל און צוועקגעהאָנגען אים אויף אַ הענגער. נישט מאַכנ־דיק אויך קיין שהיות, אויף דער ליידיקער באַנק אַנטקעגן אונטערגעלייגט באַלד זיין רענצל באַנאַנד מיט אַ האַנט צוקאָפּנס, אויסגעצויגן זיך אין זיין גאַנצער לענג דאָרט, און איידער וואָס, ווען — ער שלאָפט שוין.

דער נאַסער מאַנטל האָט פונעם הענגער־אַראָפּ געבאָמבלט זיך ביי זיינע פיס, און אסתרן איז איינגעפאַלן, אַז דאָס מוז נישט זיין באַזונדערס אָנגענעם פאַר דעם — דאָרטן... שוין געזאָלט אַריבערהענגען דעם מלבוש אין איר זייט, נאָר באַלד געכאַפּט זיך: אַ דאגה איר פאַר זיינע טרע־טערס — פאַר אַן „עמלק" וועט זי זיך זאָרגן!...

די טיר האָט פון מאָל צו מאָל אויף אַ סטאַציע אויפגעפּראַלט זיך און געשלאָסן, איינצלנע פּאַסאַזשירן זענען געקומען און געגאַנגען, נאָר דעם שלאָפנדיקן האָט דאָס אַפּנים נישט געשטערט.

זיצנדיק ווידער איינע אַליין גראָד אַנטקעגן, האָט אסתר נישט ווילנ־דיק פאַרטשעפּעט זיך אין אים צו מאָל מיטן בליק. איין האַנט זיינע, פאַרלייגט איצט אויף הינטן, האָט, ווי אַן אויסגעלענקטע — געפלאָנטערט זיך לעפּיש אין אַ פאַרקאַשערטער פאָלע פון רעקל, די אַנדערע — אַפּער־געגליטשט פון צוקאָפּנס — איז אַראָפּגעהאָנגען ביי אים נאַכלעסיק פון דער באַנק, צום טאַקט פונעם טרייסלענדיקן צוג, אויסהוידענדיק סאַמע

איבערן דיל אַ מין קאָמיש לאָמיך־געמאַכיקן ריטעם מיט די פינגער.

אַז נישט קיין צו רייכער קערל — דאָס זעט מען לויט די מלבו־שים. — האָט אסתר סתם אַזוי, פון וועגן צייטפאַרטרייב געפּרוווט אַ שפּיל טאָן זיך אין טרעפעניש בעת מעשה: — איטלעך שטיקל — ווי איינ־געהאַנדלט ביי יידישע לאַגער־פּליטים און יעקיש „נעט" צוגעריכט... און אפשר בלויז אַ „דעקמאַנטל" אַזאַ אויף צו פאַרשלייערן אָפּגעטאָענע מעשים? נישט אַ מאָל אַ מין „צדיק" אין „האַלב־יודע"־פּעלץ?... היינ־טיקע צייטן פאַר כלערליי צוועקן נישקשה פון אַ „פּאַטענט"... — זענען געדאַנקען אומגעבעטענע, אַפילו — נישט־געוואָלטע — געגאַנגען אגב אורחאדיק זייער וועג.

אמת — אין דער קאַרגלעכער עלעקטריע־שיין, וואָס האָט באַלויכטן דאָ דעם קופּע, איז פון אסתרס אויג נישט געבליבן פאַרהוילן דער מידער, פאַרלוירענער אויסדרוק פון די פיין געשניצטע שטריכן אין יענעם פרעמדן פּנים, נאָר זי האָט זיך נישט דערלויבט צו טראַכטן אַזוי איינזעעוודיק וועגן אַ דייטש: ווער ווייסט אים? געווען אויך פאַרטיליקער מיט אַ „מענטשלעכן" אויסזען!... — און, אָפּקערנדיק זיך פונעם שלאָפנדיקן, געבליקט אַ ווײַלע אַרויס צו, דורכן פאַרכליאָפּעטן פענצטער.

די בייערישע, היי־יאָר פאַרשפּעטיקטע פּליוכע האָט אויף אַלע כלים געשטורעמט איצטער די שויב. אָפּפּלייצנדיק אויף צוריק — האָבן אויס־געווייקטע, צעפּלאָשעטע ביימער געמיטן איילִיק דעם צוג, פאַרשווינדנדיק מיטן קוק אין דער נאַכט־פּלעטש.

דאָס זייגערל ביי אסתרן אויפן האַנטגעלענק האָט געוויזן — 10 מינוט פאַר 9; נאָך איין שעה אין גאַנצן מיט אַ מינוט פינף... דער דייטשער קינדער־שוועסטער וועט גאָרנישט איינפאַלן, ווי גיך אַ מאַמע קען קומען צוריק צו איר קינד. און — אברהמעלע?... ווען ער׳ט זיך אויפכאַפּן מאָרגן פונעם שלאָף, וועלן זיינע ווידער גראָבטשיק געוואָ־רענע לאַפּקעלעך קוים קענען אָפּרייסן זיך פון איר האַלדז. זי הערט שוין זיין קולכל: „מאַמעלע — געקומען! מאַמעלע — דאָ!"... — טיאַ — מאָרגן אין דער פרי באַלד: אָווּאַ, סאַראַ לעבעדיקע וועלט דאָס וועט זיין!...

ווּונדערלעך — ווי סע בייטן זיך עס ביי אים אינעם מײַלעכל דורך אַנאַנדביידע שפּראַכן! אָט ערשט צו „שוועסטער זאָפי" — איר בייעריש

דייטש, און אָט שוין צו דער מאַמען — ווי דען, אויב נישט „יידיש־קינד" לשון ?...

און ווידער דאָס זעלבע: אַ דייטשישע „שוועסטער" אין שטוב!... נאָר ווי באַלד בכלל נישט געבליבן קיין לייבלעכע, נאָענטע, איז ווי קאָן מען זיך העלפן, אויב מע פאַלט צו אָפט שוין אַוועק קראַנק נאָך אָט די אַלע קאַצעטישע פּלאָג ?...

דער געדאַנק וועגן דעם קליינעם זונעלע האָט צעפּירט שטראָמען וואַרעמקייט איבערן לייב. גיך און גיכער! ווען זי זאָל קאָנען, וואָלט זי מיט איר האַרצצאַפּל באַפליגלט דעם צוג...

נאָר בינו לבינו האָט די לערע באַנק פאַרפירעריש געצויגן צו זיך און אסתר האָט אַרויסגענומען פונעם טשעמאָדאַן דאָס רייזע־קישעלע, אַ געגעצ אין גאַנצן די גרייס... ליגנדיק אַזוי, שוין איבערגעדעקט מיטן מאַנטל — האָט זי מיט כוח נאָך געפּרווּוט זיך איינרעדן, אַז אַזאַ מין האָריזאָנטאַלע פּאָזיציע איז אייגנטלעך די פּאַסיקסטע פאַר טראַכטענישן, און טראַכטענישן פּטרן דאָך במילא דעם שלאָף... אויף איר פּנים האָט נאָך געשוועבט דער שמייכל — אַרויסגערופן דורך די שפּילעוודיקע טרוימערייען וועגן קינד, נאָר דער געדאַנק איז שוין ווידער פאַרקראָכן בעת מעשה אַהין צו, וווּ ס׳לויערט דער אומעט.

אין סך־הכל גענומען איז דאָס לעבן אַ קאַלכאויוון, און נישט מער; און זי וויל נישט — זיך בראָטן און ברענען געדולדיק, טאָג איין, טאָג אויס. צו דעם פעלט איר פּשוט טאַלאַנט... פעלט טאַלאַנט — טאַלאַנט פעלט... — האָט זי אַ ווײַלע שפּעטער רעזאָנירט אַזוי, נישט פילנדיק נאָך אַפילו, ווי זי פאַלט ביסלעכווייז אַריין אין שלומער און דער געדאַנק, שוין עטוואָס אַ פאַרמאָראַטשעטער — נעמט אַראָפּקריכן היפּשלעך פון וועג. עפּעס פעלט איר גאָר פלוצעם: וואָס פעלט? אַוווּ האַלט מען עס ערגעץ אין וועלטן?... אומזין!... — האָט אסתר זיך ראַפּטעם אַליין דערוווידערט און מיט אַלע כוחות געמיט זיך אָפּצוטרייסלען פונעם מוח די שלעפעריקייט, וואָס פאַרשלעפּט אירע טראַכטענישן ערגעץ אין די הרי־חושך. — ניין, דאָס לעבן — אַ קאַלכאויוון? וואָסער „קאַלכאויוון" אין מיצקע דערינען? מ׳איז דאָך נישט מער אין קאַצעט... און אויב מ׳איז שוין יאָ לעבן געבליבן, צי דען זשע...

דער געדאַנק האָט ווידער גענומען רייסן זיך, פליקן, און ווידער

איז אסתר געווען אָנגעשפּאַנט צו פּאַרקניפּן מיט טאָלק זיינע פּעדעם:
נו, זיכער — איינס ווייס זי: אַ פּוסטעפּאַסנע לעבן, ווי דאָס איריקע
איצטער — האָט טאַקע נישט קיין צו גרויסן ווערט. — איז איר געלונגען
לעת עתה אַרויפצופירן די רעיונות ווי נישט איז אויף אַ וועג: — אַוועק־
פאָרן פון אָט דעם נאַצי־לאַנד, טאָן נוצלעכע אַרבעט, פּעדערן זיך,
דערציען אַ דור „סאַברעס" אויף אייגענער ערד — מיט אברהמעלען
דאָרטן אין מיטן — דאָס קען נאָך אפשר פאַרגיטיקן עפּעס וואָס!...

פאַרגיטיקן?! וואָס — — — פאַרגיטיקן־גיטיקן־טיקן?... האָט זי
באַנייס עפּעס פאַרלוירן? זי דאַרף עס אפשר זוכן און צוריקגעפינען?...

דאָס גלייכסטע וואָלט געווען — אויפשטיין אַצינדער; באַלד קען
זיין צייט אויסצושטייגן... פּלוצעם אַן אויפגעבליצטער, ווי אַ ליכטפלאַם
פאַרן אָפּצאַנקען, האָט דער באַוווסטזיין געצאַפּלט זיך אַ ווײַלע אין דער
פּאַסטקע פון דרעמל. און דאָס איז געווען די לעצטע וואָרענונג, איידער
אסתר איז ענדגילטיק פאַרפאַלן געוואָרן אין שלאָף.

אין דער חלום־נעץ האָט זי צייטנווייז פאַרנומען אַ פּאָרעניש אין
קופּע, ווי פון אַ ווייטן מהלך זענען אַ מאָל דערגאַנגען צו איר עפּעס
האַוועניישן ביי דער טיר... איין מאָל איז איר אַפילו אויסגעקומען — מע
רופט זי ביים נאָמען, נאָר דער מוח האָט אומזיסט געקליגט זיך צו באַ־
נעמען, וואָסער שייכות דאָס קען האָבן צו איר...

די באַן האָט זיך פאַרבייגעטראָגן איבער אַ בריק און דאָס פאַר־
שטאַרקטע הודיען האָט אַרויסגעריסן אסתרן פונעם שלאָף. זי האָט זיך
אויפגעכאַפּט מיט אַן אומהיימלעך געפיל, אַז עפּעס איז דורך איר פאַרזאַמט
געוואָרן מיט דעם־אָ שלאָף...

דער פּאַסאַזשיר פון אַנטקעגן, ווידער — דער איינציקער אַחוץ איר
אין קופּע, איז איצט געזעסן אויף דער באַנק אַנטקעגן, נאָכשפּירנדיק
איר יעטוועדן באַוועג. נאָר אסתרס פונעם שלאָף נאָך צעשוווּמענער בליק
האָט דאָס נישט באַמערקט גאָר, און צום האַלב אויפגעוואַכטן באַוווסטזיין
איז בכלל נאָך נישט דערגאַנגען דער שייכות פון דעם־אָ זיצנדיקן — צום
פריער שלאָפנדיקן פאַרשוין.

דאָס אָנגעשטרענגטע קנייטשעלע צווישן אירע ענג צונויפגעדרענגטע
ברעמען האָט פאַרראַטן, אַז זי איז שטאַרק באַאומרויקט פון עפּעס. נאָר
פון וואָס — בעצם, פון וואָס?... דאָס האָט זי נאָך אַלץ אַליין נישט
באַנומען.

נאָר — אַ בליק אויפן זייגערל, און דאָס מטושטשע געפיל צו האָבן עפּעס פאַרזוימט דאָ — איז געוואָרן קלאָרער פון קלאָר: זי איז פאַרשלאָפן איר סטאַציע.

אָן איבערלייגעניש האָט אסתר אַ כאַפּ געטאָן אויף זיך דעם מאַנטל און מיט איין שפּרונג אַ צי געטאָן זיך נאָך דער וואַליזע.

— יאָ, וואָס מעכטן זי דען?... — איז דער מאַן פון קעגנאיבער געשטאַנען באַלד צו איר רעכטער. — איר זייט נאָך, קאָנטיק, פאַרשלאָפן. דערלויבט איך צו דינען. גנעדיקסטע! דער נאָענטסטער אָפּשטעל — מער־ווייניקער אין אַ דריי־פירטל־שטונדע; נישט צו איילן אַלזאָ... — האָט ער אויספאַרירט העפלעך, כמעט אין איין אָטעם און, אָננעמענדיק איר האַנט, וואָס האָט אַזוי אייפעריק געצויגן זיך נאָך דער וואַליזע — זאָרגעוודיק אַוועקגעזעצט די אומבאַקאַנטע אויף איר אָרט לעבן פענצטער.

ביי אסתרן האָבן נאָך ענגער צונויפגעדרענגט זיך די ברעמען.

— וואָס גיבטס דען?... — איצט איז ער, אַ באַאומרויקטער און אַ מיטפילנדיקער, געזעסן שוין לעבן איר, און אין איר צעטומלעניש האָט זי ווי פאַרגעסן בעת מעשה זיין אָפּשטאַם.

— זעט איר — פאַרשלאָפן מיין סטאַציע...

— דאָס אין גאַנצן? ניכט זאָ שלים! — האָט ער זי באַרויקט. — כ׳מיין, דאָס לאָזט זיך אַלערדינגס פאַרריכטן.

— נישט אַזוי גרינג, ווי אים דוכט זיך... ס׳הייסט — יאָ, אוודאי! יעדן פאַלס — זי וועט זיך שוין אַן עצה געבן... — האָט זי געשטאַמלט און כאַפּנדיק זיך פלוצעם, מיט וועמען זי לאָזט זיך דאָ אַריין אין אַ העפלעכן ווערטער־אויסטויש — אָפּגעהאַקט ראַפּטעם אין מיטן...

נאָר יענער איז נישט אָפּגעטראָטן.

— קיין קומער, גנעדיקע... געוויס — אָנגענעם איז דאָס נישט: ביינאַכט, און דערצו נאָך דאָס „שויסלעכע" וועטער. הם... טאָקע נישט ווי אַמבעסטן. דאָס גלייכסטע וואָלט אייגנטלעך געווען — האָט ער פאָרגעשלאָגן נאָך אַ רגע שווייגן — איר זאָלט מיטפאָרן צו מיר, אָפּרוען דאָרט אַ פּאָר שטונדן און אין דער פרי, אויב איר וועט דערלויבן, וועל איך באַגלייטן אייך אַהיים... כ׳מיין, דאָס איז זייער איינפאַך. — האָט ער פאַרזיכערט, אַליין אַ ביסל פאַרלעגן. — איר דאַרפט בלויז פאַרגעסן אַ ווײַלע,

אַז איר זייט — פרוי, און איך — מאַן. אויסער דעם זענען מיר דאָך מענטשן — נישט ?...

גאָרנישט שלעכט געזאָגט: „מענטשן״... ווען זי זאָל נישט געדענקען, אַז דער דאָ איז אַ שפּראָץ פון עמלקס שטאַם, וואָלט אַזאַ מין זאָג געקאָנט אַפילו זיין סימפּאַטיש.

נאָר באַלד איז אסתר געוואָרן שטאַרק אין כעס אויף זיך אַליין פאַר דער נאַכלעסיקייט, מיט וועלכער זי האָט אַזוי לייכטזיניק זיך איבער־געגעבן דעם שלאָף: געקענט זיין אין דער היים מיט אַ גוטער שעה צוריק און נישט דאַרפן דאָ אויסהערן עצות פון אַ „ריינעם אַריער״!...

— כ׳מיין... — צעטומלט היפּש פון איר שוויגן — האָט ער זיך באַמיט צו רעכטפאַרטיקן, און צוליב עפּעס וואָס אומגעקערט זיך אויף זיין באַנק, אַנטקעגן. — יאָ, איך וואָלטע עיבען זאָגען: אויסער מאַן, קאָן מען דען נישט זיין מ ע נ ט ש — איבער אַלעס ?...

דאָס „איבער אַלעס״ האָט צום איבעריקן אַרויסגעבראַכט אסתרן פון די כלים.

— אין גרונט גענומען — יאָ. — האָט זי אָפּגעענטפערט טרוקן, אויף יעדן פאַל אַנטשלאָסן צו מאַכן אַ סוף צום געשפּרעך. — נאָר פון דעסטוועגן לאָזט זיך אָבער נישט פאַרהוילן, אַז אין מויל פון אַ דייטש — קלינגט דאָס וואָרט „מענטש״ — נו, ווי זאָל איך זאָגן... פּשוט אומ־פאַרשעמט.

ווי צוגענאָגלט איז יענער געבליבן זיצן אויפן אָרט. נאָר אויסגעזען האָט ער גאָר צו זיין צופרידן. נאָך מער: זיין פּרצוף האָט זיך מיט אַ מאָל צעשטראַלט גלייך אַ גליק וואָלט אים דאָ געטראָפן...

אסתר איז געוועזן אויסער זיך... יעקע: שפּיי אים אין פּנים, און דער מיינט...

איצט האָט זי ענדגילטיק זיך אַנטשלאָסן. אויפגעשטאַנען — צו נעמען דעם טשעמאָדאַן און אַריבערגיין אין אַן אַנדערן קופּע... נאָר ווידער אַ מאָל האָט. עס יענעם אַ הייב געטאָן ראַפּטעם פון זיין אָרט אַנטקעגן. איין שריט, און — אָנגעבויגן איבער איר, האָט ער אויסגע־שעפּטשעט:

— ע מ ד...

אין דעם כמעט ליידיקן קופּע האָט דאָס וואָרט זיך דורכגעטראָגן

שטיל און פּייערלעך, ווי אַ פּאַראַל, און אסתרס האַנט — געשטרעקט נאָך דער וואַליזע — איז געבליבן הענגען אין דער לופטן... ער האָט אונטער־געכאַפּט לייכט די האַנט און, האַלטנדיק זי אַ ווײַלע אין זײַנער — צום צווייטן מאָל היינטיקן אָוונט אַוועקגעזעצט די אומבאַקאַנטע צוריק אויף דער באַנק.

— האָט איר אין דער אמתן אַנגענומען מיך פאַר אַ דייטש?... — האָט ער איצטער איבערראַשט איר מיט זיין פיינעם יידיש.

— אַלץ הייסט — אין דער אמתן... מיט אייער „אַרישן" פּרצוף און „אומפאַרשעמט" בלאָנדע האָר? — האָט זי געלאַכט. — דערצו נאָך דער עכט יעקישער שפּראַך־אַקצענט...

— מיר האָבן אַ יאָר צוואַנציק געוווינט אין דער קאַטאָוויצער געגנט; פון דאַנען מיין „שפּרעכן", ווי אַ זייעריקער... נאָר הגם איר אַליין זייט אויך נישט קיין אויסגעשפּראָכן סעמיטישער טיפּ — פון דעסטוועגן, אָבסערווירנדיק אייך בעתן אויפוואַכן, האָב איך גלייך געוווסט, איר זייט „עמך": דער טרויער, וואָס אין אייערע אויגן, האָט מיר דאָס פאַר־ראַטן...

— ווען כ'וואָלט פריער דערלויבט זיך אַריינצובליקן אין אייערע „אָן באַוואָרענישן", וואָלט איך לויטן זעלבן סימן מסתמא אייך דערקאָנט. נאָר גיי, קוק „אַזוינעם" אין די אויגן!

און פּלוצעם — געכאַפּט זיך:

— אייגנטלעך דאַרף איך בייז זיין אויף אייך. צו וואָס האָט איך געטויגט דער גאַנצער מאַסקאַראַד?

— נאָך אַ מין געטויגט!... — האָט ער זיך ברייט צעשמייכלט. — איך גיי אָפּט מאָל אָן מיט דעם „פּורים־שפּיל" און כ'קען נישט זאָגן, אַז יידישע פרויען זאָל איך זיין צום האַרצן אין דער אָ אַרישער פעל: דער איינציקער דורכפאַל, וואָס פאַרשאַפט מיר איטלעך מאָל אַ ווילדן תענוג. אָבער אַזאַ אָפּשניט, ווי היינט דאָ?... אויג אויף אויג מיטן „יעקע" אַזוי דרייסט אַרויסצוווייזן די באַציונג צו זיינס גלייכן, און דאָס — אין אַ צייט, ווען זיי, די פאַרטיליקער, הייבן אַלץ העכער דעם קאָפּ און אונדז דריקט מען אַלץ אומפאַרשעמטער צו דר'ערד?!... בלויז אַ ייד האָט זיך געקאָנט משער זיין, ווי ס'קאָכן אין אייך די געבליטן, בעת איר

זיצט אַזוי, כלומרשט רויק — און שליידערט „אים" אין פּרצוף די ווערטער. דער געדעמפּטער צאָרן, דאָס פייער אינעם בליק...

זיינע דינע, לאַנגע פינגער האָבן ווי געצויגן ליניעס, געציקלט עפּעס קרייזן אין דער לופטן — געמאַכט באַוועגונגען, ווי צום טאַקט פון אַן אינערלעכער, אים אַליין בלויז באַלאַנגענדיקער צעוועקטקייט, און דער בליק, פאַרטראָגן ערגעץ ווו אַריבער אסתרן, האָט פאַרזען בעת מעשה, אַז די, וואָס האָט דערלאַנגט אָקאָרשט דעם „אָפּשניט" — באַטראַכט אים אַצינד מיט נייגער.

— ווי עס זאָל נישט זיין, איר האָט מיך אָפּגענאַרט! — האָט זי געטענהט.

— דאָס זעלביקע פון מיר אויך צו הערן: טאַקע דערוואַרט, איר זאָלט זיך אָפּקערן פון מיין „גערמאַנישער גזלנישקייט", אָבער אַזוי גרויסאַרטיק צו קענען צאַפּן אַזוינעם די יוכע — אויף דעם האָב איך זיך ווייט נישט געריכט. נישט מער, אין מיין „אָפּגענאַרטקייט" האָף איך כאָטש אַרויסצופישן מיר אפשר מיין שלל...

— ש־לל?... — האָט אסתר נישט געקאָנט פאַרליידן.

נאָר סיי אסתר, סיי אויך איר געטראָפּנקייט, אַלץ איז פּלוצעם אָפּגעשוווּמען פון אים ערגעץ ווייט... זיין לאַנגפינגערדיקע האַנטפלאַך האָט אַ וואַנדער געטאָן ביי אים איבערן שטערן, ווי ר'וואָלט וועלן צונויפזאַמלען, צי גאָר פאַרטרייבן עפּעס געדאַנקען, און שטאָט אַן ענטפער אימעצן, האָט ער ווי געפרעגט ביי זיך אַליין:

— קאָן דען געמאָלט זיין אַ פריידיקערער שלל, ווי — — — אינספּיראַציע?... אפשר! ווער ווייס?... — ער האָט אָפּגעזיפצט, ווי ס'וואָלט פאַרפעלט ביי אים אָטעם.

— אַזוי... איצט בין איך זיך כמעט משער, ווער איר זייט: מאָלער אפשר? פּאָעט?... — איז אסתרס שטימע געוואָרן ווייכער פּלוצעם און צוגעלאָזענער, ווי זי האָט געוואָלט.

— קאָמפּאָזיטאָר; געווען אַ מאָל... — האָט ער מיט אַ האַלב מויל, נישט ניהאַדיק איר געענטפערט. און דער טרויער, וואָס האָט געשפּילט אַ ווײַלע אין זיין קול, איז פון דעסטוועגן געווען פאַרקאַפּעט מיט אַ שפּרענקעלע פרייד... נאָר באַלד — אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט; און פון דער רעזיגנירטער האַנט־באַוועגונג, ווי אויך פון דער געצוווּנגענקייט

איינעם טאָן — האָט אַרויסגעתהומט אַ מין ווונד, אַ פאַרהוילענע.

אסתרן האָט זיך גראָד זייער געוואָלט, ער זאָל זאָגן וועגן דעם עפּעס מערער. נאָר אַז ר׳האָט ווידער אָנגעהויבן, איז עס סיי ווי נישט געווען שוין דאָס זעלבע...

— נו, איצט ווייסט איר שוין מער ווייניקער, אַז פאַר איינעם, וואָס איז צופרידן מיט זיין גורל, איז „אָפּגענאַרט״־זיין אויך אַ מאָל אַן ענין. — האָט ער ווי געחוזקט פון זיך. — בעת איר... כ׳מיין, דאָס פאַרשלאָפן טאַקע די סטאַציע: ניין, איר האָט זיכער נישט קיין גרונד צו זיין באַ־גייסטערט!

— אַלס קינסטלער וואָלט מען אייך געמעגט חושד זיין אין מער פאַנ־טאַזיע... די אָ פאַרלויפעניש? — האָט אסתר איצט ערשט געכאַפּט זיך, אַז בינו לבינו האָט זי שיער נישט פאַרגעסן גאָר דעם גאַנצן עסק. — מאַלע וואָס! קיינער וועט דערפון נישט ליידן... און פאַר אַ פשוטן חי־וקים, מיינט איר, איז אַ שיינע באַגעגעניש אין גאַנצן גאָר אָן ווערט?...

— איז עס פאַר אייך אויך אַ שיינע באַגעגעניש? — האָט ער זיך דערפרייט.

אַ קורץ שטילשווייגן, ווי זי וואָלט פאַר זיך אַליין נאָך געדאַרפט קלאָר מאַכן דאָס אָקאָרשט נישט ווילנדיק אַרויסגעבראַכטע.

— זעט איר, איך בין אַ נייגעריקע, כ׳וואָלט זאָגן אפילו — אַ להוטע צו מענטשן. יאָ, דאָס „פּינטעלע״ מענטש איז עס, וואָס ס׳ציט מיך. אויך אין אַ מאַן, פאַרשטייט זיך. און אפשר אין אים נאָך מער?...

ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, בערך ווי אַ דאַנק, נאָר איינגעזען, אַז דאָס וואָלט זיין צו באַנאַל, כמעט נאַרישעוואַטע, אין אָנבליק פון דער אָ שיינער אָפנהאַרציקייט, וואָס אַ פרעמדע פרוי האָט אַזוי פּראָסט און פשוט אַנטקעגנגעטראָגן אים אין די רייד.

— גאָט, סאַראַ ים־קאָטער איך בין: נאָך אַלץ נישט געזאָגט אייך מיין נאָמען! און שטייענדיק באַלד אין ערפּאָרכט פאַר דער אומבאַקאַנטער. דעם בלאָנדן קאָפּ געניינט איבער איר האַנט: — שמעון דאָרן — האָט ער פייערלעך מקיים געווען איצט די מצווה פון „באָן־טאָן״.

— און איך בין אסתר גרינצווייג; איר קענט מיך רופן פשוט: אסתר. שמעון דאָרן... — האָט זי ווי איינגעחזרט זיין נאָמען. — יאָ,

אַ ביסל פריער זייט איר געווען דער אמתער „דאָרן" אין מיין אויג: מיטן עצם „אָרישן" אויסזען אייערן און אויך שפּעטער, בעת איר האָט געשפּילט דעם דייטש... ווען איר וואָלט וויסן, וואָס פאַראַ גוואַלדאָוונעם „נאַצי־פאַרברעכער" ס'האָט עס שיער נישט געמאַכט פון אייך מיין דמיון?... — האָט זי געזאָגט מער מיט ביטערניש, איידער שפּאַסיק. — אָבער אין סך הכל גענומען, קען מען דען אַנדערש, ווי זען אין יעטוועדן דייטש — אַ רוצח? אַפילו ס'זענען געווען איינצלנע, וואָס האָבן געוואַגט און באַצאָלט דערפאַר מיטן לעבן... וואָס מיינען שוין גאָר ווינציקע טראָפּנס מענטשלעכקייט אין אַזאַ אומגעהייערער פאַרפלייצעניש פון די סאַמע שוידערלעכע פאַרברעכנס?... פון דאַנען אויך אַ מאָל — אַ פאַר־בלענדעניש בלויז, ווי פריער דאָ מיטן „דאָרן"...

שמעונען איז מער נישט איינגעגאַנגען דער אָנשטעל: צו פיל ווייטיק, אויפגעוועקטן אַליין פון זיין „יעקישן" אָנבליק — געדאַרפט פאַרטיפן און אויפבלאָזן נאָך מיט דער „שפּיל"...

— נו, מסכים; פריער — אַ „דאָרן אין אויג": צו וואָס לייקענען? דווקא כשר פאַרדינט! איצט אָבער, וואָס, אַ שטייגער, בין איך אייך איצטער?... — האָט ער מיט אַ כיוון אַנדערש געלענקט דאָ דעם שמועס, און פון די גרינגע רייד זיינע איז אויסגערונען אין אסתרן די ביטערניש.

— איצט?... — איז זי אויך געווען שפּאַסיק. — שאַט, איך האָב עס: איצט זייט איר מיר — — — — — אַן „אָלעאַנדער"... איז דאָס זייער קאָמיש?

ס'איז אַנטציקנדיק! — האָט ער זי פאַרזיכערט, שמעון — און קוים געקענט אָפּרייסן פון איר דעם בליק: אויגענעס האָט דאָס פינקל־דיקע, ווי משיחלעך. אַ דורכויס ליבער פאַרשוין, אָט די אסתר!..

נאָר אסתר איז מיט אַ מאָל געוואָרן ערנסט:

— די געשיכטע פונעם נאָמען, וואָס איז מיר געקומען גראָד אויפן רעיון — איז שוין גאָרנישט אַזוי איינפאַך. מ'קען זאָגן — אַ הויך פון מיין קינדהייט און יוגנט. מיין מוטערס שוועסטער, אויסגעהאָדעוועט ביי אונדז אין הויז, האָט שפּעטער דערצויגן אונדז, די פלימעניצעס אירע. אַ געראָטענע, קלוגע, דערצו — אַ זעלטענע שיינהייט. וואָס האָט זי אַלץ נישט געקענט, אָט די מומע! אי ביכער פרעמדשפּראַכיקע לייענען, אי מעשהלעך אויסטראַכטן, אי זינגען... און ווי אַזוי זי האָט דאָס אַלץ

דערוואָרבן, נישט באַזוכנדיק אַפילו קיין פאַלקשול, דאָס איז מיר ביז היינט אַ רעטעניש. פאַר אונדז, די דריי קינדער פון איר שוועסטער, האָט זי געקערט וועלטן, מיר זאָלן שוין דווקא באַקומען סיסטעמאַטישע שולבילדונג, און פאַר מיר, פאַר דער עלטסטער — אָנגעצייכנט דעם וועג פון אַ דערציערין: — „אַז מ׳ווייס אַזוי גוט אומצוגיין זיך מיט קליינוואַרג" — האָט זי געטענהט — „איז ווינציק דאָס פאַרען זיך אַרום אייגענע קינדער!" — אגב: מיט מיר האָט זי טאַקע געטראָפן. אויך דאָ האָב איך געוואָלט אָנגיין מיט מיין לערער־אַרבעט. אָבער אַלע באַמיונגען אַרום דעם ענין — סיי דעמאָלט, ווען מ׳האָט נאָך געוווינט אינעם לאַגער, סיי אויך אין דער גרויסשטאָט — האָבן אויסגעלאָזט זיך מיט גאָרנישט. נאָר נישט דאָס בין איך אויסן. היינט צו טאָג איז דער ענין גראָד נישט אַקטועל... הכלל — די אָ מומע פלעגט צוטראַכטן פאַר אונדז די אויסטערלישסטע נעמען, און כ׳ווייס עד היום נישט — פאַר וואָס, נאָר ביי מיר האָט אַמבעסטן אויסגענומען דער „אַלעאַנדער"... אַ מאָל פלעגט דאָס צערטלוואָרט באַווירצט ווערן מיטן אַדיעקטיוו „שמעקעדיקער", אַן אַנדער מאָל גאָר מיט — „זיסער". און אַז מיר זענען נישט פויל געווען צו פרעגן, ווי אַזוי דאָס שיקט זיך — האָט זי, לאַכנדיק, זיך פאַרענטפערט: „און אויב צו די אַלע אייגנשאַפטן פון אַן אַלעאַנדער איז אַזאַ קליינע „פּאַסקודסטווע" אויך נאָך זיס דערצו?"... — בקיצור: אַ מלאך פון אַ מומע. מיר האָבן זי פאַרגעטערט...

— ווו איז זי איצט, אייער מומע? — האָט אַרויסגעכאַפּט זיך ביי שמעונען.

— דאָרט, ווו אַזוי פיל אַנדערע יידן... — האָט זי שטיל געענטפערט. — ווערדליג כ׳האָב שפּעטער דערוווּסט זיך, האָט מיין מומע סערקע אַ מעת־לעת אַנדערהאַלבן געקרייזט אַרום אַ פרישן קבר: צוגעזען, ווי די ערד רודערט זיך איבער לעבעדיקערהייט באַגראָבענע קינדער, און נישט געקאָנט זיי אויפגראָבן, ווייל אַ דייטשע וואַך האָט זשעדנע אָפּגעהיט דעם „רויב"... די אויסוווּרפן, וואָס האָבן יעדע פאַר שעה זיך געביטן, האָבן אַפילו נישט אַוועקגעטריבן איר פון דאָרטן, אָבער אויך נישט — צוגעלאָזן צו נאָענט. געמיינט — זי איז אַ מאַמע, און אויף זייער טייוולש־ציינישן שטייגער אָפּגעשפּעט נאָך פון איר צער. ביז די נערוון האָבן ביי איר פשוט נישט אויסגעהאַלטן און — שטאָט אָפּצוזוכן

כאָטשבי אַ „לייטישן" שטיין, האָט זי בלויז אַראָפּגעריסן אַ שוך פון איר פוס און אַ שליידער געטאָן דעם באַוואָפנטן מחבל אין פּרצוף. נו, און דער סוף איז דאָך קלאָר... — האָט אסתר פאַרענדיקט גאָר שטיל שוין און די אויגן, פאַרצויגן מיט פייכטקייט, האָבן געזוכט אויסצובאַהאַלטן זיך פון זיינע.

— מיר מוזן דאָס פאַרגעסן, אסתר... — האָט ער אומגעשיקט געפּרוווט איר טרייסטן.

— פאַרגעסן?! פאַרגעסט, אויב איר קענט! איך — קען נישט.

נאָר — דערפילט באַלד אויף זיך זיין פאַרשאָטנטן בליק און געמילדערט עטוואָס איר טענה: — אגב... איר זעט מיר גאָרנישט אויס אויף אַזוינעם, וואָס זאָל דאָס טאַקע קענען! און וואָס איז אונדז אייגנטלעך מער געבליבן, ווי געדענקען? מע קאָן אין דעם געפינען נישט בלויז צער: אויך — טרייסט...

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן. פון הינטער איין אויגנלעדל האָט זי דערשפּירט אַפּערגליטשן זיך אַ טרער, און איר קליינפינגער האָט אומבאַמערקטערהייט געאיילט שוין צו הילף: טרויער האָט געמיינט פאַר אסתרן עפּעס זייער אינטימס, און ס׳איז געווען איר נישט שיקלעך אַרויסצווייזן אַזוינס פאַר אַ פרעמדן.

נאָר די דערמאָנונג וועגן דער מומע סערקע האָט דערווײַלע אַריינגעבראַכט אַ מין היימישקייט אינעם שמועס און אויך שמעון האָט דערציילט עפּעס וואָס וועגן זיך. איצט האָט זי געוווסט, אַז דריי פערטל פונעם מלחמה־דויער איז ער געווען אין פאַרטיזאַנקע, אַז דאָרט איז געפאַלן מאַרטאַ, זיין פרוי, אַז נאָך איר אומקום און בכלל — נאָך דעם חורבן איז אין אים ווי פאַרגליווערט געוואָרן די תשוקה צו שאַפן... און וואָס ער האָט פריער געפּלוידערט דאָ וועגן „האָפענונג", צי גאָר — „אויסזיכטן" אויף אינספּיראַציע, ווייס ער אַליין נישט, ווי אַזוי ס׳איז געקומען אים אויף דער צונג. אין דער אמתן קער ער זיך מיט דעם מער נישט אָן... אַפילו קיין קלאַוויר נישט איינגעשאַפט זיך, כאָטש אַזוינס קען מען דאָ גרינג איצט דערגרייכן. פּשוט — אַריינגעטאָן זיך מיט אַלע חושים אין דער לאַגערשול־אַרבעט און אָט האָט מען מיט איין פּאַראַדאָקס מערער אין זייער איצטיקן, צערויִנירטן שארית־הפליטה־לעבן:

אַזאַ „פּושער פון גאָטס גענאָד״ האָט דווקא איינגעאָרדנט זיך ביי דער־
ציונגס־אַרבעט, בעת זי...

אסתר האָט אים, פון איר זייט, אָנפאַרטרויט איר גרויסע זאָרג —
אַ גענוג פאַרשפּרייטע משפּחה־זאָרג אין אַ געוויסן שיכט פון דער שארית־
הפּליטה: וווהין פאָרן? „אים״ ציט קיין אַמעריקע, „איר״ — אין ארץ־
ישראל, אָדער פאַרקערט; די אַרגומענטן — ביי ביידן אפשר נישט אָן
האַפּט... אַזוי פאַרגייט אויך אין איר קליינער משפּחהלע די צייט, דאָס
מסחר־ראַד דרייט זיך און מ׳קאָן אַלץ נישט פאַרטיק ווערן צווישן זיך.
און דערווייל וואַקסט אונטער אַ קינד, וואָס זיינעטוועגן וואָלט מען
אַוודאי צייט ווען שוין געדאַרפט זיין אויף אַן אָרט...

— נאָר — אַבי מ׳האָט כאָטש די זאָרג: אין קאָצעט זענען, פאַר־
שטייט זיך, געווען „בילכערע״ דאגות... — האָט זי פאַרענדיקט מיט
אַ שמייכל, אַ ביסל פאַרלעגן, וואָס זי דערציילט אים אייגנטלעך אָט
דאָס אַלץ.

און שמעון וואָלט, דוכט זיך, גאָרנישט מיד געוואָרן צו הערן... ער
איז געזעסן לעבן איר, מיט נייגעריקע בליקן אַרומנעמענדיק דאָס שיף־
אויגיקע, עטוואָס עקזאָטישע באַשעפעניש מיט קינדיש־פּוכיקע ליפּעלעך
און בורשטינענע האָר — אַ באַשעפעניש, וואָס דער צופאַל האָט אַזוי
אומגעריכט דאָ געשטעלט אים אין וועג. אָט האָט ער זיך דערוווּסט —
זי האָט אַ מאַן, אַ קינד... נאָר דווקא דאָס האָט אים לגמרי נישט איבער־
ראַשט גאָר. פאַרקערט: ס׳האָט אויסגעקוקט זייער נאַטירלעך, אַז קיין
שום גליק זאָל נישט מיידן די שוועל פון אַזאַ מין רייצנדיקער פרוי.

— אָ, נאָך אַלץ — אינעם מאַנטל!... — האָט ער זיך איצט ערשט
דערמאָנט. — און מ׳קען אים דאָך אויסטאָן; ווי באַלד איר שטייגט
סיי ווי נישט אויס אויף דער נאָנטסטער...

— האָב איך דאָס געזאָגט? — איז אסתר געוואָרן וואַכזאַם, נאָר —
נישט דערווידערט, ווען ר׳האָט אַראָפּגענומען דעם מלבוש פון איר
אַקסל.

— ליידער — נאָך נישט...

— און דאָך „ווייסט״ איר, אַז איך שטייג נישט אויס — אָן אייך...

— איך ווייס נישט: איך בעט... — האָט ער געזאָגט געלאַסן

און זיין פּנים האָט באַקומען דעם זעלביקן מידן, פאַרלאָרענעם אויסדרוק, ווי פריער — בעתן שלאָף.

נשמהדיקע טיפּענישן, אָדער — אָנשטעל פון אַ דאָן־זשואַן?... — האָט אסתר געזוכט פאַר זיך באַשייד און אירע אויגן האָבן אָפּגעגאָסן אים לעת־עתה מיט אַ קלאָרן, קאַלטן שטראָם.

— הם... דער טעמפּ פון אייער געדאַנקענגאַנג איז איבערראַשנדיק: באַגעגנט אַ „דאַמע" אין צוג, איבערגעביטן מיט איר עטלעכע ווערטער און — איינגעלאַדן צו זיך. געהער אויך דאָס צום באַשטענדיקן נוסח פון אייער „מאַסקאַראַד", אָדער — אימפּראָוויזירט איר אפשר — — — לויטן געבאָט פון דער שעה?...

אסתר האָט געשפּירט, ווי די שטילע, אומגעוויינטלעכע געשפּאַנט־קייט פון אָקאָרשט צעגייט, רינט אויס צווישן די פינגער, און זי אי'ז געווען דערשטוינט צו פאַרנעמען אויך אין אים די זעלביקע אַנטוישונג.

— איצט האָט איר געטראָפן דאָס „פּינטעלע מענטש" אין מיר, ווי איר רופט דאָס... — האָט ער געזאָגט זייער שטיל און די מידקייט, וואָס אין זיינע שטריכן, איז בפירוש איבערגעגאַנגען אין טרויער.

— דאָס בין איך גראָד נישט אויסן געווען. קען מען עס פאַרריכטן?

— יעדן פאַלס נישט מיט רייד וועגן אַ „דאַמע", וואָס מע פאַרבעט „צו זיך"... איר זייט נעמלעך פאַר מיר עפּעס מער ווי אַ „דאַמע"... איבעריקנס — איר מוזט גאָרנישט פאָלגן מיין עצה!

זי האָט זיך פאַרשעמט. אירע רייד — פון זינט שמעון האָט זיך אָנגעהויבן אויסצוטאָן איר דעם מאַנטל — זענען איר אַליין אויסגעקומען איצט פרעמד, כמעט וווּלגאַר.

— ס'איז פשוט שווערלעך נאָכצופאָלגן אייער געדאַנקענגאַנג. — האָט זי געזוכט זיך צו רעכטפאַרטיקן און איינצייטיק אים ווי געמוסרט: — איז עס דען נישט ווידער אַ מאָל צו איינשטעלעריש, און אפשר בלוי'ז לייכטזיניק גאָר אָן אַ שיעור: רופט דאָס, ווי איר ווילט, אָבער צו מיינען וועגן אַן אומבאַקאַנטער — זי איז פאַר אימעצן „מער פון אַ דאַמע", אויף דעם דאַרף מען דאָך וויסן עפּעס וואָס וועגן איר. און וואָס ווייסט איר?...

— קיין שום „וויסן" וועגן איר קען מיך נישט מער איבערראַשן, ווי זי אַליין... — האָט ער אָפּגעענטפערט קורץ, ווי איבערגעהאַקט ערגעץ אין מיטן...

ער האָט געעפנט דאָס פענצטער. דער שטורעם — אַרויסגעשלאָגן זיך פון די כוחות, האָט פון דעסטוועגן נאָך נישט געוואָלט זיך אונטערגעבן און מיט ווילדער הנאה געשמיסן אַצינד שמעונס פנים.

— איר מוזט נישט אַרויסשיקן דעם קאָפּ אין אַל די מבולס!...

פאַרנומען מיטן פאַרמאַכן צוריק דאָס פענצטער — האָט ער נישט גלייך איר געענטפערט. ערשט — אַ ווײַלע שפּעטער:

— אַ קאַלטער דוש קען צו נוץ קומען, ווען מ׳איז גענייגט צו ריידן אַזוינס, וואָס דאַרף בעסער ווערן פאַרשוויגן. — האָט ער מודיע געווען, צוזעצנדיק זיך ווידער לעבן אסתרן. — איר זייט מיר מער נישט בייז?...

— ניין — ווי לאַנג איז דער שיעור? אַ פּאַסאַזשיר זייט איר טאַקע נישט קיין גרינגער, נאָר וואָס טוט מען מיט אייך? אַז מ׳זאָגט: קינסט־לער — איז דאָך נישט שייך... — האָט זי געלאַכט. — אַגב, דערציילט עפּעס וועגן דעם; כ׳מיין, וועגן דער וועלט פון אייערע שאַפונגען...

איצט האָט שמעון דאָרן גערן אויפגעראָלט פאַר איר דעם בונטן טעפּעך פון זיין פאַרלאָרענער וועלט. נאָר דער פּנים־אויסדרוק, פּלוצעם ביי אים אַן איבערגעביטענער, האָט אַזוי פאַרכאַפּט אסתרס אויפמערק, אַז נישט באַלד זענען דערגאַנגען צו איר זיינע רייד. געכאַפּט דעם תוכן האָט זי ערגעץ ווו — שוין אין מיטן:

— ...פון איין זייט — געזוכט אינספּיראַציע אינעם אייגענעם נוסח טאַקע, אין דער גייסטיקער דערהויבנקייט אונדזערער. פון דער אַנדערער זייט — מאַמע־נאַטור... דער איבעררוף פון אַ פייגל־געזינדל אין ביימער־געצווייגן, די שווער־געלאָדענע, פייערלעך פריילעכע שטילקייט פון פּעל־דער אין בלי, אַ ים, אַ פאַרקייכטער אין שטורעם מיט מעוועס אין בהלה־דיקן געפלי... און — פרויען; פרויען — דאָס איז געווען מיין גרויסע פּאַסיע: אין לעבן, ווי אין דער מוזיק... מיט זיי פלעגן די בעסטע איינ־פאַלן אויפגיין ביי מיר אינעם דמיון. „מיט זיי״ — דאָס מיינט נישט שטענדיק גראָד ווערטלעך. אָפט מאָל האָב איך פשוט איינגעקוקט זיך פון מיין פענצטער; געזען, ווי זיי איילן פאַרביי די גאַס — פאַרשיידענע לויט זייער טעמפּעראַמענט און פון אויסזען: מיט פלעמלעך פון פרייד אין די אויגן, מיט פאַרביטערונג אינעם מוילווינקל; אַזעלכע, וואָס — גייענדיק, רירן קוים אָן די ערד און אַנדערע, וועמענס רוקן ס׳איז תמיד אָנגעבויגט פאַר שווערע לאַסטן... און אַ מאָל אויך — גאַרנישט זעענדיק

זיי אַפּילו, איז געווען גענוג אַרויסצורופן אין געדאַנק אַ מינדסטע קאָמ־בינאַציע פון דערינערונגען, אַז דאָס זאָל אַריינברענגען נייעם שווונג אין מיין אַרבעט... פּרויען און די פּיאַנאָ־קלאַוויאַטור: מיט ביידן האָב איך געפילט, ווי דער לעבנסקוואַל שלאָגט האַסטיקער אין מיר און טיפער...

...געווען זוכענישן און דורכפאַלן, געווען אויך דערגרייכונגען, ווי דער שטייגער. — האָבן זיך ווייטער געצויגן צו איר זיינע רייד. — נאָר דאָס אַלץ איז אַצינד אַזוי ווייט... קיין שום איבערלעבענישן זענען היינט צו טאָג נישט אין שטאַנד אַרויסצורופן אין מיר די קינסטלערישע עמאָציע. די קאָנטורן פונעם דורכגעלעבטן „ווילן" פּשוט נישט בולט ווערן אויף אַזוי פיל, אויף וויפל דאָס איז נייטיק, בכדי צו קענען איבערגעפורעמט ווערן אין אַ ניי געשאַפענע ווירקלעכקייט — די ווירקלעכקייט פון אַ קלאַנג.

נישט וואַגנדיק אַן איבעריק מאָל אַ פינטל צו טאָן מיטן אויג, איז אסתר גרינצווייג געזעסן לעבן אים — לויטער געהער. דער שטילער, הייסער געמורמל פון שמעון דאָרן איז געווען, ווי אַ הילפלאָז־פּאַרליטענער עכאָ פון לאַנג שוין פאַרשטומטע געזאַנגען. דער געמורמל איז געווען בלוט און פלייש פון זיין פריערדיק לעבן, פון די פרויען, וואָס האָבן אַזוי ווונדערלעך באַגליקט זיין פאַנטאַזיע. דער געמורמל האָט אַרויס־געכישופט פון זיינע טיפענישן די אידייען־וועלט פון יענע מאָטיוון, וואָס ער האָט קאָמפּאָנירט מיט אַזוי פיל ליבשאַפט און אייפער — אָן אָפּרו...

דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ סטאַציע, נאָר אסתר איז נישט אויסגעשטיגן. דריי פאַסאַזשירן זענען אַריין אין קופּע און שמעון האָט צוגענומען זיין טעקע און דעם נאַסן מאַנטל אַהער צו, פריי מאַכנדיק איין באַנק פאַר די אַריינגעקומענע.

דער לאָקאָמאָטיוו האָט ווייטער געלאָזן אין גאַנג די רעדער. באַלד איז אַ קאָנטראָלער אַריינגעקומען נאָכזען די בילעטן און אסתר האָט אים געמאָלדן, אַז זי איז פאַרשלאָפן איר סטאַציע. שמעון האָט בעת מעשה אונטערגעזאָגט איר דעם נאָמען פון זיין לאַגערשטעטל, נאָר זי האָט בלויז אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, און מיט נייע, קנאַקעדיק שטייפע באַנק־נאָטן, וואָס זענען ערשט אַריין אין אומגאַנג — באַצאָלט דעם צוגאָב־בילעט אין אַ ווייטן, פאַר שמעונען לחלוטין אומבאַקאַנט אָרט.

— וווהין האָט איר פאַרלאַנגט? — האָט ער איבערגעפרעגט נאָך דעם, ווי יענער איז געגאַנגען זיין וועג.

— ערגעץ, קיין „בויבעריק"... — האָט זי געלאַכט. — אַ נפקא מינא? אַבי די נאַכט אָפּגעפאָרן! אויסשטייגן איצטער אין אַ פרעמדן העק איז טאַקע נישט כדאי...

ווידער איז מען געזעסן אַקסל צו אַקסל, געשמועסט בנעימותדיק מיט אַנאַנד. נישט מער — די פריערדיקע שטימונג איז שוין געווען פאַרפלויגן, ווי ס'פאַרפליט אַ מאָל אַ געדאַנק און לאָזט זיך צוריק שוין נישט פאַנגען.

נאָר אסתרן האָט אויך דאָס נישט געאַרט איצט. זי האָט געפילט דעם צויבער, וואָס ווייעט אויף איר פון דעם פרעמדן, מ'קען אַפילו זאָגן — טשודנעוואַטע אַנבאַגעגנטן מענטש, און טראַץ דער רעגנבאַכט, וואָס דאַרף נאָך „אָפּגעפאָרן" ווערן דאָ אָן אים און טראָץ דעם אויך, וואָס ביזקל זי'ט ווידער קאָנען אַרומנעמען איר אברהמעלען, וועט נאָך דאַרפן נעמען אַ היפּשע פּאָר שעה — טראָץ דעם אַלעם האָט אַ מאָדנע הייטערקייט אין איר געשמייעט. זי איז געווען פול מיט דער באַגעגעניש און די פייערלעכקייט, איין מאָל אויפגעגאַנגען אין איר מיטן וואָרט „ע מ ד" און פאַרטיפט נאָך דורך די דערמאָנענישן פונעם אָקאָרשט פאַרלוירענעם עבר — האָט זיך נישט געלאָזט שוין צעשטערן...

מיט אים, מיט שמעונען, איז אָבער געווען אַנדערש... אַ וואָלקנדל טרויער האָט אויך פריער פאַרפּאָגעט צו מאָל דעם בלויען גלאַנץ פון זיינע אויגן, און אָט איז ער איר ווידער עפּעס נישט אויפגעלייגט. עלנ־בויגנס פאַרשפּאָרנט אין קניען, דאָס פּנים געשטיצט אויף די הענט — זיצט ער פּלוצעם אַן אָנגעדרודלטער, כמורנער. און מעג ער נאָך ווי עקשנותדיק בויערן מיטן בליק די שפּיצן פון זיינע דורכגעווייקטע שיך — איז פון דעסטוועגן קאָנטיק, אַז דאָס קער זיך מיט זיי גאָרנישט אָן...

פון שמעונס סומנעקייט און פון דעם גלאָצן אויף די אייגענע טרע־טערס איז איר געוואָרן גראָד קאָמיש. זי האָט אויפגעלאַכט און די כמאַר־נעקייט, וואָס אין זיין אויג, האָט ווידער געגומען טוקן זיך אין בלויע בליצן.

בינו לבינו האָט אָבער די באַן נישט אין קאַטאָווען אונטערגערוקט זיך ביסלעכווייז צום לאַגערשטעטל, ווו ער האָט געדאַרפט אויסשטייגן,

און באַלד האָט אויך אסתרס הייטערקייט נישט געהאַט מער אויף אים קיין שליטה. נאָך אַ ווײַלע און מ׳וועט אַלץ איינס זיך דאַרפן שיידן: ווי באַלד זי האָט שוין אַ בילעט אין דעם וויטן „בויבעריק״...

און דער צוג, ווי ר׳וואָלט פאַרט נאָך אין דער לעצטער רגע זיך געיישובט — האָט לסוף אָפּגעשטעלט פון דעסטוועגן דעם גאַנג פון די רעדער. מיט הוט און רענצל אין האַנט איז שמעון געשטאַנען פאַר אסתרן — גרייט צום געזעגענען.

— ס׳איז געווען בעסער פון גוט, נאָר צו גיך פאַרפלויגן... — האָט ער געזאָגט.

— אַל דאָס גוטע פאַרפליט מיטן קוק... — האָט זי באַנג באַשטע־טיקט.

נאָר אָט — אַ כאַפּ געטאָן איילִיק אויף זיך דעם מאַנטל, אָנווייזנדיק פאַר איינס אויך שמעונען אויף דער וואַליזע, און אין דעם בליק, וואָס האָט גראָד אויפגעריסן אין דרויסן פון ס׳ניי דעם הימל — האָט אַ בלענד געטאָן ראַפּטעם איר אָנפרעג:

— ווילט איר מיר נישט העלפן ?...

ס׳איז געווען די העכסטע צייט שוין. דער צוג האָט געהאַלטן ביים רירן פון אָרט.

---

אָפּגעבושעוועט — איז די זאַווערוכע שוין גרייט געווען צו נעמען דעם דרך, נאָר אויף דער גוטער לעצט נאָך, ווי פון זשעדנעקייט וועגן — געכאַפּט זיך אויסטרייסלען די לעצטע שטויבעלעך מראַק פונעם הימל.

אויפגעלעבט פון גאָס רעגן, איז אַ טייכל ערגעץ, זייטיק, פאַרגאַנגען זיך זשוואָווע אין זשורטשען און לוזשעס האָבן, ווי באַנומענע, געבריזגעט פון אונטער די פוסטריט, ווען — אויפפּאַסנדיק דעם נישט זיכערן גאַנג אירן אויף אומבאַקאַנטן שטעגל, האָט שמעון דאָרן געפירט אסתרן צו זיך אַהיים. צו פאַרקירצן דעם וועג — דערציילט בעת מעשה עפּיזאָדן פונעם לאַגער־לעבן, וואָס האָט זיך קאָנטיק היפּש געביטן, זינט זי מיט דניאלן זענען בשעתו אַוועק, בערך פון אַזאַ מין לאַגער — זוכן אויסקומעניש אין דער שטאָט.

אַ ווינט האָט געריסן דאָס וואָלקנקלייד אין די הייכן און דאָ, אין

דער נידער, האָט זיין גרינגער קאָפּ געהאַט בילכערע דאגות: צעפּעכערט אַ שאָק מיט ריחות איבער דעם פּיטש נאַסן טאָל. צווישן זיי — די ראָמאַשקע, וואָס סע שווינדלט מיט איר און גריבלט אויף דערבײַיקע פעלדער אַרום. פון איר טאָקע, פון דער ראָמאַשקע — גיט עס אַ ווייע פלוצעם אויף אסתרן מיט דינער און זיסער דופטיקייט, ווי פון אברהמע־לעס פריש געצוואָגענעם קעפּל.

אַנטקעגן אַ ווינטל אַ שאָלטיק קען זיך אויך שמעון נישט העלפן און אין מיטן דעם גאַנג איבער פריילעכע לווזשעס איז ער אַ בעלן איר איינצורוימען אין אויער:

...„איך גיי איבערן הימל —
און ראָמאַשקע בליט״.

— פעדעריקאָ גאַרסיאַ לאָרקאַ?... — האָט זי אויפגעפלאַטערט.

— ער אַליין — טאָקע! זייט איר אויך פון זיינע פאַרערער?

— פון די פלאַם־פייערדיקע!... און ווידער אַ מאָל דאָך — מיין מומע! פלעגט אים איינחזרן גלייך פונעם אָריגינאַל: „בלויז פון וועגן זיין מאַיעסטעט גאַרסיאַ לאָרקאַ״ — האָט זי געטענהט — „איז אויך כדאי געווען צו אָקערן מיטן נאָז דאָס שפּאַנישע לשון״...

— נאָר וואָס קומט אַרויס פון שיינע לידער?... — האָט שמעון זיך אַליין נישט פאַרגונען. — אָט זאָגט זיך: „איך גיי איבערן הימל״, און אין דער אמתן איז עס אַלץ נאָך די בלוט־געזאַפּטע דייטשישע ערד. שווער צו זיין אַ ייד, אסתר...

— אָוודאי — נישט גרינג!

נאָר, נאָך אַ פּאָר שריט, און די פרעמדע „שמעונס גיטער״ נעמען זיך אַרויסשיילן — טומאַניקע — פונעם אַרום. באַלד שפּרייזט מען צווישן צוויי הייזער־שערענגעס פון אַ געוועזענער קאַזאַרמע, איצט — דער אומגעמיטלעכער אויפהאַלטאָרט פון יידישע די־פּי׳ס.

די נאַכט שווימט — אַ וואַכע — אין קילקייט, דער לאַגער — צייט ווען שוין פאַרזונקען אין שלאָף.

— וואָס עפּעס אַזוי אָפּגעזונדערט? -- האָט אסתר געפרעגט, באַ־מערקנדיק אין דער פינצטער ווי ער מיידט גראָד די לעצטע וווינהייזער פונעם לאַגער.

— ס׳האָט מיר אָפּגעגליקט — פּשוט. באַקומען אַ זייטיקן צימער אינעם שול־בנין: אי די אַרבעט אונטערן נאָז, אי ווייטלעך פון מענטשן...

— און איך מיין — פאַרקערט: אַוודאי מ׳זאָל נישט אויסגעוואָרפן ווערן, אַבי מיט מענטשן...

— דאָס נעמלעכע זאָגט אויך מיין שכנה! — האָט ער געלאַכט, שמעון. און באַלד טאַקע דערגאַנצט: — פון יענער זייט בנין — פונקט אַזאַ צימער, ווי מיינער; דאָרט וווינט זי. ראַמט די שול־צימערן, ראַמט אויך מיינעם. באַזאָרגט פאַר איינס שוין מיט עסן און בראָקט אַריין מוסר צום „טעם" — „אַ סאָבעק זענט איר, פון אַלע מאָל און אויף אייביק. און זאָגט נישט, אַז פריער איז געווען אַנדערש: ווי איינס איז צו זיבן"... — נו, איר מעגט זיך פאַרלאָזן: קען „איינמעלדן", מיין שכנה! און אַלץ — מיט אַזוינע „אויסלענדישע" ווערטער, וואָס בלויז אַ ייד פון קאָנגרעס־פּוילן קאָן וויסן דעם טייטש...

נאָר אָט איז דער שול־בנין, און אָט — די טיר פון זיין צימער. אין דער פינצטער האָט שמעון געראַנגלט זיך מיטן נאַפטלאָמפּ, זידלענדיק דערביי די דייטשע דירעקציע פאַר אַוועקנעמען ביי דער לאַגער־באַפעל־קערונג דעם ליכט־צושטראָם אויף ביינאַכט.

זיין צימער — אַ לאַגער־צימער, ווי ס׳שיקט זיך: מיט צוויי פעלד־בעטלעך, (נישט בלויז פאַר געלעגערס, נייערט אויך צום פאַרבייטן די פעלנדיקע שטולן אין שטוב), מיט אַ קוילן־עמער און איינציקע טאַבו־רעטקע לעם אייזערנעם אויוועלע, מיט עטלעכע פּאָליצעס אויף די ווענט; דאָס פענצטער — מיט אַ ליילעך פאַרהאָנגען, דער טיש — אַ קאָמבי־נאַציע פון צוויי קעסטלעך, צוגעשפּאַרט צו אַ ווינקל און איבערגעדעקט מיט אַ שטיקל געוואַנט.

אינעם לאַנג שוין, קאָנטיק, איינגעהייצטן אויוועלע האָט נאָך גע־טליעט דער זשאַר און, צולייגנדיק קודם כל קוילן, האָט שמעון באַלד אַ פעדער געטאָן זיך אַרויפצושטעלן דעם טשייניק, וואָס איז געשטאַנען דערלעבן, אויף דר׳ערד. אסתר האָט דערווײלע אַראָפּגעוואָרפן פון די פיס אירע דורכגעווייקטע זאָקן און לעטשלעך און, אַ נישטער טוענדיק אין דער וואַליזע, געבעטן שמעונען זיך אָפּקערן צום פענצטער און בלייבן אַזוי, ביז זי׳ט פאַרטיק ווערן מיטן איבערטאָן זיך.

טוענדיק, וואָס מע הייסט אים, איז ער פאַרקראָכן הינטערן ליילעך־

פאָרהאַנג — נאָכצוזען פאַר איין וועגס, צי דער אייבערלופט איז דאָרט אָפּן, און אַז ס׳איז אים דערלויבט געוועזן זיך אומצוקערן צו דער פריער־דיקער פּאָזיציע, האָט שמעון דאָרן דערזען אַן אַנדערע אסתר: אין דעם מאָרגנראָק — פאַסטעל־פאַרביק בלומען־מוסטער אויף שוואַרצן אַטלעס (אָפּגענומען פון דער שניידערקע היינט אין שטאָט), מיט באָרוועסע פיס אין די שטעקשיך, דאָס פריש געוואַשענע פּנים אָן פּודער און ליפּן־שמינקע — האָט זי געהאַט אין איר זיינע אויגן אַ שפּאָגל נייעם חן...

די שטוב איז געווען פול מיט איר אָנוועזנהייט. פון די פּוכקע, קינ־דיש אָנגעדראָלענע ליפּעלעך, פון דעם שאָטן, וואָס שפּרייט זיך קיל און זאַנפטיק אַרום איר וואַרעם צעפינקלטן אויג, פון אַלץ האָט געשמעקט מיט גענאָד, און שמעון איז נישט געווען זיכער: חלומט ער, אָדער זיצט זי דאָ אויפן וואָר?...

דאָס אויוועלע איז באַלד געשטאַנען אין פלאַקער און אסתר גרינ־צוויג האָט זיך אָנגעבאָטן אַליין צו סערווירן דעם פאַרשפּעטיקטן מאָל־צייט.

— ס׳קומט מיר בירושה! — האָט זי געלאַכט און אירע שמאָלע, שוואַרצע אויגן, צעפינקלט מיט שפּרענקעלעך גילדענעם בלישטש, האָבן ערשט רעכט אויסגעקוקט ביי שמעונען, ווי „משיחלעך”. די גאַנצע וועלט פון זיין קינדהייט — אַזאַ קליינשטעטלדיק, ברייט־אָטעמענדיקע מיט לאָנקע און וואַלד — האָט אויפגעלעבט פון דעם אין זיין דמיון...

אויף די פּאָליצעס האָבן זיך אָפּגעפּונען רעשטלעך פון דער לאַגער־צוטיילונג און, דערגאַנצנדיק דאָס מיט ווורשט און פרוכט פון אירע שטאָטישע זאַפּאַסן, האָט אסתר אַ ביסל אומזיכער געפּאָרעט זיך אין דעם פרעמדן צימער. איר פּנים איז געווען צעפלאַמט — פון דער פּאָרע־ניש אַרום אויוועלע טאָקע, צי אַליין פון דער עצם עסקאַפּאַדע, דער גאַנג — לייכט און וויגנדיק; נישט געגאַנגען איז זי — געשוועבט: ווי די ערד אונטער איר וואָלט געבליט און איר, אסתרן, איז אַ שאָד צו צעטרעטן דעם צוויט...

שמעון האָט דערווייל צוגערוקט אַ בעטל צום טיש, ס׳זאָל זיין אויף וואָס צו זיצן און נישט אָפּווענדנדיק פון אסתרן זיינע בליקן, נאָכגע־פאָרשט איר יעטווידן באַוועג.

— צו פיל געשיר וועט איר ביי אונדז נישט געפינען. — זעענדיק —

זי זוכט עפּעס וואָס אויף אַ פּאָליצע, האָט ער זיך ווי פֿאַרטיידיקט. — זעט איר: די שכנה!... וויפֿל מאָל כ׳בעט זיך — מ׳דאַרף איינקויפֿן אַ ביסל געשיר פֿאַר דער קיך־ווירטשאַפֿט: „צו וואָס פֿאַרטאַכליעווען געלט?" — פֿרעגט זי. און פֿאַרבלאָנדזשעט אַ גאַסט אַ מאָל אַהער צו, נעמט זי שלעפּן פֿון איר באַלעבאַטישקייט די אַלע זאַכן. אויך איצטער געמיט זיך: אַפֿילו „אונטערגעפּיטערט" דעם אויוון (איר אויסדרוק). ווי דען? גערעכט זיך דאָך אויף אונדז ביידן...

— טאַקע אַ לייטישע שכנה: ווייס די גענג פֿון איר „באָס"... נאָר ווער איז מיר שולדיק? קיינער ט׳בעט ניט געשלעפּט מיך אַהער!..

דער שטילער בראָזג פֿונעם געשיר, באַגלייט מיט דער אַריינזאָגעניש זיך אַליין, האָט אָנגעצונדן אַ קונדסיש פֿייערל אין דער מאַטער בלויקייט פֿון זיין אויג.

— ריכטיק, ווי גאָלד! — האָט ער כלומרשט ערנסט באַשטעטיקט. נאָר לאַנג רייצן זיך מיט איר איז אויך נישט געווען פֿאַר זיין כוח און, ביסלעכווייז — גענומען אויפֿדעקן דעם „סוד": — „פֿון וואַנען טאַקע זאָל אַ שכנה וויסן צו ריכטן זיך בלויז אויף דעם „סאָבעק", אויב מען זאָגט נישט אָן באַצייטנס דעם געענדערטן פּלאַן?... וואָסי, שטענדיק לאָזט מען עס איבער אַ טאַטן אונטערוועגנס?... — און, אָפּגעזאָגט זיך אין גאַנצן פֿון אָנשטעל, צום איבעריקן אַנטפּלעקט שוין די וואָר: — גע־ווינטלעך, אַז כ׳פֿיר אַוועק מיין פֿאָטער צו זיינעם אַ קאַצעט־פֿריינד, פֿאַר־ווילט מען דאָרטן אַ שבת, ס׳מאַכט זיך, ווי היינט אַ, — מיט נאָך אַ צוויי טעג (אין שול פֿאַרבייט מיך דעמאָלט אַ חבר), און זאַלבענאַנד אויך — געקומען צוריק! דאָס מאָל אָבער — איר זעט דאָך: געבליבן דער טאַטע צו גאַסט אויף אַ לענגערע צייט. נו, איז דעריבער אַ וווּנדער, מע ריכט זיך דאָ אויף נאָך עמעצן, אַחוץ מיר?...

— זייט איר דאָך סתּם אַ גזלן: היינטיקע צייטן, ווי זאָגט עס נישט אַ ייד, אַז ער האָט אַ טאַטן?...

— אַלץ אויספּאַקן פֿאַר אַ מאָל?...

געווענדט צו אים מיטן רוקן, האָט אסתּר, אויף דער איינציקער טאַבורעטקע, פֿונאַנדערגעגאָסן דעם טיי אין די טעפּעלעך, און זיין קול, פֿאַראייניקט מיטן ריטשקעלע, וואָס ריזלט פֿון טשייניק, האָט אַריינגע־טריפֿט די פֿריערדיקע הייטערקייט אין איר געמיט.

די געטאָקטקייט פון איר זון־פאַרברוינטן נאַקן, עטוואָס אָנגעבויגן ביים פונאַנדערגיסן דעם אוקראָפּ, האָט אים אַ ריס געטאָן צו זיך... נאָר אָט איז שוין אסתר געשטאַנען אַן אויסגעגלייכטע, גרייט אָפּצוטראָגן די פאַרענדיקע טעפּעלעך צום טיש, און, פאַרלויפנדיק איר דעם וועג, האָט ער בלויז אָפּגעשטעלט זי, אַ צעטומלטע.

שמעונס אויגן, טיף בלויע און פאַרטומאַניעטע, האָבן אַריינגעלאַכט אין אירע און דאָס געשיר איז ווידער געוואָרן אומרויק ביי איר אין די פינגער.

— קיין צו גרויסע הילף קאָן מען סיי ווי פון אַ מאַן נישט פאַר־לאַנגען; מעג איך בעטן, איר זאָלט מיר כאָטש נישט שטערן? איר ווילט מיך דאָך נישט אָפּבריען...

זי האָט אַוועקגעשטעלט דעם טיי אויפן טישל און אָפּגעטרייסלט פונעם מיטלפינגער אַ זודיקן טראָפּן.

— אָ־אָ־אָ!... זייט מיר מוחל, אַזאַ ים־קאָטער, ווי איך בין. — איז ער געשטאַנען פאַר איר אַ פאַרשולדיקטער. — שוין לאַנג פאַרגעסן, ווי אומצוגיין זיך מיט מענטשן...

— נישט „ים־קאָטער” דווקא, נאָר מיר זענען פשוט אַלע צו איינזאַם. גוט נאָך, וואָס איר האָט כאָטש אַ טאַטן... נאָר זעט, זעט: מיר פּלוידערן דאָ אַזוי, און דער טיי פרירט דערווייליע אין די טעפּעלעך!

דער שימער פון אירע שמאָלע, שיפלעך איינגעפּאַסטע אויגן איז געווען מוטערלעך וואַרעם, איר איינזעעוודיקייט — פייערלעך און קינדיש צו גלייך: ביידע האָבן אים באַצויבערט...

נאָכן עסן האָט מען אָפּגעראַמט פונעם טישל און שמעון האָט צע־עפנט ברייט איצט דאָס פענצטער, אַריינלאָזנדיק גאַנצע באַדניעס פריש געוואַשענע לופט פונעם דרויסן.

ס'האָט מער נישט געמראַקעט. דער ווינט האָט פאַר דער צייט אויסגעדראָשן טיכטיק די וואָלקנס און געלאָזט דעם הימל בלאַנק בלוי, אָן אַ פגם.

אָפּגעגעסן — איז שמעון ווידער געזעסן לעבן אסתרן אויפן בעטל. געזעסן — געשוויגן, ווי אַ קליינער, פאַרגולמטער ייִנגל, וואָס חלומט עפּעס וואָס אויפן וואָר און ס'פעלט אים גאָרנישט נישט אויסעט אויף צו זיין גליקלעך...

נאָר באַנאַנד מיט דער דרויסנדיקער לופטיקייט דורכדרינגענדיק די קאַרגע פאָרהאַנג־מחיצה ביים פענצטער, האָט אַ האַרדע ריחות גיך איינ־געגומען דאָס צימער און דער ראָמאַשקע־ריח, אויסגעטיילט פון צווישן די אַנדערע און צונויפגעפּאָרט אַזוי וווּנדערלעך מיטן אַראָמאַט פון איר נאָענטקייט — דער אַ ראָמאַשקע־ריח האָט עס פאַרוואָרפן אויף אים אַ נעץ פון פיבערדיקע טומאַנען און באַלד איז געווען אויס ביי אים מיט דער שלווה.

— ס׳גרייט זיך אויף מאָרגן אַ שיין וועטער. — האָט ער געזוכט אָפּוועך אין רייד, און דאָס וואָרט „מאָרגן" האָט שוין באַצייטנס אָפּגע־הילכט אין אים, ווי אין אַ הוילן, פאַרלאָזענעם ברונעם. איז זי נישט די פּ י י ע, וואָס דער צופאַל האָט אים באַשערט אויף אַ ווייל? אָט איז זי דאָ, און באַלד — פאַרפלויגן...

ער האָט אָפּגעזיפצט.

— וואָס עפּעס אַזוי טריב? — איז אסתרן נישט אַנטגאַנגען די פּלו־צעמדיקע ענדערונג אין זיין געמיט. — נו, זיכער — די וואַכנאַכט...

— ניין, גראָד נישט אַזוי, אסתר... איך טראַכט וועגן דעם, אַז באַלד וועט אָפּצאַנקען די שיינע נאַכט, און — אַ קוים געפונענע, וועל איך ערשט רעכט אייך פאַרלירן...

— און פאַר וואָס זשע נישט טראַכטן גראָד וועגן דעם, אַז מיטן סוף פון דער נאַכט, מיט מיין פאַרשווינדן — וועט אויפפלאַמען אפשר אַ בענקשאַפט... דען זשע האָט איר שוין אויך פאַרגעסן דעם חסד פון בענקען?

— יאָ, געווען אַזוינס — אויף יענער זייט פון מיין לעבן. אָבער דעמאָלט... דעמאָלט איז אַלץ געווען באַפרוכפּערנדיק אָן אַ שיעור... — האָט ער געזאָגט זייער שטיל, ווי איינער, וואָס ס׳איז אים צעטרענצלט געוואָרן אַן אומגעהייער פאַרמעגן, און איצטער גייט אים נאָך בלויז אין לעבן זיך צו דערגרונטעווען, ווי אַזוי ס׳איז אייגנטלעך געקומען דערצו...

— שווער מיט אייך, שמעון, אוי — שווער!... — האָט אסתר נישט געקאָנט פאַרליידן. — איר טענהט: „דעמאָלט", און זינקט אַלץ טיפער אין יאוש. און ווו איז די דערהויבנקייט, שמעון? פון אַזאַ „דעמאָלט" דאַרף מען דאָך ווערן באַפליגלט!... ניין, נישט קיין „ים־קאָטער" זייט איר מיר גראָד, נייערט אַ ב ע ר: אַ בער, וואָס ליגט אין זיין בערלאָגע

און לעקט די פּאַרוואונדיקטע לאַפּע. נאָר אַ מענטש איז נישט קיין בער, שמעון, און מיט אָפּהענטיקייט היילט ער נישט זיינע וואונדן... וואָס דען האָט געוואָלט פון אונדז דער פּאַרטיליקער? אויב נישט — פּאַרניכטן דאָס גאַנצע פאָלק אָן איבערבלייב — אַ ל ע, איז לכל הפחות אַנטמוטיקן טאַקע, פאַרלעשן דעם געטלעכן פונק אינעם פון וויפל פורעניותן ניצול־געוואָרענעם יידן. ווילט איר דען, מעגט איר אַנטקעגנקומען זיין ווילן?! — איז זי נישט אָפּגעטראָטן און די רייד אירע, פון וועגן דער שפּעטער נאַכט־שעה די גאַנצע צייט דאָ געדעמפּטע, זענען געוואָרן באַלד האַסטי־קער, הייסער, גלייך זי וואָלט אויף ס׳כוח וועלן אָנשטעקן אים מיט איר אייפער: — און באַנאַנד מיט דער דורכגעלעבטער פּײַן האָט דאָך זיכער נאָך עפּעס וואָס געברויעט אין אייך, זיך געצייטיקט... די דערפאַרונג, שמעון — די גרויליקע דערפאַרונג פון יענע יאָרן און דער צער פון אַליינקייט: ב י י ד ע קענען זיי ווערן דאָס פּייער — דאָס געבענטשטע פּייער פאַר אייער שעפערישער פאַנטאַזיע... — נאָר כאַפּנדיק זיך פּלוצעם, אַז אירע רייד קלינגען אַ ביסל צו האַסטיק פאַר דער אָ נאַכטישער שטיל־קייט, האָט אסתר ווידער גענומען איינצאַמען דאָס קול, ביז ס׳איז אַריבער אין אַ מין געשעפּטשע, וואָס כישופט, באַשווערט: — פאַר וואָר, שמעון — דאָס פּייער איז ווייט נישט פאַרקוילט נאָך! און כל זמן אַ מינדסטער פונ־קעלע טליעט בלויז, צאַנקט אונטער אַשן, מוזט איר דען נישט, מיט אייגענעם אָטעם — אָטכאַיען אים פון דאָס ניי?!...

דאָס געשעפּטשע האָט נאָך געמאָנט און באַשוואָרן, נאָר — אַ פאַר־ציטערטער און נשתומם — האָט שמעון דאָרן שוין כמעט נישט פאַרנומען זיין תוכן.

אַ בלענדיק ליכט האָט געשניטן ביי אים די אויגן, צווינגענדיק זיי זיך צו שליסן. איינפאַלן האָבן, ווי בליצן, גענומען רייסן אין קליאָטשע די פינצטערניש, וואָס האָט אַזוי מוראדיק געקנוילט זיך אין אים זינט מאַרטאַס טויט, זינט דעם חורבן...

— — — פּיאַניסימאָ... פּיאַנאָ... אָט קווינקווילירן דאָך בפירוש קלאַנ־גען אין זיין דמיון, אָט גייען־אויף ריטעמס און טאַקטן... אין אָנהייב איינציקווייז, באַלד פליען זיי אָן בחברותא, און איטלעכער בעט זיך: „נעם אונדז, גיב ווידער אַ תיקון — באַצווינג!"

זיין געהער איז געוואָרן דורכדרינגלעך, דער בליק אַהינטער ליכט־

געבלענדטע וויעס — אָנגעשפּיצט, שאַרף. הושיע נא! זיינעט־וועגן פלאַקערט אַ סנה אין דער מדבר? זיינעטוועגן — בליצט עס און דונערט?...

און פּלוצעם — מ ע ל אָ ד י ע ס! בראשית? בראשית?! — — — —

ווי לאַנג איז ער געווען אַ צונג, אַ שטומע, וואָס טרוקנט, שמאַכט אָן קלאַנג!.. אָט פלאַטערן אויף זיין לעבנס־שיף באַנייס די זעגלעך, סע פּלייצן אין אים ווידער געזאַנגען, וואָס זי, אסתר גרינצווייג, האָט אַזוי אומגעריכט דאָ געעפנט פאַר זיי דעם וועג...

און מיט אַ מאָל איז אים געוואָרן אויסטערליש שווער, כמעט אומ־מעגלעך, צו קאָנען זיך איצטער באַהערשן: ער וועט אַרומנעמען אסתרן און זאָל זי טאָן מיט אים, וואָס זי וויל...

נאָר — לאַנגזאַם און פייערלעך האָט שמעון דאָרן גאָר אויפגעשטעלט זיך פונעם בעטל און, אַ פאַרצאַפּלטער, ווי ר׳איז געווען אין דער רגע, גענומען שפּרייזן אַהין און צוריק איבערן צימער.

ווי פאַרכליניעט פון לאַנג פאַרגעסענע געמיט־רעגונגען, וואָס פּלייצן אָן מיט אַ מאָל, איז ער געווען פּלוצעם אין סאַמע געווירבל: אַן אויפ־געלעבטער, געשפּאַנטער, געטראָגן זיך איינשטעלעריש צווישן קריעס און נישט געוווּסט אַפילו, אַז סע ברומט שוין אַרויס פון אים אַזאַ מין, אַ נאָך נישט געאָרדנטער ניגון...

אַלץ קלאָרער און דייטלעכער האָט אסתר פאַרנומען זיין אָפּגעהאַקטן, כמעט יובלדיקן געברום... דער געברום איז געווען אָנגעגאָסן מיט גבורה און צוזאָגנדיק אָן אַ שיעור, און זי האָט געשפּירט מיט אַלע חושים: די גליווער־קייט אַרום אים איז געבראָכן. זיין הארץ און דאָס צימער — באַלד וועט אַלץ פול ווערן מיט קלאַנגען...

אין מיטן פון דער ווירבלעניש, אין מיטן פונעם אָפּגעהאַקטן, כמעט יובלדיקן געברום, האָט שמעון אָפּגעשטעלט זיך ביים פענצטער: אַ צי דעם פאָרהאַנג און — איינגענורעט דעם קאָפּ אינעם לופטיקן דרויסן.

ס׳האָט שאַרפער פאַרשמעקט מיט ראָמאַשקע און פון דער אימפּע־טיקער באַוועגונג, מיט וועלכער ס׳איז פאַרשליידערט געוואָרן אויף אַ זייט דער ליילעך־פאָרהאַנג — האָט פונעם הימלפעלד ווי אָפּגעריסן זיך ראַפּטעם אַ שטערן.

שמעונס אימפּעט, באַגלייט מיטן ראַשיקן פאַרביימיגניען פונעם זיל־

בערשטרייף פאַר די אויגן, האָט אַ טשמעליע געטאָן אסתרן... צום טייוול מיט דער פאַרשטאָקטער גלייכמוטיקייט — אויף צו פלייסן! זי האָט פשוט ווייטיקלעך גערן דאָס טונקלהויטיקע פנים שמעונס — פול אויס־דרוק, דעם פרייד־גלימער, וואָס בליצט־אויף און לעשט זיך אין זיין העלאויגיקייט, און נישט צו לעצט אויך — דעם אָפּשיין פון אַ קינסטלער־געמיט טאַקע, פאַרשפּיגלט טשודנע אין די רייד ביי אים, אינעם אויפפּיר. נו, דעם גאַנצן צויבער, וואָס קומט פון זיין נאָענטקייט און נעמט זי געפאַנגען...

פלוצעם איז איר איינגעפאַלן, אַז אַ לעבן לאַנג איז זי פאַרבייגע־גאַנגען גלייכגילטיק אַ פאַרמאַכטע טיר, און איצטער זעט זי זיך שטיין אַ געשפּאַנטע פאַר דער אָ טיר, וואָס אָט־אָט דאַרף זי זיך עפענען...

זי האָט אויפגעציטערט. נישט שוין זשע — אַנטלויפן אפשר גאָר פון דעם צימער, פון שמעונען, אַנטלויפן, כל זמן ס׳איז נאָך אַלץ נישט צו שפּעט ?...

אָט שטייט ער, שמעון, ביים צעפּראַלטן פענצטער, ווי פריער אין צוג, בעתן רעגן... פילט ער, אַז ס׳גייען אים נאָך אירע אויגן און אַז באַגלייך מיט אים, וואָלט זי אויך געמעגט זוכן אָפּוואָר אין עפּעס, וואָס קומט פון דעם קילן און שטילן און דופּטיקן דרויסן ?

נאָר אויף יענער זייט פענצטער האָט די נאַכט פון הוילער פינצטער־ניש אויסגעמייסטערט געצעלטן און אין דעם פאַרטיקן, בלאַנק געשייערטן קופּאָל איינגעפּאַסט נאָך די שטערן־מאָזאַיק צום רומל... אויף יענער זייט פונעם פענצטער שפּרייט זיך אַ ליכטיקער מילכוועג און ס׳איז אינעם שטערנגאַנג, דוכט זיך, פאַרשריבן, אַז קיין אָפּוואָר איז מער נישט פאַראַן.

אויף איין רגע האָט נאָך עפּעס אַ קליאָווע געטאָן ביי אסתרן אינעם שאַרבן: דאָס קינד... און דניאל... זי האָט געוווסט, אַז באַלד וועט זי אומקערן זיך צו זייביידן, נאָר — ווי לופט פאַר דעם אָטעמצי — אַזוי איז איר שמעון געוועזן אין דעם אויגנבליק נייטיק. איר אומגעדולדיק האָרץ, דער האַסטיק בולקענדיקער דופק, די בגילופינדיקע ריזלעניש פונעם בלוטקרייז אין די אָדערן — אַלץ איז געווען פול איצט מיט א י ם. אַזוי פול, אַז זי האָט שוין קוים געקאָנט דערטראָגן אין זיך אַזאַ איבער־מאָס פון געפילן...

און שמעון גיט זיך אַלץ נאָך נישט אונטער. שטייט און שטייט דאָרט

ביים פענצטער, ווי אויף אַ לייטער צום הימל, און זעט פּאַר זיך איין ציל — אָן ערן־חוב ממש: אָפּזאָגן זיך, נישט דערקלעטערן!... צו וואָס, טייערער? וועמען איז נייטיק דער קרבן?...

צופאַלן, צופאַלן צו דעם בעכער, וואָס נייגט אָן צו איר, ווי וויין — זיין ליבשאַפט! איין מאָל באַרוישט ווערן און באַרוישן מיט שוימיקע אורווילדן פון באַגער, וואָס שלומערן אין די צעשפּילטע טיפענישן פון אַ מענטשלעך ליב. נישט מאָרגן, נישט איבערמאָרגן — היינט, דאָ!...

אַ רגע האָט זי געזוכט אויסצובויען אַ מין בריק אויף צו קאָנען וואָס גיכער צו אים גענענען. נאָר איידער נאָך די בריק איז געווען פאַרטיק, איז די ליבשאַפט אַליין שוין צו איר געשווומען אויף אַ כוואַליע פון ערב־פרייד.

שמעון האָט פאַרצויגן צוריק דעם פאָרהאַנג. אסתרס האָר האָבן צעהעלט אַלע פינצטערנישן, וואָס פרווון אין אים זיך נאָך קנוילן, אירע אויגן — פאַרשטעלט די ליכטיקסטע שטערן אין דרויסן... ער האָט אַריינגענומען אין די הענט איר פּנים.

ש־ש־ש... אַ פאַרגולמטע שטילעניש־שטוינעניש פון ערב־גליק אויפן וואָר? אַ הימלעוון ערגעץ ווו? אָן אַוועקשוועבן ווו נישט ווו?...

אָ, דיך־דינע פעדעם פון פרעמד־נאָענטער בענקשאַפט — פאַרקנוילט אין איר אייגענעם אויפברויז! אָ, פאַרלאָקונגען נישט געוווסטע, מיט וווּנדער באַזוימט! אָ, זינקעניש־פאַרזינקעניש אין לוסט!...

פרוי־מאַן, מאַן־פרוי... „צוויי וועלטן" האָבן זיך אַרומגענומען — פאַרצווילינגט אין גליק.

דעם טעם פון פּרנסה האָט מען שוין לאַנג נישט געשפּירט אין זייער שטוב, אָבער שלום־בית איז אַלץ נאָך דאָ.

אמת. די מאַמע, ווי אַ מאַמע — „יאַדעט" צו ביסלעך:

— דריי מנקרס — צו פיל פאַר אַ שטעטל, אַ גאַנצע די גרייס. דער־באַרעם דיך, אריה־ליב, טו עפּעס, זיץ נישט; די קינדער וועלן ביי אונדז חלילה אויסגיין, אַז אַ האָן וועט נישט קרייען!...

און דער טאַטע שווייגט אַריין זיין ביטער מזל אין דער גמרא... וויפל זי זאָל נישט יאַדען, דאָס בטבע געדולדיקע ווייב זיינס — ער'ט נעמען פאַר ליב. וואָס זאָל ער זאָגן? צי מעג ער דען עפענען דאָס מויל גאָר, אַפילו — אויפהייבן צו איר בלויז דעם בליק, ווען בעצם איז דאָך אַ יידענע גערעכט מיט איר מאַנען. דערצו נאָך — אַ מאַמע...

נאָר פון ערגעץ ווו יאָוועט זיך פּלוצעם גיטל, און ביי דער מאַמען ווערט אָפּגענומען דאָס לשון.

וואָסער קינד וואַקסט עס ביי זיי אין שטוב, רבונו של עולם! — טראַכט נישט איין מאָל די מאַמע. — פיר קינדער, אָן עין־הרע, אַחוץ גיטלען: ווען מען אַרט דאָס, אויב די מאַמע זאָגט אַ מאָל עפּעס דעם טאַטן? געזאָגט, נישט געזאָגט — טאָמער וויסטו! אַ וואָרט איז נישט קיין חלף: שעכט נישט...

נאָר פאַר ווען דאָס וואָרט איז נישט קיין חלף, פאַר גיטעלען איז עס אַ שפּיז, אַ פּאַרגיפטיקטע — סאַמע אין איר יונג הערצל... זי היט זיי, טאַטע־מאַמע, און ווי נאָר עפּעס, וואַקסט זי אויס צווישן ביידן. זאָגט אַליין גאָרנישט, נאָר די אויגן, געווענדט צו דער מאַמען — בעטן, באַ־שווערן... ביז די מאַמע בלייבט שטיין אַ געפּלעפּטע — סאַמע אין מיטן פון אַ האַרבן זאָג (פאַר דער מאַמען אַ זאָג בלויז, פאַר גיטעלען — אַ שפּיז און נאָך ערגער...).

— טפו, מיינע שונאים! — קען זיך די מאַמע נישט העלפן. ווי דאָס שטייט און היט, לאָזט אים די קרוין פון קאָפּ נישט רירן!...

זי האַמעוועט זיך דאָך אַליין, ווי זי קען — רעדט נאָך דערוויל געציילטע ווערטער. זי וויל אים דען ווי טאָן? דער גוטער יאָר ווייס,

ווי אַזוי, נאָר ס'קומט שוין אַליין פון זיך... אוי, ווען ס'עפנט זיך פאַר איר אַ גרוב, טאַטע זיסער!...

און וואָס קאָן טאָן דעמאָלט אַ טאַטע?... פאַוואָליע פאַרמאַכט די גמרא, פאַרנעמט ער זיך שטיל צו דער טיר.

אין דער מאַמען טוט דאָס ערשט רעכט אַ רייס־אויף דעם צאָרן:

— גרויס ביי זיך, ס'שטייט אים נישט אָן צו הערן! — וואַרפט זי אים נאָך אַ שפּילקע.

דער טאַטע, ווידער אַ מאָל ס'אייגענע: האָט זיך אָנגעטאָן אַ שלאָס אויפן מויל. שווייגט. ווי באַלד ס'קומט אים... סטייטש? נישט געבן קינדער קיין ברויט צו דער זאַט?!...

נאָר, צוריק גערעדט: ווען ס'וואָלט רק אין אים זיין געוועלדט?... וויפל מאָל אויסגעמאָסטן די באַלעבאַטישע הייף אינעם שטעטל:

— אפשר אַ ליפּע האָלץ צעהאַקן? אַ „מאָל" וואַסער ברענגען?...

— ר' אריה־לייבן — פאַר אַ האָלצהעקער, אַ וואַסערטרעגער?! מיין גאַנצער מאַיאָנטעק וועט נישט סטאַיען צו באַצאָלן!"... — פלעגט יענער, אַ דערשטוינטער, מיט אַ געמאַכטער הלצהלע אָפּפאַרטיקן אויף גיך דעם פאָרשלאַג.

און איין מאָל האָט מען אים געענטפערט גאָר בזה הלשון:

— „אויב ס'איז שוין טאַקע יאָ אַזוי ביטער, איז וואָס זשע שווייגט איר? דאַרף מען דאָך זוכן אָן עצה. וואָסי? מ'איז אין אַ וואַלד? צווישן חיות רעות, אַ?!"...

ניין. די ע צ ה איז פאַר אים קיין עצה נישט; וואָרעם אויף וואָסער חשבון מעג ער דאָ נעמען הלוואות? על כן: נ ד ב ה? — — — איז זאָל מען וויסן — אַזוי האַלט עס נאָך נישט מיט אריה־לייבן...

אָפּגעזאָגט און אַוועק אַ פאַרפלאָמטער.

זינט דעמאָלט איז דער טאַטע געוואָרן שוין גאָר אַ שותק. כאָטש צי פון אים ווערטער מיט צוואַנגען — ער שטומט. פון נאָך מער אַריינגעטאָנקייט אינעם ספר; און אפשר — אויס מורא, אין אַ בייזער רגע נישט אָפּצוועגטפערן אַ שלעכט וואָרט חס־ושלום דער מאַמען? נישט אָבער — אויס עצבות. חלילה! ער היט זיך פאַר אַזוינס, ווי פאַר פייער... ערגעץ ווו, וייס ער, איז פאַראַן השגחה. פאַראַן חשבון. טאַקע אַ בעל חוב צו ווייב און קינדער, נאָר, נישקשה; כביכול איז אַ בטוח...

בלויז טייל מאָל, צווישן איין סוגיא און אַ צווייטער... דעם שטערן געלענט אויף די פינגער, פלעגט ער זיך אויסטענהן מיט גאָט ברוך הוא אין הוילער מחשבה:

חייב. אוודאי — חייב. נאָר — צי דען: כולו חייב?... נישט געפוילט זיך, אַפילו זיך געגעבן צו וואַשן דאָס פּנים. איז אפשר אַ סברא גאָר...

דאָ פלעגט פאַלן אויף אים אַן אימה — אַרויסשלאָגן פון אים זיבן שווייסן. דאָס איז עס: אַ קנאַפּער מאמין — פאַר דעם קומט אים!...

און באַלד — איינגעקלאַמערט זיך ווידער אין ספר: דאָ איז דער טאָלק פון אַלע טאָלקן. דאָ — אמונה און טעם.

---

אַז ס'האָט דורך שכנים דערטראָגן זיך צו דער מאַמען — „אירער" האָט זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען ביי קהל אַ הלוואה, איז שוין דאָס „יאַדען" געוואָרן אַלץ אָפּטער.

נאָר ווידער אַ מאָל — גיטל...

— אַ קינד וואַקסט ביי איר: אַ תם, נישט קיין קינד, טאַטע־פּאָטער!... ביי לייטן קינדער, ווי מ'וואָלט זיי מיט האָניק געשמירט, אויב מ'נעמט זיך אָן זייער קריוודע. און דאָס שטייט און פּלאָטערט — גלייך מ'פירט דעם טאַטן שוין צו דער עקדה...

נאָר די נויט־רייף האָט אַלץ פעסטער איינגעפּרעסט אין איר קלעם די משפּחה, און דער זשאַווער פון ווייטיק — איינגעגעסן זיך טיפער נאָך אין דער מאַמען.

און ס'איז געקומען אַ צייט, ווען אַפילו גיטעלע האָט נישט געקאָנט זיין מער דעם טאַטן קיין ביישטאַנד. אומזיסט האָט זי געבעטן רחמים אַצינד מיט די בליקן... די מאַמע האָט שוין געהאַט אירע גענג: משלח געווען צו אַ חברטע מאַכן די לעקציעס, זיך שפּילן, אָפּגעיאָגט זיך ווי נישט איז, און געטאָן ס'איריקע. ווייל ווו איז אַזוינס געהערט געוואָרן — אַ מענטש זאָל זיין אַ גזלן אויף אייגענע קינדער?!... זינט די וועלט שטייט, האָט נאָך אַזוינס נישט געטראָפן! — פלעגט די מאַמע פאַרענדיקן שוין צו די פיר ווענט בלויז: ווער — טאַטע? ווו — טאַטע? אַרויס־געשאַרט זיך פון שטוב. גיי, זוך אים!...

און איין מאָל, אַז גיטעלע איז אַהיימגעקומען פון שקאָלע — — — —

נאָר וואָס אַריבערגעטראָטן די שוועל, קוים באַוויזן די טיר הינטער זיך צו פֿאַרמאַכן, און גלייך האָט איר עפּעס אַ טיאָכקע געטאָן אינעם האַרצן...

ראָכטשעס — דער עלטערער שוועסטערס דערלאַנגען וואָרעמס צום טיש, וואָס שטענדיק טוט דאָס די מאַמע; דער מאַמעס צוהאַלטן דעם אויוון, גלייך ס׳האָט מיט אַ מאָל גאָר אויפגעהערט איר אין גאַנצן צו אַרן די שטוב; דער אַנבליק פֿונעם טאַטנס פּלייצע, ווי ער שטייט אַזוי מיטן פּנים צום פֿענצטער; דאָס שווייגן פֿון די שטענדיקע צעליאַרעמטע ברידערלעך — אויף אַלץ ליגט אויסגעגאָסן אַ מוראדיקע אומהיימלעכ־קייט, אַ פּחד, אַ גרויל...

דער מאַמעס אויגן — צוויי אויסגעטריקנטע קוואַלן, וואָס האָבן קאָנ־טיק אַזוי לאַנג היינט געשפּרודלט מיט טרערן, ביז ס׳האָט אין זיי אויסגע־פֿעלט פֿלוצעם געוויין. ראָכטשעס בליקן — צום דיל געזונקען, דעם טאַטנס — אין גאַנצן נישט צו זען. שטיל. שאַ... גלייך אַ מת זאָל עס ליגן ערגעץ באַהאַלטן אין שטוב און ביי קיינעם סטייעט נישט מער קיין כוחות אים צו באַקלאָגן...

און די „יושקע״ — צעגאָסן אין טעלערס — פֿאַרעט, לאָקט דער־ווײלע און מאַניעט. נאָר קיינער רירט זיך צו איר נישט צו; אַקוראַט ווי ס׳וואָלט פֿון שטענדיק אַן געוועזן ביי זיי אַזאַ שפֿע, אַז ס׳עסן קריכט שוין נישט, ממש, אין האַלדז...

פֿון וואַנען די פֿאַרשעמטקייט, וואָס הויערט אויף אַלץ דאָ אין שטוב ?... זי שרייט אַרויס פֿון די קינדערס פֿאַרטייעטן שווייגן, פֿונעם עסן טאַקע, וואָס קיינער איילט זיך נישט טועם זיין, פֿון ראָכטשעס תּחנו־נימדיקן: — „נו, ס׳ווערט דאָך געשטאָיעט״...

נאָר צו מיינסט ווייעט מיט אומגליק פֿון איר, פֿון דער מאַמען. גלייך די צרה — דוכט זיך, אַלעמענס צרה — האָט אויף עפּעס אַ מוראדיקן אופֿן גאָר טיף איינגעקאַרבט זיך אין איר, אין איר איינער...

ניין, גיטעלע קען נישט באַגרייפֿן: אַלע — געזונט דווקא, איז וואָס פֿאַר אַן אָנשיקעניש פֿלוצעם ? פּ ר נ ס ה ? דאָס ווייס מען ! מן הסתם שוין איצטער אַן אַנדער מין צרה: אַ נייע...

זיכער עפּעס וואָס — מיט דער מאַמען... דאָס שטומע וויגן זיך איבערן אויוון אין סאַמע מיטן טאָג, ווען אַזאַ גאָלדענע ווערטאַנעס האָט געוויינט־

לעך אַ פולע שטוב מיט מחיה, דאָס אָנקלאַנגיקע באַוועגן אירס מיט די ליפּן, די מבולבלע צעשראָקנקייט אין די אויגן, וואָס לויפן גיך־גיך פון איין שטובזאַך צו דער אַנדערער און זעען סיי ווי נישט, וואָס ס׳טוט זיך אַרום — אַלץ דאָס וואָלט, דוכט זיך, געקאָנט רירן אַ שטיין... בגנבה ציען זיך טאַקע אַלעמענס בליקן אַהין צו, צום אויוון...

אַלעמענס, בלויז נישט — דעם טאַטנס... דער טאַטע שטייט, שטייט, שטייט אַלץ ביים פענצטער, דאָס פּנים געפּרעסט צו דער שויב, ווו ס׳בליען אייזיקע קווייטן. אַ טאַטע, וואָס איז נישט געוווינט גאָר צו פּטרן צייט אויף גלעמדזען אין פראָסט־פּאַרקאָוועטע שויבן?... הלמאי קוקט ער נישט, ווי תמיד, אין ספר, נייערט דווקא אין פענצטער — אין פענצטער — אין פענצטער?...

וואָס מאַניעט אים דאָרט אין די פראָסטיקע קווייטן? פאַר וואָס קערט ער זיך נישט אָפּ פונעם פענצטער, פאַר וואָס קוקט ער נישט צו איר כאָטשבי, צו גיטלען?

גענוואַלד! — וויל זי שרייען. וואָס איז געשען?!

נאָר די זעלביקע שטומעניש, וואָס האַלט איטלעכן דאָ אינעם קלעם — פאַרשנורעוועט ביי איר אויך די ליפּן, לאָזט נישט אויסריידן אַ וואָרט... שטייט זי ביים טיר, ווי אַ גולם — אָן לשון, כאָטש אָן אַ שיעור פראַגעס שווינדלען ביי איר אינעם מוח. און קיין ענטפער אויף זיי איז נישטאָ.

עפּעס מאָדנע ווייטיקן וואַרפן זיך פלוצעם אויף איר, אויף גיטלען: דאָ פרעסן צוועגגלעך צוזאַמען איר שאַרבן, באַלד באַראַבאַניעט עס גיך און גיכער ביי איר אין די שלייפן, און דער אָפּטער זאָג — דער מאַמעס — קומט אומגעריכט אויפן זינען: „סע קלאַפּט מיר אין קאָפּ, ווי מיט האַ־מערס! צוואַנגען צעקנאַקן די שלייפן!“...

צום ערשטן מאָל אין איר לעבן שפּירט זי אַזוינע יסורים. אוי, וואָלט זי צופאַלן איצט צו דער מאַמען: טוליען זיך, וויינען וויל זי, יאָמערן! צי זעט נישט אַ מאַמע, אַז גיטל... אַז העמערלעך, פייקלעך וועלן אָט אָט צעשפּאַלטן ביי איר דעם שאַרבן?...

— „מאַ־אַ — — — מע!“... — הערט זי זיך שרייען, נאָר אַחוץ איר הערט נישט קיינער.

דאָס פול־געשטאָפּטע ביכער־רענצל, וואָס זי האַלט נאָך אַלץ אין האַנט — גליטשט זיך ביי איר פלוצעם אַרויס פון די פינגער, בלייבט

ליגן אויפֿן דיל צעהאָדערט, מיט אויפֿגעריסענע שלעסער, און פֿון אינע־ווייניק פֿליט שוין אַלץ מיט אַנאַנדער...

די וווערטאַנעס — פֿריטייעט ערגעץ ווו אין דער מאַמען — כאַפּט זיך אויף, ווי פֿון הינערפּלעט. און טאַקע! צי קאָן מען דאָס צוזען און שווייגן ?...

— די ביכער וואַלגערן זיך שוין ביי איר אויף דער פּאָדלאָגע, ביי גיטלען. אַ תם וואַקסט דאָס, נישט קיין קינד — טאַטע־פּאַטער...

דער מאַמעס קול איז אויסטערליש פֿרעמד איצט. זי סיליעט די ווערטער געלאַסן, אָן אייפֿער; ווי דאָס זעגן פֿון אַ זעג אין פֿוילע, אין נאַכלעסיקע הענט. נאָר אַבי זי זאָגט עפּעס, אַבי — אַ קלאַנג, אַ סימן פֿון לעבן צערייסט דאָ די שטומקייט...

און זי, גיטעלע, שטייט אַלץ נאָך ביים שוועל — ווי אין יענער רגע, ווען זי האָט געעפֿנט די טיר און פֿון יעטוועדן ווינקעלע האָט אַ ווייע געטאָן אויף איר מיט אומגליק... שטייט און רירט זיך נישט אַפֿילו אויפֿצוהייבן די ביכער. די מאַמע איז גערעכט: אַ תם — וואָס דען איז זי ?...

און די העמערלעך, צווענגלעך פּייקלען ביי איר אינעם קאָפּ און פּרעסן — פּרעסן און פּייקלען אָן אָפּהאַלט...

נאָר אָט רייסט דער טאַטע זיך אָפּ פֿונעם פֿענצטער. לאַנגזאַם. נישט ניחאדיק. ווי ר׳וואָלט זיך אָנטאָן אַ כוח... גייט צו דער מאַמען.

דער טאַטע שטייט לעם דער מאַמען. דער טאַטע איז דאַר און קוואַר — הויט און ביין. נאָך דאַרער און קוואַרער, נאָך בלייכער, ווי שטענדיק. גיטעלע לאָזט נישט אַראָפּ פֿון אים די בליקן. דאָס האַרץ צעגייט אין איר פֿון רחמנות, פֿון ליבשאַפֿט... אַ תם, באמת אַ תם, און נישט מערער: פֿאַר טאַטע־מאַמע דאַרף מען האָבן דרך־ארץ, און זי גאָר — רחמנות... אוי, העמערלעך, פּייקלעך !...

— וואָס גייסטו נישט עסן ? — פֿרעגט דער טאַטע נישט דרייסט ביי דער מאַמען, און ס׳קול קומט פֿון אים דומפּיק, ווי פֿון אַ געפּלאַצטן ערדענעם טאָפּ. נאָר די אויגן זיינע — די אויגן... דאָס בלויזע קוקן — אַ מין בעטן מחילה.

די מאַמע צוקט מיט די אַקסלען. קוקט נישט אין טאַטנס זייט. רעדט, ווי צו זיך אַליין:

— גוט. ווויל. לאַכטיק... מיט כל הגדולות האָט ער מיך פאַרזאָרגט.
בלויז פעלט מיר נאָך — דאָס עסן צום רומל...

דער מאַמעס קול איז פרעמדער פון פרעמד — ווי פריטשמעליעט:
נישט דאָס, וואָס ביים „יאַדען"...

נאָר פלוצעם טוט זיך די מאַמע אַ הייב פונעם בענקל, וואַקסט אויס
אַ גרויסע, אַ גרויסע — — — און גיט אַ וואָרף אין ראָכטשעס זייט די
טענה, ווי אַ שטיק פייער, וואָס לעשן קאָן דאָס נישט קיינער:

— פאַר וואָס האָסטו געלאָזט, ער זאָל מיר געבן אַ פאַטש? נאַכסאָל
האָסטו געלאָזט — ר'זאָל מיך פאַטשן?...

ווי אַ פאַס — פול נאָך מיט סם־המות — פאַלט די מאַמע צוריק
אויף איר בענקל. מיד איז זי, די מאַמע, דערשעפּט ביזן ביין פונעם
אויסבראָך...

דער מאַמעס טענה צו ראָכטשען צינדט אָן אין גיטעלען אַ גיהנומ־
דיק פייער. דער קאָפּ איז אין פלאַמען, אָבער אויף העמערלעך, צוואַנ־
גען — האָט דאָס סיי ווי נישט קיין שליטה: זיי פרעסן. זיי פייק־
לען...

נאָר איין ווייטיק, דער סאַמע שטאַרקער דאָ איצטער — הייבט זיך
אריבער איבער אַלע ווייטיקן, איבער אַלע פלאַמען: דער טאַטע... אַל דאָס
אַנדערע ווערט פלוצעם איינגעשרומפּן, אין גאַנצן כמעט נישט פאַראַניק —
אַנטקעגן דעם איינעם: וואָס האָט זיך אָפּגעטאָן אינעם טאַטנס הארץ,
בעת ר'האָט...

נאָר דער מאַמעס רייד — די אויסטערלישע, און אַפילו דאָס סאַמע
עיקרדיקע: דער טאַטע — אַלץ ווערט מיט אַ מאָל דריב און דרויב גאָר
ביי גיטלען. קוים וואָס זי שפּירט עס... קיל. גוט. מנוחהדיק פלוצעם.
די פייקלעך האָבן אויפגעהערט צו פייקלען. בלויז דער דיל נעמט זיך
עפּעס הייבן און הוידען און אַזוי — אַ צעהוידעטער — שווימט ער צו
סאַמע אונטערן נאָז איצט צו גיטעלען...

— וויי מיר — גיטעלע! גיטל!... — פאַרנעמט זי נאָך דער מאַמעס
געיאָמער, און דאָס געיאָמער קלינגט אַזוי היימיש: דער מאַמעס קול פון
אַ גאַנץ יאָר.

— שאַ, שריי נישט... דאָ, טאַטע — צום בעטל!...

די שטוב — איין גרויסע צעמישעניש — דערגייט שוין נישט מער

צו גיטעלען. אַלע טוען עפּעס, העלפן. אויך דאָס קליינוואַרג איז גלייך אַרויס פון די ווינקלען — גרייט צו פאָלגן אַ גאַנג. בלויז די מאַמע איז אויס מענטש, קען זיך נישט געבן קיין עצה...

— געוואַלד! ראַטעוועט, קינדער — כ׳האָב שוין נישט קיין גיטע־לע!... פינצטער איז מיר: וואָס טוט מען, טאַטע דערבאַרעמדיקער? ווו — גיין? ווו — לויפן?...

ניין, זי שרייט נישט, די מאַמע. דורך האַלב פאַרשטשעמעטע ציי־נער — קוים וואָס סע דרענגט זיך אַרויס דאָ דאָס אַנגסטיקע מורמלען. און — פאַרבייסט דערביי מיט אַ ליפּ נאָך, ס׳זאָל נישט דערהערן חלילה עמעצער דורך דער וואַנט...

— שאַ׳ט, ס׳קינד ט׳זיך דערשרעקן! אַ דאַנק און אַ לויב אים — זי עפנט די אויג... — ברומט דער טאַטע און טרעט־אָפּ ווידער צום פענצטער.

— — — אַ טאַראַראַם, אַ בהלה פּלוצעם אין שטוב דאָ... נישט שוין זשע צוליב איר, צוליב גיטלען? עפּעס ליגט זי גאָר אויפן בעטל — אין העלן טאָג — אַ פּיטש נאַסע... דוכט זיך, געשטאַנען ביים טיר דאָך, געווען אַ תם; ווי קומט זי אַהער צו?... און דאָס מיטאָג שטייט אַלץ נאָך אויפן טיש און קיינער וואַגט נישט צו עסן. איצט ווייס זי פאַר וואָס. אַלץ ווייס זי...

ביסלעכווייז נעמט זיך איינשטעלן דער סדר אין שטוב. די יינגלעך נעמען אויך שוין פּילדערן, ווי געוויינלעך. לאַנג דערעסן דאָס שטיל־זיין!

גיטעלען איז קאַלט פון דעם וואַסער, וואָס מע האָט אויף איר גע־כליאַפּעט. זי ציטערט. די מאַמע דעקט איין, פאַרעט זיך אַרום איר, ווישט אָפּ דעם שטערן... די מאַמע איז ווידער אַ מענטש: אַ נייע נשמה איז אַריין אין איר מיט גיטעלעס געעפנטע אויגן.

— געמיינט, זי „טאַמיעט״ — און דעם קינד האָט נעבעך געשווינדלט גאָר פאַר די אויגן... — מורמלט זי אַריין צו זיך אינעם בוזעם — ווייס אַליין נישט, וואָס צו זאָגן: אַ קליינינקייט — אַ ניי־געבוירן קינד?! ווער ס׳האָט נישט געזען, ווי דאָס איז דאָ געלעגן — אַ דאַנק און אַ לויב דעם אין הימל...

נאָר גיטעלע, וואָס אַן אַנדער מאָל וואָלט זי געווען אין זיבעטן

הימל פון אַזוי פיל לאַסקע — גיטעלע נעמט זיך איצט גאָרנישט איבער...
זי זוכט איינעם דאָ מיט די אויגן: דעם טאַטן.

אָט שטייט ער דאָרטן ביים פענצטער, גלייך ווי ר'וואָלט גאָרנישט געפּאַדעט נאָר־וואָס אַרום גיטעלען... זי רופט אים. ער גייט און גייט נישט. פאַר וועמען — אַ „תם", פאַר אים איז גיטעלע אַ טייערס, אַ גאָלדנס; גרויסע מעגן ביי דעם לערנען. און ער?... אַ מענטשלעכער פּורעם אויף אים, און אינעווייניק — אַ חיה פון ווילד־וואַלד... אַ חיה! נישט ווערט צו שטיין אין אירע ד' אמות...

נאָר גיטעלע לאָזט נישט פאַרקריכן טיפער, פאַרפאַלן ווערן אין די רעיונות: זי האַלט אים פעסט, האַלדזט אים — דעם טאַטן.

— אוי, ווייצענע יאָרן! — כאַפּט זיך פלוצעם די מאַמע. — אַזאַ גאָלדן עסן שטייט דאָ און שטאַיעט: מ'זאָל זיך נאָר נישט פאַרזינדיקן, רבונו של עולם! — — — אפשר האָט חלילה עפּעס איבער אונדז געהאָנגען...

איצט דערשפּירט זי ערשט, גיטל — דעם הונגער, ווי ער גריבלט ממש אין יעדן ווינקעלע פון איר לייב. אוי — ט'זי אַ שפּרונג טאָן פון בעטל און צופאַלן צו דער „יושקע"!... אַ שאָד בלויז אָפּצולאָזן דעם טאַטן...

נאָר אָט גייט שוין די מאַמע צו איר מיטן טעלער. דער מאַמעס גאַנג איז ווידער אַ זשוואַווער, אַ גרינגער, גלייך איר בראָך איז שוין כמעט ווי קיין בראָך נישט. מאַלע, וואָס ס'טרעפט זיך ביי לייטן!...

— האָסט אים, דעם טאַטן — לייג אַריין אין אים ס'דאָברע מזל... — זאָגט זי, און עפּעס שטראַלט פון איר אַזאַ נייס, אַזאַ פרידלעכס. — קיינער האָט אים דיר נישט אויפגעגעסן... נישט קיין לעמעשקע: שפּילסט זיך מיטן טאַטן!...

חנהלע איז נאָך אַ קליינע; כאָטש זי גייט שוין אַפילו אין שולע — און אַזש אינעם דריטן קלאַס.... ס'הייסט: קליין, אָדער גרויס — אייגנט־לעך ווייסט זי אַליין נישט אויף זיכער. אַ מאָל הייסט עס ביי דער מאַמען:

— „אַזאַ קליינס זאָל שוין זאָגן דעות, וואָס פאַר אַ קלייד מ'זאָל איר אָנטאָן?!"...

חנטשע הייבט נישט אָן צו פאַרשטיין. אַז נאָר וואָס האָט זי דאָך געליאַרעמט, די מאַמע:

— „מזל־טוב, ווידער אויסגעריסן אַ פוס ביי דער פופע! אַזאַ גרויסע מויד זאָל נישט וויסן צו שוינען אַ זאַך? און קויף איר, נאָר — קויף!"...

דערוואַקסענע האָבן קאָצנקעפּ; ערשט געווען „גרויסע מויד", און באַלד פּלוצעם — „אַ קליינס!"... און מיט די ליאַלקעס — אויך די זעלביקע זאַך. אָט פאַרגעסט גאָר די מאַמע, אַז אויף דעם איז נאָך ביי זיי נישט אויסגעגעבן געוואָרן קיין גראָשן; קיין מאָל! און וויל מען האָבן עפּעס אַזוינס, מאַכט מען פּשוט אַליין: פון שמאַטקעס... ווי וואָלט עס חנטשע געהאַט אמתע ליאַלקעס, ווען נישט אַ פעטער שלמה, דער מאַמעס ברודער פון וואַרשע! האָט אין יענער גרויסער שטאָט אַזאַ מין געשעפט, וואָס מ'קען דאָרט איינקויפן פון שענסטן און פונעם בעסטן... און מענטשן טאַקע, קויפן. נישט — ווי ביי זיי, אין געוועלבל. כאָטש מ'שמועסט אין שטעטל, אַז חנטשעס טאַטע האַנדלט „גאַנץ גרויס": מ'קען ביי אים קריגן „בעזע־מער, און קין, און אויך פוטערמילך, און וואָס נישט? דערצו — דווקא ביליק. נאָר קויף אָן אָקס פאַר אַ גראָשן, אַז ס'פעלט אויס שטענדיק אַ טאָג צו דער וואָך!" אַזוי טענהן לייטן... און חנטשע מיינט, אַז אין דער גרויסער שטאָט וואַרשע איז גרינג מן הסתם טאַקע דאָס לעבן און קונים מערן זיך איבער נאַכט. אַ סימן — דעם גוטן פעטער שלמה איז דאָרט קיין זאַך נישט צו טייער: ווו עפּעס אַ געלעגנהייט, שיקט־ער־צו חנטשען אַ צאַצקע, אַ נייע.

די מאַמע שלאָפט נישט קיין נעכט פון וועגן דעם איינציקן ברודער. וויל נישט, ער זאָל זיך וואַרפן אַזוי אָ מיט געלטער. און פון זינט די

מומע רייזל, זיין ווייב — איז געשטאָרבן, זענען דער מאַמעס בריוו צו אים געוואָרן גאָר אָפטע. אין די בריוו בעט זי רחמים, ער זאָל „שפּאָרן איטלעכן גראָשן פאַר די יתומים"...

נאָר דער פעטער איז, קאָנטיק, אַן עקשן: שיקט מתנות און שיקט... און די מאַמע האַלט אין איין זיפצן:

— „אַזאַ הולטייסטווע! אַ פאַרפאַלענער מענטש — מיין ברודער!"...

אָבער אַז ס'קומט צו עפּעס, ווערט אַלץ דאָ פאַרגעסן און מע וואַרפט־אויף גאָר חנהלען די „געקויפטע" ליאַלקעס...

קומט אויס, אַז דערוואַקסענע זענען נישט בעסער פון קליינוואַרג: טוען צו מאָל, ווי סע טויג זיי. נישטאָ בלויז, ווער ס'זאָל זיי זאָגן... אָט אַ שטייגער — אויך איצטער:

פאַרנאַכט. שוין געשלאָסן ס'געוועלבל: ווען מען וויל זיך עס האָבן צו טאָן מיט פאָליציע?... דער טאַטע — אין „שטיבל", די געשוויסטער — אַוועק צו חברים פאַרברענגען. בלויז זי אַליין, חנטשע, מוז בלייבן אין שטוב מיט דער מאַמען. די מאַמע זאָגט: „קינדער זאָל מען פרי לייגן שלאָפן. זיי דאַרפן וואַקסן, און צום מערסטן וואַקסט מען אין שלאָף".

נאָר חנטשע ווייס שוין, אַז דאָס כלומרשטע „וואַקסן" איז דאָס מאָל נישט מער, ווי אַן אויסרייד. בלייבט עמעצער פון די געשוויסטער אין שטוב, מעג זי באַגלייך מיט אַנדערע קינדער אַרומלויפן אין דרויסן, און קומט די ריכטיקע צייט צו גיין שלאָפן, זוכט מען איר אָפּ אין די געסלעך...

— „נישט דער מאַמעס כוחות אַרומצויאָגן זיך מיט חנהלען". — טענהן די שטוביקע. — „נאָך דאָס פעלט איר!"

אַזוי איז חנטשע ווידער אַ „קינד" — נישט קיין „גרויסע". מעג זיך שפּילן אין שטוב, ווי לאַנג מען דערלויבט איר, און וואָס ווייטער, ווייסן דאָך אַלע...

דער מאַמען איז ווויל: דאַרף נישט זיין אַליין דאָ, ווי חנטשע... אַריינגעקומען די שכנטע שרהקע; אָנגעבויגן צו אַנאַנדער, זיצן זיי באַלד לעם דער קליידערשאַפע, ביים טישל. זיצן און שמועסן. שטיל, שטיל, אַ וואָרט נישט צו הערן.

גוט. זאָל מען זיצן. זאָל מען זיך סודען! די מאַמע ט'זיך אפשר פאַררײדן און זי, חנטשע, וועט נאָך כאָטש קענען זיך שפּילן און שפּילן...

יאָ — שפּילן. ווי אַזוי אָבער? מיט וועמען? באַלד, באַלד: זי ווייסט שוין, מיט וואָס!...

אַרויסגענומען פון קליינעם שענקל אַ בלעטל פּאַפּיר, דעם מעקער און דאָס שעכטעלע מיט קאָלירטע בלייערס, וואָס דער פעטער שלמה האָט איר אויך צוגעשיקט פון דער דער גרויסער שטאָט וואַרשע. צעלייגט דאָס אַלץ אויפן פענצטערברעטל: אָט איז עס — דאָס אמתע, טייערע!... נאָך אַ רגע און חנהלע דאַרף שוין נישט קיינעם. זי פאָרט איבער דעם אויסגעשפּרייטן פּאַפּירבלאַט אַלע מאָל מיט אַן אַנדערן בלייער און פון די פאַרביקע שטריכן און קייקעלעך, וואָס ביי דער מאַמען הייסן זיי: „קוטשעפּייקעס", וואַקסט אויס באַלד אַ בוים, און אַ הויז מיט אַ באַנק דערלעבן, און אויך אַ „לייבעלע וואַסער־טרעגער" מיט צוויי פולע עמערס...

וואָס מ׳קען אַלץ אויפטאָן מיט אַזוינע בלייערס!... אַז חנהלע האָט זיי צום ערשטן מאָל געברענגט מיט זיך אין שקאָלע, איז אַליין דער לערער פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַזאַ שאָנקייט. אַ גלעט געטאָן דאָס פּודעלע, ווי עפּעס לעבעדיקס. אַ גלעט געטאָן און געזאָגט:

— „אַ קלוגער פעטער ביי כאַנקאַ. ווייס, וואָס וועמען צו שענקען... ריסעווען, מאַליעווען — אַ פיינע זאַך, כאַנושאַ! אָט איז ביי אונדז געווען אַ מ אַ ט ע י ק אָ — י אַ ן מיטן נאָמען"... — האָט ער אָנגעוויזן מיט דער האַנט אויפן בילד, וואָס הענגט ערשט אַ וואָך צייט אינעם קלאַס דאָרט: אַ שיינס. אַ נייס. און — מיט זעלנער...

די מאַמע איז בכלל ביי דער מיינונג — נישט אַנדערש, נאָר חנטשע איז געבוירן אין אַ הייבל. אַ קליינעקייט, צו האָבן אַזאַ פעטער?... אָט האָט ער געזאָגט צו דער מאַמען, ווען זי איז ערשט נישט לאַנג צוריק געווען ביי אים אין וואַרשע אויף דער חתונה פון זיין שייקען, דעם עלטסטן: ער וואַרט שוין, אַז חנטשע זאָל ענדיקן די שקאָלע — וועט ער זי נעמען צו זיך און זי׳ט גיין אין גימנאַזיע...

און זי, חנטשע, האָט שטאַרק חשק צו לערנען. אָבער מער פון אַלץ וויל זי צייכענען: אוי, וויל זי...

איין מאָל האָט זי אויסגעריסעוועט דעם גלחס גאָרטן; מיט עפּל־ און באַרן־ביימער און מיט דער אַלטאַנע, וווּ דער קשאָנדז פאַרבעט זיינע געסט אָפּצוקילן זיך אין אַ חמימה.

— „דער גאָרטן שטייט ביי דיר אַ ביסעלע קרומלעך; נאָר ס׳שאַדט נישט!" — האָט געזאָגט דעמאָלט דער זעלביקער לערער פון צייכענען. — „אונדזער מאַטעיקאָ האָט אויך מסתמא נישט אָנגעהויבן בעסער פון דיר."

מ׳קאָן נישט זאָגן, חנטשע זאָל האָבן אַקוראַט פאַרשטאַנען, וואָס ער האָט דאָס מאָל געמיינט מיט דעם „מאַטעיקאָ". אָבער ווי באַלד דער לערער זאָגט, ווייס ער. אַבי סע שאַדט נישט; וואָס דאַרף זי דען מער?...

נאָר פון די יידישע חברטאָרינס און חברים אירע האָט זי זיך שוין געגוג אָנגעליטן — דווקא פאַר דעם אָ גאָרטן! און צום מערסטן פון איינעם אַן איציקל: געמאַכט איר אַ שם, אַז זי גייט זיך שמדן. ווייל וואָס עפּעס דעם גלחס גאָרטן?... ווי ר׳איז אַ ייד — אַלע וועלן זען, צי זי ט׳זיך נישט שמדן!...

אַז חנטשען קומען אויפן זינען די שטעכווערטלעך פון דעם איציק, נעמט זי האַסטיקער אַרומקאָלעווען מיט די בלייערס. פאַרשטייט זיך, אַז ביי אַזאַ קאָלעווען מוז מען באַלד אָנקומען איטלעכע ווילע צום מעקער און פון צו פיל מעקן קומט שוין אַוודאי קיין גוטס נישט אַרויס פאַר דער צייכענונג... או־ו־ו... אַלץ איבער אים, איבער איציקן! אָט האָט זי אַן איבעריקן שאָרעווע געטאָן מיטן בלייער און אָנגעמאַכט אַן אומ־בייטיקן זשאַבעקראַק אויפן פּאַפּיר. ווי ס׳וואָלט זיך אויסגעכליאַפּעט אַ ביסל וואַסער פון די פּולינקע עמערס... און ביי ליבעלען האָט נאָך אַזוינס נישט געטראָפן; קען גאָרנישט טר׳עפן. אַפילו — ער שלעפּט זיך מיטן וואַסער צו דער רביצין, וואָס וווינט אין דער הייך, אויף אַ שטאָק. כאָטש אַלע זאָגן — ס׳איז זייער שווער צו קלעטערן מיט אַזוינע צוויי „כוסות" אויף טרעפּ...

חנטשע לייגט אַריין צוריק אינעם שענקל דאָס צייכן־געצייג מיט „לייבעלע וואַסער־טרעגער" אין איינעם. סיי ווי נעמט שוין טונקלען צו ביסלעך, און ווי לאַנג דער איציקל פּלאָנטערט זיך דערצו נאָך ביי איר אין געדאַנק, וועט שוין ממילא עפּעס רעכטס נישט אַרויסקומען פון קיין שום צייכענונג...

זי נישטערט אַ ווײַלע אינעם זעלביקן שענקל און נעמט אַרויס פון דאָרטן אַ כאָפּטע ליאַלקעס מיט אויסגעלענקטע הענטלעך און פיסלעך, מיט אָפּגעברעקלטע גאָמבעלעך, נעזלעך... מ׳דאַרף זיך צוויילן — איינ־

וויגן וואָס גיכר דאָס קליינוואַרג. אַ שרעק, וויפל אַזוינע באַשעפענישן דאַרפן נאָך וואַקסן! און ביז דאָס שלאָפט שוין אײן ענדלעך, מוז מען זיך גוט אָפּעסן דאָס האַרץ: אַקוראַט ווי די מאַמע מיט איר טאַקע, מיט חנטשען...

אין דרויסן ווערט אַלץ טונקעלער. און דער נאַפטלאָמפּ מיטן אויס־געפּוצטן גלעזל שטייט אויפן טיש אַ פאַרגרייטער. עלעהיי וואָלט מען אים כאָטשבי געצונדן!

חנהלע קריכט אַרויס פון איר ווינקל ביים פענצטער.

— סי פינצטער... — קלאָגט זי זיך. נאָר די מאַמע איז אַזוי פאַר־שמועסט מיט דער שכנטע שרהקע, אַז זי הערט נישט און זעט נישט קיין חנטשע. כאָטש יענע שטייט שוין סאַמע לעם איר...

קלאָגט זי זיך נאָך אַ מאָל, חנטשע — פּרוווט אָנווייזן אויפן לעמפּל. דוכט זיך, שוין קלאָרער פון קלאָר. נאָר — ניין: מען רירט זיך נישט פון די ערטער.

גרויסע זענען אויך נישקשה פון שפּילקעץ... — פאַלט איר איין פלוצעם, און — ציט דער מאַמען שוין פאַרן אַרבל.

— אָנצינדן!... — פישטשעט זי, קרימט מיט די ליפּעלעך; באַלד וועט זי זיך דאָ צעקוויטשען...

נאָר די מאַמע גיט זיך פאָרט ענדלעך אַ צאַפּל, ווי איבערגעוועקט ראַפּטאָווגע אין סאַמע מיטן פון אַ מין זיסן חלום. זי טאַמיעט אַ ווײלע. באַלד אָבער — געקומען צו זיך:

— ניטע! מ׳קען פּטרן די אויגן. — יאָגט זי זיך אָפּ פון חנטשען. — חלילה — טאָג־ און נאַכט־ליכט אין איינעם!...

און ווידער אַריינגעלאָזט זיך אינעם שמועס.

חנטשע טרעט אָפּ צוריק צו די ליאַלקעס. זי לייגט איבער: אַז די מאַמע „רעדט אַ וואָרט מיט אַ מענטשן״, דאַרף מען איר גיין אויסן וועג... די מאַמע איז דווקא נישט פון די „מאָטלערקעס״. זעלטן ווען סע מאַכט זיך ביי איר אַזאַ פאַרשמועסטקייט, ווי די היינטיקע. זאָל זי זיך טאַקע אָפּרייסן אין מיצקע דרינען און לויפן גאָר צינדן דאָס לעמפּל?

אָבער חנטשע קען אויך נישט פאַרליידן. באַלד ווערט איר אַזוי אומעטיק, אַזוי לאַנגווייליק... שוין! איינגעשלעפערט אַלינקע ליאַלקעס; און וואָס ווייטער? זי׳ט דאָך נישט זיצן מיט ליידיקע הענט און זיך

שושקען, ווי אַ מאַמע, אַ שכנה. אַז זי האָט אַפּילו נישט מיט וועמען...

אמת, גרויסע ריידן אַ מאָל אויך טשיקאַווע; ווען כאָטש אַ ביסעלע העכער, זי זאָל קענען הערן ?... חנהלע שפּיצט־אָן די אויערן, וויל אַרויס־כאַפּן אַ וואָרט פונעם שמועס. בלויז „טשו־טשע־טשי" און „טשי־טשע־טשו", און מער גאָרנישט.

אַ פינצטערניש אין שטוב דאָ, אַ שטילקייט... זי וואָלט שוין אַליין געקאָנט צינדן דעם נאַפטלאָמפּ, אָבער מע לאָזט דען ?...

זי'ט פאַרט גוואַלדעווען, וויינען! אַ מאַמע זאָל זיך אָפּגעבן גאָר מיט אַ שכנה און איר, חנטשען, לאָזן אַליין אין דער פינצטער ?...

זי דרייט זיך אויס מיט פאַרדראָס צום פענצטער — אַזאַ באַעוולטע, אַזאַ מין געקרענקטע. וויל נישט מער קוקן צום טישל, ווו מען זיצט זיך אַזוי און מע שמועסט און אויף איר קוקט מען זיך גאָר אין גאַנצן נישט אום.

און אין גאַס איז לעבעדיק, פריילעך. קינדער שפּילן „בלינדע קו" און אויך „יאָגעלעך". זיי ליאַרעמען, פילדערן, פאַרהילכן דעם דרויסן. בלויז זי זאָל דאַרפן זיצן סתם אַזוי אין דער פינצטער ?...

חנטשען איז סטראַשנע... זי זאָל אַפילו וויסן, גלייך אַריינגעפּאַקט צו ווערן אין בעט, זאָל זיין באַדיי — קלעפּ: זי'ט אַוועקשלעפּן די מאַמען פון דער שכנה!

נאָר מיט אַ מאָל — שוין נישט מאַמע, נישט — שכנה... עפּעס אַנדערש ציט איר דאָ איצטער: דער פאַרהאַנג. פאַררוקט אויף אַ זייט — פלאַטערט אַזוי שיין אין אָפענעם פענצטער...

און אין דרויסן — גאָדל, פייגעלע, איציקל, זלאַטקע — וואָלטן זיכער צוגעקומען, ווען זיי זאָלן זען, ווי ס'פּאָכעט און פאָכעט אַרויס און אַריין אַזוי אָט דער פאַרהאַנג. זי וואָלט שוין דעמאָלט איינגעשטעלט, אַריבער־קלעטערן צו זיי דורכן פענצטער, און זאָל די מאַמע פּרווון אַ שפּיל טאָן מיט איר אין „יאָגעלעך", אַז אַפילו סטאַשעק דער פאַסטעך, וואָס איז שוין אין פערטן קלאַס, קען זי אויכעט נישט כאַפּן, חנטשען. אדרבא, פּרווו, כאַפּ מיך — מאַמעניו, מאַמע!...

נאָר קיינער קומט נישט אַהער צו. ווער וועט זיך אומקוקן אויף חנטשען גראָד איצטער, ווען אַלץ איז אַזוי פאַרגראַטשקעוועט: ס'גייט אַ נייע שפּיל ביי זיי דאָרטן — די שענסטע: „פּאָליציי מיט גנבים". אָט הערט זי: „פּאָליציאַ! פּאָליציאַ!"...

איז ווי גיט מען זיך פון דעסטוועגן אַן עצה? מ׳קאָן דאָך נישט זיצן אַזוי און שווייגן! עפּעס פּיקט זיך ביי איר אינעווייניק, פּיקט זיך... שאַ! און ווען זי זאָל דאָ — — — אונטערציגדן דעם פּאָרהאַנג?...

נישט איין מאָל זיך צוגעקוקט, ווי די מאַמע הייצט־אונטער דעם אויוון: אַ רוק דאָס שוועבעלע צווישן די קין־שפּענער און — ס׳פלאַקערט! דער פּאָרהאַנג איז דין־דין. משוגענערווייז וועט ער ברענען...

אויפגעבליצט אינעם קעפּל ביי חנטשען — ברויעט דאָס, ציט, לאָזט שוין נישט איינשטיין... און דער פּאָרהאַנג פלאַטערט און פלאַטערט, ווי ר׳וואָלט זיך גראָד בעטן: „צינד מיך אָן... צינד מיך!"...

איי, וואָלט איין שטוב ביי זיי געוואָרן ליכטיק און פריילעך! איי, וואָלט דאָס פייער געהאָצקעט אין אָפענעם פענצטער!... אַלע קינדער וואָלטן מיט דער מינוט איבערגעריסן דאָס שפּילן, פאַרקוקט זיך אַהער צו. און ווער האָט דאָס געמאַכט? זי — חנהלע, חנטשע!

באַלד אויף מאָרגן וועט זי ביי אַלעמען זיין „קייסער־מיילעך". יעדער איינער וועט וויסן, סע קומט איר. אַפילו איציקל ט׳נישט זאָגן — ניין!...

שוין איין מאָל אַן איציקל! זי האָט אים פיינט, ווי אַ שפּין, פאַר די אַלע גענג זיינע: ציט זי פאַר די צעפּלעך — גלאָט אַזוי, פאַר גאָרנישט; שאָפּט זיך מיט איר. דאָס — גיב אים, יענץ ברענג אים... און רייצט זיך מיט איר נאָך כסדר: שפּילט זיך נישט, זאָגט ער, מיט „מיידן". ווייל ווי נאָר עפּעס, נעמט רעגענען ביי זיי פון די אויגן... אַזאַ אויסטראַכטער! וואָלט געדאַרפט נאָך אַ מאָל געבוירן ווערן צו זען חנטשען אַ ווייגענדיקע. און שפּרינגען פון לייבוש־פּסחס קאַמערדעכל מעג ער זיך אויך ביי איר לערנען; כאָטש ר׳איז מיט גאַנצע צוויי יאָר פון איר עלטער און מיט אַ קנאָפּן קאָפּ העכער... נאָר אַבי זיך צו רייצן.

בלויז צו איין זאַך טויגן זיי אים שוין דווקא, די „מיידן": צו שפּילן טעאַטער.

אַז ס׳ווערן אים נמאס אַלע אַרומצאַפּלענישן, ווערט ער גאָר פלוצעם, ווי איבערגעביטן...

— „מירן שפּילן ט ע י אַ ט ע ר"... — ווענדט ער זיך דווקא צו חנטשען.

חנטשע ווייס אים אַפילו איטלעך מאָל פון ס׳ניי צו דערמאָנען, אַז מ׳רופט דאָס: טעאַטער. זי האָט אַליין געהערט פון איר שוועסטער... נאָר איציקל — ס׳זייניקע:

— אַ נפקא מינא! דער נאָמען איז דאָ נישט אַזוי וויכטיק, ווי די זאַך גופא.

און באַלד נעמט אַלץ גיין אויף רעדלעך...

אַמבעסטן האָט ער ליב אויפצושפּילן „חנה מיט די זיבן זין". דאַרף נישט צו דעם קיין בוך, ווי די גרויסע. טראַכט אַליין צו די ווערטער און לייגט זיי די „שפּילער" אין מויל אַריין.

אסור, צי ער האָט נאָך דעמאָלט איין שטעכווערטל פאַר חנטשען — פון וועגן די „מיידן"... ער קוועלט, לויבט זי פאַר אַלעמען אין די אויגן:

— אַזוי און נישט אַנדערש דאַרף רעדן אַזאַ „חנה" ווען דער גוישער קיסר פאַרלאַנגט פון איר אָפּצושמדן די קינדער!

רק ער פלאַנעוועט, איציקל, האַלט אין איין פּלאַנעווען — וויל עפּעס אויפטאָן.

— הער מיך אויס, חנטשע: — רעדט ער אַריין אין איר, ווען זיי זיצן פאַרנאַכט אויף די טרעפּלעך פון איר טאַטנס געוועלבל. — איכל אָנזאַמלען געלט, און מירן אַרומפאָרן אויף ירידים שפּילן טעיאַטער. ווי מיינסטו? דער גאַנצער עולם וועט שטיין מיט אָפענע מיילער, ווען דו וועסט נעמען דערלאַנגען... נאָר געלט דאַרף מען האָבן — אַ קאָפּל מיט געלט...

חנטשע הערט אויס און זאָגט גאָרנישט. באַלד וועט זי אים פאָרן אויף ירידים... און וועד וועט ריסעווען מיטן פעטערס בלייערס, אויב זי'ט אַרומפאָרן גאָר אויף ירידים? אז איר ציט גאָר בכלל נישט צו שפּילן טעאַטער. דער לערער זאָגט...

ניין, אייגנטלעך וואָלט זי אין גאַנצן נישט געדאַרפט חברן זיך מיט אַזאַ איינעם. ווייל ווי נאָר ס'איז אָפּגעשפּילט דער „טעיאַטער", ווערט ער באַלד ביטער, ווי כינע. און ווידער: — „מיידן"...

איז גוט אויף אים, גוט! איצט ווייסט ער כאָטשבי, אַז „מיידן" קענען אויפטאָן אַזוינס, וואָס אים וואָלט זיך אַפילו נישט געחלומט. אדרבא, זאָל דאָס אים איינפאַלן — אונטערצוצינדן אַ פאָרהאַנג!...

חנהלע רייבט זיך די אויגן: געמיינט, ס'ברענט שוין דער פאָרהאַנג, ערשט — זי האָט נאָך אַפילו נישט די שוועבעלעך... נאָר באַלד וועט זי האָבן; באַלד ט'ער זען, איציק־שפּיציק!...

חנטשע שאַרט זיך אַרויס פונעם צימער. אין קיך ליגן די זאַפּאַלקעס

אויפן שיבער. מ׳דאַרף בלויז אַכטונג געבן ביים אַרויפקריכן אויפן בענקל. און צו וואָס מען לייגט אַזוינס דווקא אויבן?... באַלד גייט זי פון דאָרטן — פּאַוואָליע, פּאַוואָליע, די הענטלעך פאַרלייגט אויף הינטן. אינעווייניק אין איר קאָלאָטשעט זיך עפּעס: באַך, באַך! שטעלט זיך נישט אָפּ אויף אַ רגע... נישט קיין בייס, כ׳לעבן; שטענדיק, ווען מ׳האַלט ביי טאָן עפּעס וויכטיקס — באַכעט דאָס, באַכעט...

די שוועבעלעך — זינט אַ גוטער ווײַלע ביי חנטשען אין האַנט שוין, דער פּאָרהאַנג — גרייט אַריינצוטאַנצן אין פייער. און „טשו־טשע־טשי״ צווישן מאַמע און שכנה הערט אויך נישט אויף, סע גייט, ווי אַ מזמור... גוט, זייער גוט. אַקוראַט, ווי געוווּנטשן: זאָל מען אין גאַנצן פאַרגעסן איצט חנטשען...

עפּעס מאַכט זיך דאָס אָבער נישט אַזוי גרינג, ווי זי האָט געמיינט, חנטשע. די שוועבעלעך — נאַסע, צי וואָס? זי רייבט און רייבט, און — בלויז פונקען.

זי ווערט אומרויק: נישט שוין זשע אויס „קייסער־מיילעך?״ און איציקל ט׳זיך ווייטער קאָנען מיט איר רייצן?... קיין שום זאַך וועט איר מער שוין נישט איינגיין, אויב דער זאָל נאָך איין מאָל מאַכן זיין „שנע־בעלע״ און זאָגן: — „כ׳שפּיל זיך נישט מיט קיין מיידן!״

און וואָס קען זי אים דען צוריקטאָן? אַז ער האָט אַפילו נישט קיין לייטישן חסרון, איז וואָס פאַר אַ צונעמעניש קאָן מען אים שוין געבן?... זי וועט זיך דאָך נישט מאַכן נאַריש און רופן אים: „שנעבוּתנוּ״, ווי ס׳רופט אים דער רבי אין חדר. ווייל וואָס אמת איז אמת: גראָד מיט דעם אָ גנבישן שנאָבל האָט זיין צורה עפּעס אַ קוק. זאָל זיין „שוואַרצע יאַגדע״? — טויג דאָס בלויז פאַר זיין מאַמען, און דווקא אויף צו פאַר־שטעלן, ווי זייער זי קוקט אַריין אין דעם יונגאַטש און קוועלט... ניין. „שוואַרצע יאַגדע״ איז — פּע! ס׳באַקומט זיך ערשט רעכט, ווי אַ לויב...

אָבער וואָס האָט זי זיך ווידער אַרויפגעכאַפּט אויף דעם איציקן? פאַרטראַכט עפּעס, דאַרף מען דאָך טאָן!

חנטשע נעמט צוטופּען מיט די פיסלעך, צו פאַרגלושען דאָס שוועבעלעך־רייבן. נישט צו שטאַרק אָבער, ווייל דאָס טופּען קאָן פּלוצעם דערמאָנען דער מאַמען, אַז ס׳איז אין שטוב פאַראַן דאָ אַ חנטשע און אַזוינס קען אויף ס׳ביי פּטרן אַלץ מיט אַנאַנד.

חנטשעס אויגן ווערן גרויס... גרעסער — — —

— „קייסער־מיילעך"!... — צעשרייט זי זיך מיט אַ מאָל אויף קולי קולות און פּליעסקעט צו מיט די הענטלעך.

ווײַ, ווײַ, צו פרי גאָר געפרייט זיך: די מאַמע, די שכנה... מ׳כאַפּט זיך אויף פונעם טישל, מע פּראַלט אויף טירן, מע קוויטשעט:

— געוואַלד, ס׳ברענט!... פייער — וואַסער! וואַסער — אַ פייער!...

מ׳שרייט און מ׳לעשט. מ׳לעשט און מ׳שרייט. און באַלד איז נישטאָ וואָס צו לעשן.. אַריין אַ פּאָר שכנים: וואָס? ווען? פונעם גאַנצן געשלידער בלויז אַ פלעטש אויפן דיל, וואָס די שכנטע שרהקע נעמט זיך שוין אויס־ווישן מיט אַ שמאַטע.

די אַרייַנגעקומענע האָבן אַ פּנים, ווי מ׳וואָלט זיי אַנגעפּייפּט אין די בערד: שוין גרייט געווען צו שפּרינגען אין פייער — ערשט...

די קונדסים, וואָס האָבן גלייך איבערגעריסן טאַקע דאָס וואַיעווען אין דרויסן און געקומען צו פענדזשען אַן אָטעם — זיי טשוכען זיך אויס דאָ די ערשטע און טראָגן זיך אָפּ מיטן קוק... אָבער דערוואַקסענע וועלן אַזוינס נישט שענקען.

— מענטש, וואָס טומלט איר?! — האָט ר׳ עליע צו דער מאַמען אַ טענה. — אַ פּיצעלע גאַרדין ט׳זיך פאַרנומען, מאַכט מען אַזאַ טרעוואָגע? ס׳פּאַסט פאַר ר׳ דודלס וויַיב איבערצושרעקן אַ וועלט מיט מענטשן?...

— אַלץ הייסט איבערשרעקן? — העלפט אים באַלד אונטער די באַגוידערטע ראָכמע. — אַ נס גאָר, כ׳בין אײנע אַליין געווען אין דער בעקעריי. ווען עמעצער זאָל זיין כאַטש דערנעבן, וואָלט איך אַוודאי געחלשט... גראָד געהאַלטן אין פאַרגרייטן די ראַשטשינע אויף בייַנאַכט. ס׳פעלט מיר דען צרות? מיינער כאַליעט אַלץ נאָך אין שטוב — נאָך דער לונגען־אַנטצינדונג... איר ווייסט דאָך, פון זינט כ׳האָב אים געפּאַקט שווימען נאָך מנחה־מעריב, מעשה צוציקל — אויפן טייך און געלאָזט אים דערפאַר נעכטיקן אין דרויסן, אונטער אַ בוים... שטיי איך אַזוי איבער דער באַקדייזשע, ווי כ׳דערהער מיט אַ מאָל דאָס געשריי און שפּיר שוין — כ׳פאַל אַוועק אין חלשות... נעם איך זיך באַרעווען מיט דעם חלשן און טענה צו זיך: געדענק, ראָכמע, ווי דו האַלטסט! טאָמער גיסטו דיר נאָך די שמד, קענסטו חלילה בלייבן מאָרגן אָן פדיון און קהל — אָן ברויט. הכלל, ראָכמע, וויש אָפּ די הענט אינעם פאַרטעך

און לויף בעסער אַרויס אין גאַס: אפשר גלאַט אַזוי, אַ לאַך פון אַ בייגל?...
כך הווה. איר זעט דאָך!

— אַ לאַך פון אַ בייגל?! — מאַכט די מאַמע ביז גאָר שוין באַליי־
דיקט. — און דאָס אַ?... — ווייזט זי אָן אויפן שוואַרץ באַזוימטן בלויז
אינעם פּאָרהאַנג, און באַלד אויך אויף חנטשען, וואָס שטייט אין ווינקל
נעבעכדיק און פאַרלאָרן. — אַלץ די פּאַסקודסטווע! שטייט, ווי אַ כומיקל,
מע מיינט — ס׳קאָן קיין צוויי נישט ציילן... מילא, וואָס דאָס וועט היינט
אַריינלייזן...

— ס׳הייסט — חנהלע גאָר? זי האָט עס פאַראַרבעט די זאַך?

— אַזוי ווי איר הערט!

— אָווא, ווער וואָלט זיך עס געריכט אויף אַזאַ קלוג קינד?!

— צו שמדקייטן זענען זיי אַלע קלוג.

— און ווי אַזוי זשע: אומגערן, צי וואָס?...

— כ׳זאָל אַזוי וויסן פון שלעכטס, טאַטע אין הימל! איר זעט דאָך...

— בייגט די מאַמע זיך אָן צום דיל, הייבט אויף די שוועבעלעך, קלעפּערט
מיט זיי אַ ווײַלע אין דער לופטן און צינדט שוין פאַר איינס דעם נאָפט־
לאָמפּ מיט ציטעריקע פינגער.

— נאָר איכל איר ווייזן!.. — דראָט זי ווידער צום ווינקל, גלייך
מיטן געצונדענעם לעמפל וואָלט אויף ס׳ניי צעברענט זיך אין איר דער
צאָרן אויף חנטשען.

— אָבער, אַזוי יעלהווען?... — וויל ראָכמע פון דעסטוועגן נישט
שענקען.

נאָר דאָ מישט זיך אַריין שרהקע, וואָס איז שוין דערווייל פאַרטיק
געוואָרן מיטן אויסווישן דעם דיל:

— וואָס ט׳איר זיך אָנגעזעצט אויף אַ מענטשן?! — נעמט זי זיך
אָן דער חברטעס קריוודע. — יענע לעבט קוים פון טויטשרעק און דאָ
צאַפּט מען איר נאָך דאָס בלוט מיט טענות! און וואָס עפּעס אויף איר
אַליין אויסגיסן די באַד? אויך איך האָב געשריגן — ווי דען?... גרינג
צו זאָגן: אָן ליאַרעם! כ׳וואָלט געוועגן אַ בעלן צו זען דעם העלד, וואָס
לעשט און פּייפט זיך צו, גלייך — כ׳בעט־איבער צען מאָל אייער כבוד...
איר ווייסט דאָך יאָ, אַז מלכהלע איז נישט פון יענע, וואָס רייסן זיך סתם
דעם יאַשטשיק. זי הערט דאָך נישט: מ׳דאַרף זוכן אַזאַ מין בר־דעת... —

כאַפּט זי זייטיק אַ בליק צו דער פריינדין, ווי איינער זאָגט: „ס׳איז עפּעס ניחא צו לויבן עמעצן פאַר אים אין די אויגן?“...

— טאַקע געוועזן מיר אַ חידוש... — ווערט שוין ראָכמע אַ ביסעלע ווייכער.

— און, צוריק געשמועסט, איז זי דען אַזוי אומגערעכט, שרהקע?... — נעמט זיך אויך צוריקציען ר׳ עליע, וואָס איז דער ערשטער אַרויס אָקאָרשט מיט טענות. — וואָדען? אַז ס׳פּאַליעט, ליגט מער נישט אין זינען, ווי זייען דאָס קול דורך די ציינער!... און מ׳דאַרף טאַקע בענטשן גומל: צו פריער אַ שבח דעם בורא און דערנאָך — אַ יישר־כוח די בריהס. אָן זיי וואָלט דאָס גאַנצע שטעטל געקאָנט אַוועק, רחמנא לצלן, מיטן פייער. איז נישט — אויף שטום־לשון, אָבער ספּראַווען זיך האָט מען!...

— און אַז מ׳שרייט, איז וואָס? אַ קלאָג אין די יאַטקעס — ווער איז נאָך אַזוי אײדל, ווי ראָכמע!... — רופט זיך שוין אָן אויך די קצבטע, בריינדל. מילא, ביי זיך הינטער דער טאַשעוואַניע קומט אויס צו רעדן דורך אַ זיידן טיכעלע צו אַזאַ איינער: פּרנסה — מלחמה, וואָס קאָן מען טאָן?... ביי אַזאַ געלעגנהייט אָבער דאַרף מען שוין זיין די אמתע קו — נישט אָפּוצורעכענען זיך מיט אַ קונהטע, וואָס, כאָטש טראָג איר אַקעגן דאָס סאַמע שמיליקע חלק, וועט זי דיר אַלץ איינס נאָך טרייבערן די אָדערן פון וועגן אַ מינדסטן ברעקעלע צולאָג!

זעט איין ראָכמע — זי האָט שלעכט היינט פאַרפלאָכטן דעם קוילעטש. ווי באַלד די בריינע עפּנט אויך שוין אויף איר אַ מויל...

— וואָס האָב איך דאָ געזאָגט? — פּרוווט זי זיך אויסקויפן מיט גוטן. — כ׳האָב דען געמיינט עפּעס בייזס? גלאַט אַזוי. צוליב וואָס גיט מען אַ מויל צו אכלען? ס׳זאָל רעדן!..

צעלאַכט מען זיך אויף אַ קול פון דעם ווערטל און אַלע טענות ווערן שוין פאַר איין וועגס אַראָפּגעשוימט מיט דעם לאַכן... בלויז די מאַמע, וואָס קען זיך נאָך אַלץ נישט באַרויקן, טוט קוים אַ צוק מיט די ליפּן: עפּעס יאָ, און עפּעס נישט ווי געשמייכלט...

און חנהלען איז אַצינד גאָרנישט צום לאַכן. ס׳איז איר אַזוי ביטער פון דער מאַמעס אויגן, וואָס לויפן צו איר די גאַנצע צייט, לויפן און שפּיזלען. זאָל נאָר דער לעצטער שכן זאָגן: „אַ גוטן“... — וועט שוין די מאַמע נישט שענקען.

— אַ גוטע נאַכט, ר׳ דודלס ווייב, און ליבערשט אויף שמחות!... — ווינטשעוועט־צו באַלד ר׳ עליע און שאַרט זיך בנעימותדיק צו דער טיר.

אויך שרהקע האַלט שוין ביים גיין:

— אַ גוטע־נאַכט, מלכהלע! און פאָלג מיך: נעם דיר בעסער צום מויל, איידער צום האַרצן... — זאָגט זי מילד צו דער פריינדין.

— יאָ, שכנים געטרייע, וואָס שטיי איך? די וועטשערע ט׳זיך אַליין ביי מיר נישט אָפּקאָכן אין דער היים... — דערמאָנט זיך פריידעלע „פוילקאָץ״, נאָר — רירט זיך אַלץ איינס נישט פון אָרט. — הלמאי זאָל איך לייקענען, דיינער האָט מזל, מלכהלע, סערצע: וועט אַהיימקומען פון שטיבל נאָך אַלעמען.

— אַ מאַנצפאַרשוין האָט אַלע מאָל מזל... — לאָזט ראָכמע אַראָפּ אַ זיפץ.

— נו, מיטן אויסנאָם פון דיינעם... — שטעלט זי ווידער אַריין, ברײנע. — איין מאָל פאַרגלוסט זיך אַ מענטשן צו וויסן, וואָס גוט איז, דאַרף אים זיין פלוניתטע פּאַקן און מאַכן אַ באָד!

מען קוקט זיך איבער: איי, ברײנע — נעמט זיך אָפּ פּאַר אַ גאַנץ יאָר?...

נאָר ס׳גייט אַדורך גלאַטיק. ראָכמע האַלט זיך שוין פאַר דער קליאַמקע. די ראָשטשינע וואַרט אין דער היים דאָרט, אַ שאָד די צייט! און אַחוץ דעם שטייט איר גלאַט עפּעס נישט אָן צו פאַרהערן זיך צווישן מענטשן מיט ברײנדלען...

— פאַרפאַלן, היינט איז דיין טאָג! — גיט זי כלומרשט זיך אונ־טער. — מען ווייס אָבער נישט, וואָס עס שטייט איינעם הינטער די פּלייצעס: בערעלע „ציגנבאָק״ קוקט נאָר אַרויס, ביי דיין לעבן צו ירשענען פון דיר אַ קונה... און ווו וועסטו נאָך געפינען אַזוינע אַכלערס, ווי אין ראָכמעס געזינדל?

— ביי דעם הויטשינדער האָסטו אַוודאי געפּועלט. נאָר זאָל זיין מ ײ ן היזק — זאָגט זי שוין איצטער גוטמוטיק. — וועט דער בערקע אויך וויסן מיין טעם! אַ מענטש איז דען שטאַרקער פון אייערבייגל. אויסצוהערן טאָג־טעגלעך דיין מענה־לשון און אַליין דאַרפן שווייגן צע־זעצטערהייט? ווי זאָגסטו טאַקע: צו וואָס האָט מען אַ מויל?... נו, אַ גוטע נאַכט, האַרצעדיקע און — ביי בעסערע געלעגנהייטן! נעם מיך מיט, ראָכמע, ביי מיר שטייט אויך נישט די צייט!...

— אַ גוטע... אַ גוטע... און — האָץ נישט פּאַראיבל! — ענטפערט די מאַמע און פּאַרמאַכט הינטער ביידן, און באַלד דערויף אויך הינטער פריידעלע „פּוילקאַץ" די טיר. איצט קומט די צייט אויף חנטשען.

— אַ בייז באַשריגעניש פון צען יאָר זאָל נישט וויסן, וואס ס'הייסט — זיך שפּילן מיט פייער?!... — ליאַרעמט די מאַמע נאָך פון דער שוועל.

דער מאַמעס אויגן — גרינע גאַל איצטער. די מאַמע קאָכט, זידט...

— איכל דיר וויזן: זאַפּלקעס! איכל דיר געבן — אַ פייער! איך... איך — — — איין מאָל אַ סוף פון דיר מאַכן!... — סאָפּעט זי סאַמע איבער חנטשעס צעשראָקענעם קאָפּ.

נאָר וואס קען שוין אויפטאָן אַ מאַמע, אויב זי אַליין לעבט קוים. ליגט אָפט צו בעט און אַלע אין שטוב וויסן, אַז זינט ס'האָבן זיך צוגעטשעפּעט צו איר עפּעס „ראָמאַטן", איז זי שוין גאָר אַ שאַרבן: פון דעם „ברעכן־און לאָמיען אין די קריזשעס"...

כאָטש פונעם אויסקוק זעט זיך דווקא נישט אָן ביי דער מאַמען, ווי זייער זי ליידט. דאס פּנים — אַ ליכטיקס, און אַבי זי האַלט זיך נאָר אויף די פיס, נעמט זי שוין אַלץ פאַר ליב...

דער טאַטע זאָגט:

— ברוך השם, אַ מאָלאָדיצע ביי אונדז — די מאַמע. האָט פיינט אַרויסצווייזן פאַר לייטן...

נאָר אין דער אמתן האָט די מאמע גאָר ווינציק כוחות. קומט אויס צו „לערנען אַ קינד שכל", צעיאַכמערט זי זיך טאַקע, צעכעסט, מ'קען מיינען — זי'ט דאָ צערייסן אויף פּיצלעך... אָבער אַז ס'האַלט שוין דערביי, ווערן ביי איר אַקוראַט ווי „אָפּגענומען" ממש די פינגער און פון דעם גאַנצן עסק לאָזט זיך אויס עפּעס אַזוינס, וואס די קינדער רופן דאס: „אָפּבאַרשטן די מלבושים"...

דער טאַטע — דער וואָלט יאָ געקענט דערלאַנגען די אמתע פּליאַסקעס! די האַנט ביי אים דווקא אַ פעסטע... נאָר ווערליג די מאַמע דערציילט, האָט ער מיט יאָרן צוריק „געטון טאָן אַ נדר" נישט אָנצורירן קיין קינד מיט אַ פינגער. דאס איז געווען באַלד נאָך דעם, ווי ר'האָט פאַר עפּעס אַ שקאָצעריי דערלאַנגט אַ שטויס דעם בכור זייערן, יאָסלען, וואס איז אַלט געווען דעמאָלט אַ יאָר זעקס. אַזוי זיך, גאָרנישט קיין

וואַזשנעם שטויס, און — אויסגעלענקטביים יינגל דעם אַקסל... פון יענעם טאָג אָן ווייסן אַלע — דער טאַטע וועט אויף אַ קינד נישט ליגן קיין האַנט.

האָט אָבער דער טאַטע אויף קליינוואַרג אַן אנדערע בייטש. אַזוינס, וואָס ערגער פון אַלץ אין דער וועלט... טאָמער עפּעס, שטעלט ער זיך אַוועק און רעדט „צום נאמנות:"

— ווער ווייס ניט, אַז די מאַמע איז ווי אַ באַנקע אויפן וואַסער: היינט איז זי דאָ, מאָרגן, חלילה — — — כ'האָב מורא צו ברענגען אַזוינס פאַרן מויל... איז וועט מען איר נאָך אָנטאָן צרות?...

אַז חנטשע דערהערט די אָ רייד פונעם טאַטן, ווערט זי אויס חנטשע. ווען מ'זאָל שמייסן אויפן הוילן לייב מיט אַ רימען, וואָלט אויך נישט געקענט מערער ווי טאָן.

נאָר אַצינד איז נאָך אַלעמען... שוין. איבערגעקומען דאָס אויכעט. זי ליגט אין בעט און כליפּעט שטיל-שטיל אַריין אינעם קישן.

אַלע זענען ווידער אין שטוב: דער טאַטע, די שוועסטער מיטביידע ברידער... דערוווּסט זיך אין גאַס און געקומען צו לויפן. שוין אָפּגעגעסן וועטשערע, ריידן אַלץ נאָך וועגן חנטשען, וועגן דער „שריפה"...

און אין דרויסן האַלטן די קינדער אין איין וואַיעווען. דאָס שפּיציקע געוואַלדעווען — איציקלס, שטעקט אַרויס, ווי אַן אַל פונעם זאַק, מיט קולות.

חנהלע פּרוּווט טרעפן, מיט וואָס פאַר אַ זאָגעכצל ר'וועט זי מאָרגן פאַרשעמען:

— „אַז מיידן נעמען זיך צו עפּעס"...

אָדער:

— „אַז מ'האָט שוין יאָ די שוועבעלעך אין האַנט, און ס'ברענט שוין אויכעט מיט מזל, נעמט מען און מ'טוט אַזוינס אַליין פאַרטאַכליעווען! אַז כ'זאָג — מיידן"...

נאָר זאָל ער אַפילו זאָגן דאָס ערגסטע, זי'ט אים סיי ווי נאָך ווייזן! ווען זי זאָל נישט מוזן דאָ ליגן אין בעט, וואָלט זי אים איצט-באַלד געוויזן:

— אַנו, „שנעבותנו", פּרוּוו — כאַפּ מיך!

וואָלט ער דאָס געמאַכט אַ פּנים!... דער שנאָבל וואָלט זיך אויסגעצויגן

ביי אים נאָך לענגער. ווייל ווער קען עס בייקומען חנטשען אין לויפן?

אָבער וואָס קומט אַרויס פון דעם אַלעם, אַז דערווייילע דאַרף זי דאָ ליגן — זיך צוהערן, ווי ער פירט די קאָמאַנדע אין דרויסן. און זי איז דאָך גאָרנישט שלעפעריק אפילו. ס׳פאַלט איר נישט איין נאָך צו שלאָפן!

ריווטשע, קלמן און יאָסל זענען שוין ווידער אַוועק אין גאַס. טאַטע־מאַמע זיצן זיך ווייטער, ווי קיין מאָל גאָרנישט און שמועסן... זיי מעגן. אַלץ מעגן זיי, און זי — גאָרנישט. ווען מ׳זאָל וויסן — זי וויינט, וואָלט מען מסתמא אויך דאס איר פאַרווערן...

גרויסע זענען „גזלנים״. זאָל זי נאָר אויסוואַקסן, ווי די מאַמע, ווי ריווטשע, וועט זי אויך זיין אַ „גזלנטע:״ טאָן אַלץ, וואס זי׳ט קענען! און אויב זי׳ט אַפילו נישט קענען, וועט זי אויך טאָן, אַבי זי׳ט בלויז וועלן... אַ־אַ־אַ — — — — ניין, זי׳ט אין גאַנצן ניט שלאָפן; אפילו זי געגעצט!... גרויסע — זענען — „גז־לנים״... אויף להכעיס... נישט שלאָפן... „גז־ל־נים״... נישט שלאָ־אָ — — — —

חנטשע אָטעמט־אָפּ טיפער, גיט זיך אַ שאָקל, אַ וואַקל — און פאַראַלט אַריין, באַנאַנד מיטן בעט, גלייך אין חלום...

אַלע צרות פון וועגן אַן איציקל, פון וועגן די גרויסע, זיינען אָפּגעשווומען ערגעץ ווייט, און זי איז אין מיטן פון עפּעס אַ גרויסן וויל־טאָג. אָ, וועלכע וווּנדער!...

חנטשע איז דאָס בעסטע מיידל אין דער וועלט. טאַטע־מאַמע, שטעטלדיקע, די קינדער — אַלץ צאַצקעט זיך מיט איר. וואָס זי זאָל נישט אָפּטאָן, איז ביי אַלעמען רעכט.

— „אַ געזונט אויף איר״ — קווועלט די מאַמע. — „שוין ווידער געפּאַלמעסט אַ פּופּע! געזען אַזאַ אוצר? קען נישט שטיין מיט פאַרלייגטע הענטלעך!״..

— „וואָדען״... — פּאַטאַקעווען שכנים. — „אַ טייערע מויד וואַקסט זי ביי אייך, די מיזינקע!״.

און אָט קומט דער לערער און טענהט — אירע בילדער וועלן נאָך הענגען לעבן מאַטעיקאָס.

און פּלוצעם — זי גלייבט קוים די אייגענע אויגן. נאָר אויך דאָס איז פון דעסטוועגן אמת, זי זאָל אַזוי ווערן אַ גרויסע!...

— „קיי־סער!... מיי־לעך!״... — שרייען די קינדער און גייען באַלד

אַן „אינדיאַנער־טאַנץ" אַרום חנטשען. און איציק? אָט לויפט ער גאַלאָפּ, מעשה לאָשיק, פון איינעם צום אַנדערן, אָט שפּרינגט ער און האָצקעט משוגענערווייז אויף איין פוס, ווי אַ חנוכה־דריידל, אָט כאַפּט ער אַראָפּ פונעם קאָפּ דאָס קאַשקעטל און וואַרפט עס הויך ביזן הימל און גוואַל־דעוועט דערביי אויף אַ קול:

— „בראַוואָ — מיידן!"...

נאָר צי וואָלט דען אַזוינס געקענט גאָר געמאָלט זיין, ווען נישט נאָך אַ וווּנדער. דער גרעסטער: די מאַמע איז געוואָרן אַן אמתע גוטע פייע... דער פּאָרהאַנג פלאַקערט אין אָפענעם פענצטער און — נישט זי שרייט, נישט זי לויפט לעשן די שריפה. שטייט און שפּיגלט זיך אין דעם פייער, אין חנטשען...

— „אַ לעבן אויף איר, אויף מיין חנטשען: ווי זי מאַכט עס אונדז ליכטיק אין איטלעכן ווינקל!"... — זאָגט די פייע און דאָס פּנים שיינט ביי איר, ווי די זון נאָך אַ רעגן.

פון צו פיל ווילטאָג נעמט שוין חנטשע אַזוי בריקעווען, אַז דאָס געלעגער צעטרעשטשעט זיך הינטער איר אויף אַלע זאַסטעווקעס...

טאַטע־מאַמע רייסן זיך אָפּ פונעם שמועסן און ווענדן אַהין צו דעם בליק.

— אַפילו אין שלאָף רוט דאָס נישט: אַ סמבטיון! — דערלאַנגט דער טאַטע אַ וואָרטש.

— אַ געזונט אויף איר: ס'איז דאָך אַ קינד — דאַוועטשע! עלעהיי וואָלט בלויז געווען צו איר כוח...

— פון דעסטוועגן, מלכה: כ'האָב זייער מורא — וואַקסט אַ שאַדנ־ווינקל, די מויד!

— אַ משפּחה־פעלער, וואָס ווילסטו?... — לאַכט שטיל די מאַמע און דער בליק מיניעט זיך ביי איר מיט יונגן פייער. — קאַרג קעליש־קעלעך האָסטו עס אין דער היים ביי אייך צעטראַסקעט? און בלויז דאָס?... — די שוויגער, עליה השלום, האָט נישט איין מאָל דערציילט, וואָס פאַר אַ מזיק ביסט געווען קליינערהייט! און איך אַליין — נישט געווען קיין שקאָדניצע, מיינסטו? אויך געמוזט „דערגרונטעווען" זיך צו איטלעכער זאַך! מערטשעם, אין אונדזערע יאָרן וועט זי שוין זיין מיט גאָטס הילף אַ סטאַטעק... זעסט — זי גיט מיר גערעכט?! — ווייזט

די מאַמע אָן אין דער זייט פונעם בעטל: אַט דערלאַנגט חנטשע דאָרט ווידער אַ בריק מיט די פיסלעך און ס׳ליילעך ליגט שוין ביי איר אויף דר׳ערד.

די מאַמע גייט צו, הייבט עס אויף, נאָר איידער זי דעקט איין צוריק די מיזינקע, פאַרגינט זי זיך נאָך צו שטיין אַזוי אַ ווײַלע ביים בעטל און קוויקן זיך מיט דעם בילד:

דאָס „שאָדנווינקל" האָט שוין באַוויזן צו פאַרקאַשערן דערווײַלע דאָס העמדל סאַמע ביזקל דער גאָמבע, און די מאַמע זעט איצט אַ הערשעלע אין געלאַף — נישט קיין חנטשע; אַ הערשעלע, וואָס אימעצער האָט אים פון זביטקע וועגן פאַרשלײַערט דעם האַלדז מיטן העמדל... דאָס שפּיציקע מאָרדעלע פאַרריסן פריילעך צום סופיט, די גלידער צעשליידערט אין אַ מין ליגעניש, וואָס קוקט אויס, ווי געפּענדזשעט — כאַמערט עס דאָ אַזוי מחיהדיק און מאַכט טשודנע העוויות אין שלאָף.

און די מאַמע צעגערט אַלץ נאָך מיטן איינדעקן חנטשען. שטייט און האַלט איין דעם אָטעם. שטייט און שטוינט:

און דאָס אַ באַשעפעניש — אַ ברוינס, אַ געטאָקטס, ווי אָפּגעשייערט פון דער זון אויף גלאַנציק — אָט דאָס „הערשעלע" איז טאָקע אירס? אַרויס פון איר דיך?... — קען זי אַליין זיך קוים גלייבן. און איבערגעוועלטיקט אין גאַנצן פון דער שטומער און גליקלעכער שטוינעניש, לאָזט זי ענדלעך פאַלן אויף חנטשען דאָס אָפּגעקילטע געוואַנט.

דער מאַמעס „הערשעלע" גיט זיך אַ טשוכע, נעמט זשעדנע קייען עפּעס אַ קוידערוועלש, פול מיט צונג און מיט ציינדלעך, און די כידקע „טלאָען" שאַטקעווען בעת מעשה נאָך אייפערדיקער דעם שטרויזאַק. נאָר באַלד, אַריינגעקאָפּעט אין ליילעך, צעעפנט דאָס אַ רגע די אויגן, פאַרחידושט, אין מיטן „געלאַף": דער מאַמעס פּנים שיינט ווי זיבן זונען, און חנטשע דערקאָנט די „גוטע פייע" פון חלום...

---

זינט יענעם אויפדערנאַכט זענען נישט בלויז וואַסערן אַ סך אָפּגע־לאָפן... איז דערפאַר אפשר די געדעכעניש וועגן דעם אַלעם אַזוי מלא וווּנדער, אַז צו מאָל ווייסט זי קוים, חנטשע: געווען אַקוראַט, ווי ס׳גע־דענקט זיך, אָדער — שטיקט זי דאָ בילדער פון קאָפּ?...

נאָר אויסגעפּוצטע אין בגדי שבת, צי אין זייער וואָכעדיקן הילוך, האָבן דען נישט יענע מעת־לעתן פאַר איר דעם זעלביקן חן? און איז דען נישט פול מיט זיי ביז היינט דאָ איר וועלט?... און כאָטש מ׳איז אַליין איצט אַ מאַמע, דערצו אויך — כמעט נאָך אַ נייע עולה מיט אַ שיכון־דירה און מיט כלערליי אַנדערע ליידן און פריידן, וואָס אויף דעם היגן לשון מיינט דאָס: „קליטה״, פון דעסטוועגן פלאַטערט אַלץ נאָך דאָס גינגאָלד פון קינדישע יאָרן אינעם געמיט... אָט ראַמט זי די צימערן, חנטשע, און שפּינט בעת מעשה פון ס׳ניי יענעם וויטן, שיער נישט — אומגלייב־לעכן חלום, ווען זי איז געווען אַ „שאַדנווינקל״ מיט צעפּלעך און איינער, אַן איציקל, פלעגט נישט דורכלאָזן די מינדסטע געלעגנהייט מיט איר זיך צו רייצן...

אַ שטוב, טאַטע־מאַמע און שכנים... אַ „לייבעלע וואַסער־טרעגער״, אַן וועמען ס׳איז קוים מעגלעך פאָרצושטעלן זיך זייער שטעטל, דעם „גלחס־גאָרטן״ אויף חנטשעס אַן אומבאַהאָלפענער צייכענונג און דער שמד־בילבול טאַקע, וואָס שטאַמט פון דעם זעלביקן איציקל. און — אַ פּעטער שלמה, פאַרשטייט זיך...

וואָס האָט ער אַלץ נישט אויפגעטאָן פאַר איר, דער פּעטער?... געהאַלטן ביי זיך אין הויז ביזן פאַרענדיקן די גימנאַזיע, דערנאָך — געשיקט אין פראַנקרייך שטודירן.

סאַמע אין אָנהייב איז, אמת, געווען ביי אים אַ מחשבה חתונה צו מאַכן די פּלימעניצע מיטן זון זיינעם, מיט לייבטשען. נאָר לייבטשע איז גראָד געווען אַ מאָדנע גלייכגילטיקער צו מיידלעך, מ׳קאָן זאָגן — אַ נזיר. און צו חנטשען האָט אים ווינציקער נאָך, ווי צו וועמען נישט איז, געצויגן. בכלל — געהאַט אויסצוזעצן אַ סך קעגן יענער, וואָס דער טאַטע האָט געוואָלט באַשערן אים פאַר אַ זיווג...

— „פון אַלץ צינדט זי זיך אָן, די חנה!״ — פלעגט ער נישט קענען פאַרליידן, גערופן דאָס „קעלבערנע התפעלות״ און געגעבן זיך ממש די מי צו פאַרמיאוסן אַלץ אין דער וועלט ביי איר אין די אויגן...

אַלץ אין דער וועלט טאַקע, נאָר נישט דאָס שאַפן, די בילדער... וואָרעם — אַ טראַכטער, אַ גריבלער — איז אָבער דער לייבטשע אַליין אויך געווען געכאַפּט אין דער מעשה: בשום אופן נישט געוואָלט ווערן קיין רב, ווי ס׳האָט אים געבאָטן דער טאַטע, און באַגלייך מיט חנטשען

אַריינגעלייגט ס׳חיות אין מאָלן. און געווען איז דאָס ביי אים אַ מין עיקר: אַזוינס, אַן וועלכן זיין לעבן וואָלט האָבן אַ דרייער אין גאַנצן די ווערט... אין חנטשען האָט ער אַרויסגעפּילט עפּעס פון זיין אייגענער פאַרקאָכט־קייט, דעם זעלביקן ברען און פון דעם אָ שייכות מסתמא האָט מיט דער צייט אויסגעוועבט זיך אַ פריינדשאַפט, וואָס האָט אויף עולמות פאַרבונדן די צוויי.

דאָס מיינט נישט, אַז צו אירע אַרבעטן זאָל ער ווען נישט איז האָבן צוגעגאַנגען מיט מילדקייט, אָן שטרענגן געמיט. שטענדיק געהאַט וואָס צו טאַדלען, דער קפדן!

צו מאָל האָט חנטשע אַפילו געקלאָגט זיך אויף אים פאַרן פעטער.
— „גוט". — האָט זי געטענהט. — „זייער גוט, וואָס ער איז נישט געוואָרן קיין רב טאַקע: אַלע שאלות וואָלט ער זיי דאָ געפּסקנט אויף טריפה"...

און דער פעטער פלעגט איר אויסרעדן, אויף זיין שטייגער:
— „פון דעסטוועגן נעם זיך נישט איבער, חנטשע! שוין צייט דיר צו וויסן, אַז וועדליג מיין זון, זאָל לעבן, איז אַפילו דאָס גלייכסטע — אויך אַ ביסעלע קרום"...

נאָר אַז לייבטשע האָט גענומען צו פיל שוין דרייען מיטן גראָבן פינגער איבער אירן אַ לייוונט, איז זי נישט איין מאָל אַרויס פון די כלים; פאַר־שטעלט זיך די אויערן און געשריען אויף אים: — „קרומער האָקן!"...

בלויז זעלטן, זייער זעלטן, ווען חנטשעס אַ בילד האָט גאָר שטאַרק ביי אים אויסגענומען, פלעגט פון דעסטוועגן זיך בייטן ביי אים די מראה... און געפונען האָט דאָס אַן אויסדרוק אין דער פלוצעמדיקער פּנים־צעפלאַמטקייט, אינעם אויגנבליעסק, און אין אַ קורצינקער פראַזע:
— „געלער גנב"...

פאַר וואָס „געלער גנב", בעת אירע האָר זענען דווקא טיף־ברוינע און דאָס פּנים אויך אַזאַ טונקלס, אָן שמץ פון איין זומערשפּרענקל אַפילו, דאָס האָט חנטשע קיין מאָל נישט געקענט תופס זיין. אָבער סיי אַליין פון דער פראַזע, סיי אויך פון דער שטאַמלענדיקער גערירטקייט, וואָס איז אַזוי אומגעווײנטלעך, כמעט אויסטערליש ביי אַזאַ לייבטשע — פלעגט פאַרכאַפּן ביי איר דעם אָטעם...

נאָר מיט ליבע האָט דאָס געהאַט אַ גאָר קנאַפּן שייכות... חנטשעס

האַרץ איז שוין דעמאָלט געווען אין די בריוו, וואָס זי פלעגט באַקומען און שרייבן אַזוי פיל צו איציקן. דעם אייגענעם, ווען זי האָט ערשט נישט לאַנג צוריק אַזוי פיינט געהאַט פאַר זיינע פאַרשווערונגען קעגן „מיידן"...

און איציק איז צו יענער צייט אויך שוין עוסק געווען אין וועלט־לעכן לימוד: געגרייט זיך צו מאַטוראַ־עקזאַמענס. געקנעלט טאָג און נאַכט, אַבי דעריאָגן, דערגרייכן, נישט בלייבן הינטערשטעליק לגבי אַ מיידל — זיין מיידל...

ווי נאָר דער פעטער האָט דערשנאַפּט, פון וואַנען ס'ווייען דיווינטן, האָט ער גענומען זוכן אַ תכלית אויף פאַר דעם איציקן... אַזאַ שניט געווען שוין ביים פעטער: אַליין אַ חסיד, אַן עילוי, האָט ער עולמות געהאַלטן פון לערנען. אויב נישט יידישקייט, תורה — זאָל כאָטש זיין לימודי חול. אַבי אַ קענער, אַ בקי...

מענטשן האָבן אים אויסגעריסן ממש די אויגן: מילא, אַ שוועסטערן־טאָכטער; אָבער אַ פרעמדן „יונג" אויך נאָך? אַ משוגענער ייד, דער שלמה!...

ערשט חנטשעס מוטער האָט אים געמאַכט מיט דער בלאָטע צו גלייך, דעם „מענטש, דעם פאַרפאַלענעם"... באַשוואָרן, ר'זאָל זיך נישט דער־וועגן, וואָרעם ס'איז גענוג שוין די הולטייסטווע מיט חנטשען. געוואָרנט, אַז ביי אַזאַ פּירעכץ וועט ער זיך דערשפּילן אויף די עלטערע יאָרן צו גיין, חלילה, איבער די הייזער. און, לסוף — בפירוש געסטראַשעט, אַז דאָס פאַרשטאָרבענע ווייב זיינס וועט אויך נישט רוען אין קבר, אויב ער'ט דאָ צונעמען ביי די יתומים דעם ביסן...

זי האָט געפייערט, די שוועסטער. יעדעס וואָרט — אַ פלאַם אים אין פּנים... נאָר דער „משוגענער ייד" און „פאַרפאַלענער מענטש" האָט צוגעשמייכלט צו אַלע וואָרענישן, צו אַלע סטראַשונקעס, און געטאָן ס'זייניקע.

— „ביים קאָפּ, צי ביי די פיס, אַלץ איינס קומט מיך צו הענגען!" — פלעגט ער מאַכן לצנות; און — אַוועקגעשיקט אַלע דריי אין פראַנקרייך, שטודירן.

שווער, זייער שווער געווען די לעצטע צייטן דעם פעטער: פּאָ־דאַטקעס האָבן געצויגן דעם קליאַק פון די ביינער, פּיקעטן זענען גע־שטאַנען גרייט אַרויסצורייסן דעם ביסן פון מויל ביי אַ יידן... נאָר דער

פעטער איז נישט געווען פון יענע, וואָס מ׳קען זיי גרינג איינבייסן. גע־ראַנגלט זיך מיט אַלע כוחות און אַרויסגעפירט אויף אַ וועג די קינדער.

אויך די „קינדער" האָבן, פון זייער זייט, קיין מי נישט געקאַרגט: באַדינען קראַנקע, צי וועש וואַשן ביי פאַרלאַנגענדיקע מאַדאַמען; פּעקל־טרעגער, שיקיינגל, קעלנער — אַלץ איז געווען ביי זיי רעכט, אַבי נישט צו לייגן דעם גאַנצן עול אויף איין מענטשן...

— — — טאַטע־מאַמע, דער פעטער... אַ שטעטעלע און אַ כרך וואַרשע... אַלץ — געווען און נישטאָ מער.

פון די סאַמע נאָענטע זענען איר צוויי בלויז געבליבן: טאַקע — דער לייבטשע, וועמען זי האָט נישט געזען שוין זינט יאָרן, און דער מאַן אירער, איציק.

פאַראַן ביים פאָרפּאָלק אויך אַ משהלע און אַ רותי: ער — 9, זי — 6 יאָר אַלט. מלחמה־קינדער, ווי ס׳זאָגט זיך. שוין באַוויזן דורכצומאַכן אַזוינס, וואָס אין אַנדערע צייטן וואָלט דאָס געווען צו פיל פאַר אַ זקן... אָ, די האָבן זייער גיך פאַרחברט זיך מיטן לאַנד. דער דופק, דער האַס־טיקער ריטעם פון אַרבעט און שאַפן, וואָס לאָזט זיך דאָ אַרויספילן אויף שריט און טריט — האָט אָנגעטאָן ממש דעם קליינוואַרג אַ כישוף: מען לויפט אַרום פראַנק און פריי, ווי די לאָשיקלעך, מען אַנטדעקט אומעטום וווּנדער, מ׳לאַכט און מ׳פרייט זיך, ווי קיין מאָל נישט ביז אַצינדער, און בעיקר — מע וואַקסט און מ׳ענדערט זיך צוזעענדיקערהייט. פאַרשטייט זיך, אַז די ביז איצטיקע שפּילערייען — אַזוינע שטוביקע און סטאַ־טעטשנע — האָבן באַנאַנד מיט דעם אַלעם פאַרלוירן פּלוצעם פאַר זיי דעם טעם. ווי באַלד דער אַרום איז פול דאָ מיט „גערטנעריי" און מיט בויונג, פאַר וואָס טאַקע נישט שפּילן זיך אַנדערש ?... ברענגט מען צו טראָגן אַ ביסל ליים, אַ קאָפּ זיפזיף און נאָך ענלעכע זיבן זאַכן, וואָס אַ „בוימייסטער" האָט נייטיק, און באַלד שטייט ביי זיי פאַרטיק אַ גאַנצער שיכון. אַוודאי — מיט אַ „גינה" דערלעבן: געננג געוווּנט אָן אַ גאָרטן !...

אַזוי קערט דאָס וועלטן אין דער שכונה, וווּ מ׳האָט מיט קנאַפּע דריי יאָר צוריק זיך אַריינגעצויגן אין דער פריש אויסגעבויטער שיכון־דירה. ווער קאָן דאָ נישט משהל און רותי נאָך פון די ערשטע וואָכן אין אָט דעם נייעם אָרט ? קינד און קייט וויס זיי !...

און ביי טאַטע־מאַמע קוועלט דאָס האַרץ פון וועגן די צוויי. קוועלט און ווייטיקט: נישטאָ אַפילו פּאָר וועמען זיך צו באַרימען...

ווען לייבטשע וואָלט כאָטש נישט זיין אַזאַ גזלן, אַ קאַלטער!... חנטשע האַלט אין איין שטורעמען אים מיט בריוו, ר׳זאָל עולה זיין ענדלעך; ווי לאַנג איז דער שיעור צו זיין אַ פּליט? און דער — גאָרנישט. זיצט אין דעם שיינעם, פרעמדן פּאַריז און האָרעוועט; קען נישט מפסיק זיין — זאָגט ער.

אַ באַווייבטער היינט צו טאָג, שוין אויך אַ טאַטע פון קינדער, און אַלץ נאָך דער זעלבער: צינדט זיך אָן בלויז צו בילדער. אַל דאָס איבער־ריקע איז ביי אים — הבל...

נאָר לעצטנס האָט ער, ווי פאַרבייגייענדיק, עפּעס שוין אָנגעזאָגט איר אין אַ בריוו, אַז ר׳וועט מוזן „נעמען זיך צייט" און פאַרפאָרן אַהער צו. נאָך נישט — זיך צו באַזעצן. קודם כל „אַ קוק טאָן צו קרובים". וואָסי, ווי אַ טוריסט וועט זי אים נישט אויפנעמען, חנטשע?...

נאָך אַזאַ אָנזאָג מעג מען זיין זיכער, אַז אַ ליאַדע טאָג, איטלעכע רגע אַפילו, קאָן ער זיך יאַווען אַהער. און אַריינפּאַלן וועט ער דווקא אומגעריכט, לויט זיין שטייגער. וואָרעם אַחוץ פאַרב־און פּענדזל, האָבן ביי אים בלויז „סורפּריזן" נאָך עפּעס אַ ווערט...

אמת, אַ ביסל שרעקט חנטשען זיין קומען: אַז ער וועט זיך אַ וואַש טאָן צו די לייוונטן, וואָס זי האָט זיי געמאָלן בעת דער מלחמה — צו ערשט אין אוקראַינע, באַלד דערויף אין סיביר, און דערנאָך — שוין אין פּוילן... אַז ר׳וועט נעמען צעגלידערן אירע „שטילנעכט" ביים גנבענען גרענעצן אויפן וועג קיין ארץ־ישראל, וועט ער מסתמא מאַכן אַש און שטויב פון איר גאַנצן פאַרמאָג.

נאָר, מילא! אויף איבערגעטריבענע קפּדנות איז דאָך פאַראַן אַן אַלטע אָפּשרייעניש: „קרומער האָקן". ערגער איז אבער מיט טענות — גערעכטע, וואָס „אָפּשרייען" זיי איז ניט שייך... און דעריבער ציטערט אויף איר איצט צום מערסטן די הויט ביים געדאַנק, אַז ער׳ט נעמען אויספרעגן, וואָס זי האָט אויפגעטאָן פאַר דער לעצטער צייט, דאָ אין לאַנד? און נישט סתם אזוי — פרעגן, נייערט צושטיין כדת וכדין: וואָסערע איינפאַלן, נסיונות, דערגרייכונגען? און — פּלענער אויף ווייטער? וואָס וועט זי קענען אים זאָגן, דעם לייבטשע?!

אַוודאי האָט שוין אויך חנטשע איר אייגנס אַ וועלכע פּאָר בילדער, וואָס גיבן איר אַן אָרט אין דער מאָלער־משפּחה. נאָר גראָד דאָ, אין איר היים, אין ישראל — קען זי נישט אַריין אין די האָלאָבליעס: באַלד דריי יאָר אינעם לאַנד — און נישט אַן איינציקער לייוונט...

פּאַר דאָס — איציק... גאָר גיך פּאַרכאַפּט געוואָרן פון היגן געמיט. אונטערגעקנעלט אַ ביסל, באַנייט דאָס לשון פון חדר און — איז שעפעריש. שפּילט...

צו גלייך מיט די כבישים און הייזער, וואָס ווערן, דוכט זיך, אויסגעבויט ביי זיי איבער נאַכט, צו גלייך מיטן מענטשנשטראָם, וואָס האַלט אין איין פליסן אַהער צו — כמעט ווי אין ריטעם מיט אַל דאָס צאַפּלדיקע און פרישע אַרום דאָ — קוואַלן אַרויס פון אים אַלץ נייער און אייגנאַרטיקער די אויפטוען. ס׳גייט, ס׳גייט ביי אים אַ גאַנג, ביי איר איציקן!...

און חנטשע איז גליקלעך צו זען אים אַזוי אויף דער בינע. דוכט זיך — פּשוט, אַן קונצן. ער שפּילט גאָר בכלל נישט: ער ל ע ב ט טעאַטער, און איז דאָ ביי זיך אין דער היים.

דער מאַן, די קינדער: אַלץ — ווויל... בלויז פון זיך אַליין איז חנטשע איצט גאָרנישט צופרידן. ווען וועט זי ווידער אַריין צוריק אינעם לעבן, אין שאַפן? אין האַרץ, אינעם מוח ביי איר — אַ קעסל. נאָר אַלץ בלייבט דאָרט לעת עתה קיז רוי, לאָזט זיך נישט איבערקאָכן.

אפשר דערפאַר, וואָס זי איז צו פיל פאַרנומען מיט טווונגען פונעם „ערשטן געברויך״? שטובאַרבעט, און די קינדער... אויך — דער האַלבער טאָג אַרבעט אין אַ משרד נאָך, וואָס דאָס דאַרף אַרויסהעלפן ביי דעם יקרות. בפרט, אַז — דערוועבנדיק אַ שיכון, מוז אַ נייער עולה פאַר־שולדיקן זיך איבער די אויערן... אַ שווערער ענין: פּרנסה. נאָך אין די קינדעריאָרן איז ער איר גוט אַריין אין דיביינער...

נאָר קען אויך זיין, עפּעס אַנדערש שטערט דאָ איר גאַנג?... און אפשר איז איציק נישט אומגערעכט מיט זיין טענהן, אַז פאַראַן אַזאַ זשאַוועך, וואָס פרעסט זי — אומזיסט און אומנישט. זי איז פּשוט באַלאָדן מיט אַ מין שולד־געפיל, וואָס דעמאָלט, ווען אין דער היים זענען געשען יענע גרוילן, גראָד דעמאָלט: אונטער פרעמדן, פאַרהעלטעניש־מעסיק רויקן הימל און ווייט פון פורעניות — האָט איר מוטערטראַכט,

צום ערשטן מאָל אַ באַפּרוכפּערטע, געצאַפּלט זיך אין פריידיקע ווייען...

לויט אים קומט אויס — זי איז מאָדנע... וויפל ער זאָל נישט דער־וויזן, אַז פאַרלאָזן די היים, גנבענען גרענעצן און אָפּריכטן גלות אין מלחמה־וואַנדער האָט אין אָנהייב אויסגעקוקט אַ סך סכנותדיקער און שווערערער, איידער צו בלייבן. — נייך, בשום אופן לאָזט זי זיך אַזוינס נישט דערזאָגן.

חנטשע דערמאָנט זיך: שוין געווען ביי אים אַזאַ פּיינלעכער בלויז אינעם שאַפן, און אויך דעמאָלט — נישט געהאַט גראָד צו טאָן מיט „פּרנסה״. די חומרדיקע באַדערפֿעניש זענען אין יענער צייט ממילא געווען נישטיק קליינע. אַבי בלויז מער־ווינציקער זאַטע, איז שוין אויך געווען גוט...

געווען איז עס אינעם וויטן סיביר דאָרט, און דווקא אין די שפּע־טערדיקע, בלי ספק בעסערע מלחמה־עטאַפּן — נאָכן פאַרטרייבן די דייטשן פון סטאַלינגראַד.

איינגעאָרדנט דעם קליינעם משהלע אין אַ קינדער־גאָרטן, האָט חנטשע אין אַ ראַיאָן־שטעטלדיקן שפּיטאָל צו גלייך מיט אַנדערע פרויען געאַרבעט, אויסגעפּילט פליכטן מיט ברען. אין מלחמה־טעמפּאָ, ווי ס׳פאָדערט זיך אין אַזאַ צייט.

איציק איז דעמאָלט געווען לאַנג אויפן פראָנט שוין, און ענדלעך — אַלץ אין אַטאַקע, אינעם פאָרויסמאַרש; נישט ווי פריער, ווען נאָך פאַר־ביסענע קאַמפן האָט מען ווידער און אָבער געמוזט אויף באַראָט פון די מערדער איבערלאָזן דערפער און שטעט. איצט זענען די זעלביקע שטחים אָפּגענומען געוואָרן צוריק — שפּאַן נאָך שפּאַן, און קינד און קייט זענען געווען דורכגענומען מיט פריידיקן ציטער, אַז באַלד וועט צו דעם אַלעם שוין נעמען אַ סוף.

וויפל האָפענונגען, וויפל דערוואַרטונג איז פאַר יעדן איינעם געווען געקנופּט און געבונדן מיט יענעם אַלץ נענטערן טאָג! ווער שמועסט — פאַר חנטשען... פאַר איר האָט עס דאָך געמיינט: שטילן ענדלעך די בענקשאַפט, אַן אומאויפהערלעכע, שגעונדיקע, טאָג־און־נאַכטיקע בענ־קעניש נאָך אַלע נאָענטע, פון וועמען מ׳איז אַזוי אַכזריותדיק אָפּגעריסן געוואָרן סאַמע אין אָנהייב פון דער מלחמה. ס׳האָט געמיינט — נאָך אַ מאָל שפּירן אונטער די פיס די ערד פונעם אויסגעמוטשעטן, אָבער סוף־סוף

באַפרייטן שטעטל. אויך דאָס אומפאַרגלייכלעכע גליק און דעם ווייטיק — צו זען ווידער די גאַסן און פאַרקן פון דער צעוווּנדיקטער וואַרשע, וואָס די באַרבאַרן האָבן אַזוי גרויזאַם, אַזוי ברוטאַל איבער איר זיך איזדיעקעוועט — שוין אין די ערשטע טעג פונעם אָנפּראַל. צו טייער, צו היימיש איז דאָך דאָס אַלץ פאַר אַ מענטשן, אַזוי טייער און היימיש, אַז אַפילו די געדעכעניש וועגן צוזאַמענשטויסן מיט ענדעקישע כוליגאַנעס נאָך אינעם פאַר מלחמהדיקן פּוילן, איז נישט אין שטאַנד אַרויסצורייסן פון לייב און לעבן די ליבשאַפט און בענקעניש צו יענע ערטער...

און טראָץ דעם אַלעם זענען אירע פּלענער שוין דווקא דעמאָלט געווען אויך געבונדן מיט ארץ־ישראל: אַ פאָטערלאַנד, וואָס מ׳ווייס עס נאָך נישט צו ליבן אַזוי, ווי אַ פּ וי ל ן, פאַר חנטשען אָבער ענדלעך די היים, מיט וועלכער זי האָט אין געדאַנק לעצטנס פאַרשניטן אַ בונד, און וווּהין ס׳דאַרפן פירן גאָר גיך אירע טריט...

נאָר איינצייטיק מיט די גליקלעכע אָנונגען אומצוקערן זיך ווידער צו פריינד און משפחה, און אויך באַנאַנד מיט דער האָפענונג אָנצוהייבן אַ ניי לעבן אין אייגענעם לאַנד שוין — באַנאַנד מיט דעם אַלעם האָט עפּעס מוראַדיקס געזומען עגבערן פלוצעם אין חנטשען... אומזיסט האָבן די רוסישע פרויען געמיט זיך אויסצובאַהאַלטן פון איר אַל דאָס שוידערלעכע, וואָס זיי פלעגן ווי נישט איז זיך דערוויסן — וועגן משונהדיקע יידן־אויסראָטונגען, אומעטום דאָרטן, ווו ס׳האָט אָנגעשפּאַרט די גערמאַנישע גזע; אַלץ איינס איז עס דערגאַנגען צו חנטשען: דער ווינט פלעגט דאָס ברענגען צו טראָגן אויף אַ פליגל, קראָען האָבן געקראַקעט דערוועגן אויף שנייאיקע פליינען, די לופט איז געווען פול מיט דעם. און אַפילו — אירע נאַכט־חלומות...

יאָ, די חלומות... ערשט נישט לאַנג צוריק אַזוינע לופטיקע, מלא באַרוישונג, פלעגן זיי אין דער ווייטער פרעמד דאָרט — נאַכט אויס און נאַכט איין פאַרטראָגן חנטשען אין אַ כישופדיקע וועלט פון באַגעגעניש מיט היימישע מענטשן און ערטער, אין אַ וועלט, ווו יעטוועדער קער און ווענד האָט געאָטעמט מיט חסד. און פלוצעם איז די וועלט פון איר חלום געוואָרן אַזוי שוידערלעך און קאָשמאַרנע און חנטשע אין איר — אַ מין גילגול, פאַרשלעפּט אין תהומות, ווו ס׳לויערט סכנה און נישט פאַראַן גאָר קיין תקומה, קיין אויסלייז, קיין סוף...

אַזוי האָט געגומען אויפגיין אין איר די מטושטשע, נאָר זייער אומ־קלאָרע אַנונג, אַז נישט איינער פון די יידן, וואָס זענען פאַרבליבן אין פוילן, אַז נישט איינער פון אירע לייבלעכע קרובים...

נישט דאָס, אַז חנטשע זאָל שוין צו יענער צייט האָבן געגלייבט די בייזע הוריות, וואָס האָבן געהאַמערט לעצטנס ביי איר אינעם מוח. נאָך אַלעמען איז עס דאָך געווען שוין צו פיל מוראדיק און אומזיניק, אַז אַ נאָרמאַלער מענטשלעכער שכל זאָל קענען אָננעמען אַזוינס פאַר וואָר...
אָבער אויב אַפילו אַ קליינער טייל פון דעם אַלעם איז אמת?...

אַזוי פיל לעבנס זענען דעמאָלט טאָג־טעגלעך אונטערגעשניטן גע־וואָרן אויף אַלערליי פּראָנטן! אַזוי פיל איינגעזעסענע משפחות האָבן באַוויינט זייערע נאָענטסטע אויך דאָרט, אין דעם סיבירער פאַרוואָרפענעם העק, ווו חנטשע האָט אָפּגעריכט גלות... נאָר כאָטש דאָס האַרץ פלעגט ווייטיקן פאַר איטלעכער „פּאָכאָראָנגע", וואָס די פּאָסט האָט פאַרטראָגן אַהין צו, פון דעסטוועגן האָט חנטשע געאָנט שוין, אַז קיין שום אומגליק קען זיך נישט גלייכן מיט דעם אַ — מיט אירן...

און אָט האָט זיך עפּעס פאַרהאַקט און פאַרקראַמפּט דעמאָלט אין חנטשען; ס'האָט ממש געיאָגט איר, געטריבן צו יעטוועדער אַרבעט, אַבי נאָר וואָס ווייטער פון דער הויפּטיקער, טאַמאָראָדנער. כאָטש אָן איר האָט דאָך זיכער דאָס לעבן נישט געקענט האָבן זיין ריכטיקע פאַרב...

זי געדענקט שוין אַליין נישט, ווי לאַנג ס'האָט דעמאָלט אָנגעהאַלטן יענע אָפּהענטיקייט און פאַרצווייפלונג. נאָר מיט אַ מאָל, גאַנץ אומגעריכט גאָר — האָט ווידער עפּעס אַ רודער געטאָן זיך אין חנטשען, און דער שאָפונגשטראָם, אָן אויפגעטאַיעטער, אַ באַפרייטער, האָט אויף ס'ניי גע־נומען אַרבעטן מעשים...

טרעפט טאַקע, אַז נישטערנדיק צוליב עפּעס וואָס אין איר בריוטאַש, שטויסט זי זיך אָן עד היום אויף אַ זכר פון יענער איבערלעבעניש — אויף אַ ש ל י ס ל. אַ טיר־שליסל, ווי אַלע אַנדערע, נאָר באַלד וואַכן־אויף פון דעם דערמאָנענישן אין חנטשען.

זי וויגט אים אַ ווײַלע אַזוי אויף איר האַנטפּלאַך, דעם שליסל, און דאָס פּשוטע שטיקל אייזן נעמט פּלוצעם רעדן — דערציילן אַזוינס, פון וואָס סע ווערט וואַרעם אין יעטוועדן אבר...

נאָר די מעשה האָט, פאַרשטייט זיך, אַן אָנהייב:

חנטשע איז גראד געווען אונטערוועגנס, אַוועק פונאַנדערפירן מעדי־קאַמענטן אינעם ראַיאָן. נישט צום ערשטן מאָל געשלעפּט זיך שליטנוועגס איער ישובים, ווו געטאָגט, נישט גענעכטיקט צו מאָל. אומעטום האָבן מעדיצינישע אָפּטיילן קוים זיך דערוואַרט אויף איר קומען.

מיט שטעכעניש־ברעכעניש אין די גלידער, אַ שלעפּעריקע, דער־פראָרענע, מידע — נאָר צופרידן, וואָס דער ראַיאָן איז ווידער פאַרזאָרגט מיט רפואות — האָט זי שפּעטער, צוריקוועגס, געאיילט מיט איר שליטן אַהיים. געאיילט צום קינד, ווי דער שטייגער, צום אָפּכאַפּן אויף אַ ווײַלע דעם אָטעם, און ווידער צו דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט אינעם שפּיטאָל.

דער וועטער — אַ ווינטיק פראָסטיקער, פון די אמתע: פון די סיבירער... צוויקט און סמאַליעט דאָס פּנים, פאַרגליווערט דעם אָטעם. די פינגער — קאַטשענעס, נישט קיין פינגער; קאָנען קוים האַלטן די לייצעס. נאָר וואָס זשע? די מענער ווערן אויסגעריסן דאָרט אויף די פראָנטן און זי'ט זיך דאָ נישט ספּראַווען מיט אַ פּוסטיאַק — מיט אַ שקאַפּע?... בפרט, אַז גלאַשקאַ קען דעם וועג, ווי אירע אייגענע טלאָען!

די האַנטשן אָבער — די האַנטשן... נישט אומזיסט האָבן די סיביר־יאַקעס געקוקט מיט ביטול אויף אירע וואָלענע, פיין געשטריקטע „קונסט־שטיקלעך", וואָס די מאַמע האָט מיטגעגעבן אין וועג, בעת מ'איז געלאָפן פון פוילן, און אַליין דערנאָך אָפּגעפּרעגט אין אַ בריוו צו דער טאָכטער:

...„קינדלעב! מיינע האַנטשן זענען דיר דאָרט אַ קנאַפּע מציאה: נישט אַזוינע וואָלט איך דיר אויסגעשטריקט, ווען כ'זאָל געווען וויסן, אין וועלכע פראָסטיקע קאַנטן וועסט אָנשפּאַרן, מיין טאָכטער!... איז שאַף דיר איין אַנדערע, און גאָט איז אַ פאָטער" — — —

אַזוי האָט געעצהט די מאַמע, ווען גרענעצן זענען נאָך געווען האַלב אָפן און אַ היימישע שורה פון „דאָרטן" איז אין דער ווייטער פאַרוואָג־לעניש אין שטאַנד געווען אויפצוהאַלטן ממש ביים לעבן...

נאָר די האַנטשן, ווו נישט ווו שוין געלאַטעטע, האָבן אַלץ נאָך גע־צערטלט די פינגער; ס'האָט זיך חנטשען אַזוי נישט געוואָלט מיט זיי שיידן...

— „עך, אַננאַ דאַווידאָוונאַ: אַזאַ ווילער פאַרשוין, ווי דו ביסט, און די פּריצישע איינרעדענישן וועלן דיך פּטרן!"... — האָט געבורטשעט דער קאָלכאָזנער שוסטער, בעת חנטשע איז, ווי אַלע מאָל אונטערוועגנס, אַריינגעפאַלן צו אים אויף אַ ווייל — צו אָטכאַיען דאָס האַרץ מיט טיי

און וואַרעניע. — „האַנטשן, איז האַנטשן, צו אַל די רוחות, און נישט עפּעס קינדער־שפּילכלעך, ווי דיינע!... קוק אָן אַ פּאָר „כלים“ פון הינטישער פעל טאַקע“ — האָט ער איצט פונעם אַרבעטס־טיש אַ שטרעק געטאָן זיך צום קאָמאָד און געוויזן איר זיינע אייגענע, שפּאָגל נייע. — „עלעהיי זאָל איך לייקענען? גראָד נישט קיין שיינע, פאַר דאָס אָבער געטרייע, צום טייוול: סיבירער! אָ־האָ, אין אַזוינע וועלן די גראַבליעס נישט פרירן! נאָר אַז מ'איז אַ פּוילישע פּאַני!“...

— „אַ יידישע, אַלעקסיי סטעפּאַניטש — אַ יידישע!“ — אָפּיאָגנדיק זיך פון אים צווישן איין שלוק טיי און דעם אַנדערן, האט חנטשע גוטמוטיק דערמאָנט אים איר אָפּשטאַם. — „וואָס — פּאַני אָבער? ווער — פּאַני? באַלד וועט דיר אַ פּאַני, מעג זיין אַפילו אַ רוסישע, אַרויסשטעקן די נאָז אויף אַזאַ וויוגע!... נאָר זידל מיך, זידל, אַלץ איינס וועל איך דיין כאַטע נישט מיידן: פון וועגן טאַניטשקאַס „גרעפּלעכן“ נאַשוואַרג... אַ באַבע ביי דיר — גאָלדענע הענט און אַ האַרץ אויך אַזא מין, אָט וואָס, אַלעקסיי סטעפּאַניטש גאַלושקין! גוט, וואָס זי פאַרעט זיך ערגעץ ווו אין קאָלכאָז איצט און הערט נישט. ווען זי זאָל וויסן איר ווערט, טאַטיאַנאַ גאַווריליאָוונאַ, וואָלט זי אוודאי נישט גערעדט מיט אונדז ביידן...“

נאָר אָט האָט חנטשע אָנגעפּעלצט אויף זיך שוין דערוויילע די שובע און פאַרשלייערט דעם קאָפּ מיט דער פּאַטשיילקע.

— „נו, צייט אין וועג אַריין, און — דערמאָנט נישט צום שלעכטן!“...

— „פּאַסטאַי, פּאַסטאַי־קאַ: וועלכע רוחות טראָגן דיך אין אַזאַ הינטישער וויוגע! וואָלסט איבערוואַרטן...“ — שרייט ער איר נאָך פונעם ווערקשטעל.

נאָר חנטשע איז שוין אויף יענער זייט טיר... ווער ס'ווייס אים נישט, דעם גאַלושקין! גריילעך קען זי זיך פאַרשטעלן, אַז ער בורטשעט דאָרט מסתמא אַריין אין דער קאָפּיטע בערך דאָס זעלבע, וואָס ער טענהט נישט איין מאָל ביי ענלעכע געלעגנהייטן אויך אויף זיין טאַניאַס אַדרעס:

— „אַ סאָלדאַט — נישט קיין באַבע! ווי וועט ער זיך יאָגן נאָך איר מיט זיין הילצערנעם פוס? פאַרלאָרענע מי! אחוץ דעם: זי'ט דען פאָלגן?!“...

און גערעכט — סטעפּאַניטש: זי'ט טאַקע נישט פאָלגן!

גלאַשקאַ איז דערוויילע פאַרטיק געוואָרן מיט איר האָבער־נאָרמע:

שטייט און גריזשעט דעם ליידיקן פּרעסזאַק. חנטשע נעמט אָפּ ביי איר אייליק דאס זעקל, פאַרשטופּט עס באַנאַנד מיטן עמער אונטערן היי, פאַרריכט דאס געזעס און כאַפּט בעת מעשה אַ לעצטן בליק אויף אַלעקסיי סטעפּאַניטשעס כאַטע.

אַוודאי האָט ער שוין באַוויזן אויפצוטאַיען אַ ברעקעלע שויב מיט די לעפצן, דער פּלוט: אין סאַמע מיטן פונעם אייז־פאַרקאָוועטן פירעק — אַן אויג... נאָר — נישט די צייט איצט צו שפּילן מיט אים „קוקו!”...

חנטשע שמייכלט אַריין אינעם קאָפּטיכל, וואס פאַרדעקט ביי איר, ווי סיביר האט געבאָטן — שטערן־און גאָמבע כמעט ביז דער נאָז. ניין, יצר־הרע פעלט איר דווקא אַליין נישט און זי וואָלט שוין געווען איבערוואַרטן מסתמא, ווען נישט די בענקשאַפט נאָך אַ קליינינקן משהלע, אַ בענקעניש, וואָס טרייבט און טרייבט אַלץ אַהיים... צו דעם נאָך — דער מצב אין שפּיטאָל: מיט חנטשען איז דאָרט אויך נישט צו גרינג; היינט ווי מעג מען זיך גאָר פארגינען צו ליגן אויף אַ פּיעקעליק און שלאָגן ביידעקעס ערגעץ ווו, אונטערוועגנס ?...

אַריין אינעם שליטן, אַ טשמאָקע אויף גלאַשקען: היידאַ און — געפאָרן!

דער פראָסט, געהעצט פון אַ שטעכעדיק ווינטעלע, האָט געברענט און געבראָטן, איטלעך ביינדל האָט געבעטן רחמים אין חנטשען...

דערצו נאָך — דער שניישפּריי... אַ דינער, אַ בייטשנדיקער, ווי אויף צו פּלייסן — געווירבלט שדיש־בייז אין דער לופטן, פאַרלאָפן דער שקאַפּע די וועגן, פאַרשאָטן די אויגן, אָפּגעטאָן אַזוינס, אַז ס'האָט געדוכט: אָט פאַלט זי פון די פיס, די גלאַשקאַ!

די פאר עטלעכע יאָר היימיש געוואָרענע טייגע, אין וועלכער חנה איז שוין געווען צוגעוווינט צו שניידן דעם וועג פאַרטרוילעך, אָן מורא — האט דאס מאָל אין אירע געדיכטענישן דווקא אָפּגעהיט, באַשיצט ווי ניט איז פון דער קרירה; נאָר אין אָפענע שטרעקעס — צערעוועט, צעברויזט מיט רציחה — האָט דער ווירבלווינט ערשט רעכט געכאַפּט פאַרן גאָרבל.

ווי אָפּגעריסן זיך פון דער קייט ביי אַן אשמדאי, האט די זאַווערוכע אַלץ מוראדיקער געטשוואַלעוועט אין דער לופטן, איינגעביסן זיך מיט שאַרפע קליקעס אין די עצמות און, וואָיענדיק מיט בייזן אָנזאָג סאַמע

## דער פאַרהאַנג

איבערן קאָפּ טאַקע ביי חנטשען, געדראַט צו פאַרגראָבן און צו פאַרטאָפּטשען אין דעם סיבירער העק דאָרט — פערד און שליטן און וואַגדראָווניצע...

...„אי ניקטאָ ניע אוזנאַיעט
גדיע מאָגילקאַ מאַיאַ״...

מעשה אָנשיקעניש — האָבן אינעם געדעכעניש געיאָוועט זיך פלוצעם די ווערטער פון אָט דעם אומהיימלעכן פאָלקסליד און אַ מאָדנער אומעט, אַ סומנעקייט האָט פאַרפרעסט איר געמיט.

די מאַמע איז ווייט — אוי, ווי ווייט! און אויך איציק... ווער זשע קען קומען איר העלפן?

איציק — ווער ווייס? יעדע ווײַלע אין פייער, טאָג ווי נאַכט אין געפעכט מיטן טויט... און איינער, אַ יוסף — מיט וועמען ס׳האָט זיי ביידן פאַראייניקט אַ מלחמה־פריינדשאַפט, אַ פריינדשאַפט נישט אָפּצו־מעקן — דער אָ יוסף רוט שוין חדשים לאַנג אין אַ ברודער־קבר אויף וואָראָניעזשער ערד; אָן אומבאַקאַנטע, קיין מאָל ביז דעמאָלט נישט באַטראָטענע ערד, וואָס ער האָט מיט זיין בלוט פאַרטיידיקט פון בעסטיעס...

איז וואָס זשע? איז איצטער זי — חנטשע... קראָען וועלן זיך מתעסק זיין מיט איר געביין, זאָווייעס וועלן פאַרוויען דעם סליעד און — אויס טאַקע מיט חנטשען?... ווי פון אַ שטיין געבוירן, וועט וואַקסן אַ קליינער משהלע — אָן היימישע, אָן טאַטע־מאַמע און סט׳נישט בלייבן אפילו, ווער ס׳זאָל דערמאָנען?... סיידן אפשר סטעפּאַניטש: דער וואָלט געדענקען...

...„אי ניקטאָ־אָ ניע אוזנאַ־אַ־יעט״... — — — —

אַ זאַראַזע, נישט קיין ניגון: צוגעטשעפּעט זיך, נישט אָפּצויאָגן אים מיט קיין שפּרוך!

אַז חנטשע דערמאָנט זיך איצט יענע נסיעה, ווערט איר קאַלט אין יעטוועדן אבר. כאָטש דער טאָג איז פלאַם פייער: פון די אמתע — ישראלדיקע... און מיט אַ חמסין נאָך דערצו...

דאס איז שוין איין מאָל געווען אַ געראַנגל — אויף לעבן און טויט! און ווען די פענצטערלעך פון דער קאָניוושנע האבן ענדלעך אַ בלאַנק געטאָן פאַר די מידע שוואַרצאַפּלען, האט זיך איר קוים געקענט גלייבן, אַז מ׳דערשלעפּט זיך שוין טאַקע אַהיים...

איינס איז געבליבן נאָך איבערצוקומען: אונטערפאָרן סאַמע צום

פערדשטאַל, אויסשפּאַנען און — ט׳האָסטו זיידע קאָניוך, דיין גערײַניצע!

און די „גערײַניצע״, שוין כמעט אַ פאַרצווייפלטע, האָט פאַרריסן פּלוצעם דעם פערדישן קאָפּ הויך אַריבער דעם כאָמעט, אַ פּאַטש מיטן זאַד, אַ קורץ, האַפערדיק הירזשען צום טאַקט פון חנטשעס אויפמונ־טערנדיקן: „איי דאַ — חברה־מאַן, גלאַשקאַ!״ און די פאַרמאַטערטע טלאָען נעמען־אײַן ענדלעך דעם לעצטן שפּאַן שנייפעלד.

— „האָספּאָדי — גאָט מיינער — אַ־ניוטאַ?!״... — האָט זיידושקאַ אַרדאַטאָוו אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן, גלייך ער וואָלט דאָ דערזען אַ שד, נישט קיין חנטשע. — „אַהער, אַהער מיט דער שקאַפּע, איכל שוין אויס־שפּאַנען, און דו, אַניאַ, דאַוואַי אין דער כאַטע — לויף, לויף!... או־אַ, נישט קיין כוואַט, אונדזער גלאַשקאַ? אַרויסגעשלעפּט פון די שנייבערג — ווי דען? אויסציען די קאָפּיטעס? אויף אַזוינס וועט נאָך שטענדיק זיין אַ געלעגנהייט! עך — אַ מלחמה!״...

און, פאַרלאָזנדיק אייליק דעם פערדשטאַל, האָט חנטשע געהערט נאָך, ווי ער „בענטשט״ זיי דאָרטן, די „היטלערס״: גאָרנדיק — אויף זיין שטייגער... דאָס מאָל פון וועגן דעם „ווייבערפאָלק״ טאַקע, וואָס „מוז נעבעך שמעקן פולווער צוליב די מערזאַווצעס אַזוינע — אויך דאָ, אין דעם וויטן סיביר״...

נאָר אין חנטשעס האַרץ האָבן קיין שום קלאָגרייד נישט געפונען אין יענער רגע קיין אָפּקלאַנג. און געדאַנקען ביי איר — דווקא פריילעכע, גוטע... קודם כל איז זי זיכער, אַז קלאַוודיאַ, די פאַרוואַלטערין פונעם קינדער־גאָרטן, וועט באַלד אינפאָרמירט ווערן וועגן איר קומען: פאַר־לאָזט אייך אויף זיידע אַרדאַטאָוו!...

אַפילו דער פאַרדריסלעכער פאַקט, וואָס איר שטוב געפינט זיך כמעט בשכנות מיט דער קאָניושנע, איז דאָס מאָל געווען גראָד אַ חסד, נישט אָפּצושאַצן זיין ווערט. וואָרעם איצט אָ — שוין גאָלע גאָרנישטן: אַריינברענגען האָלץ פונעם קעמערל און אונטערהייצן דעם אויוון. דער־פאַר, אַז ס׳וועט זידן דער טשייניק און קלאַוודיאַ וועט אַריינשטעלן זיך מיט משהלען ביי דער זייט, וועט זשע וועט דעמאָלט גלייך זיין צו חנטשען? ווען זי קען נאָך, ווי שטענדיק, אַליין אַ לויף טאָן אַהין און נישט דאַרפן וואַרטן, ביז יענע וועט איר ברענגען דעם זון... נאָר פאָלג אַ גאַנג, אַז ס׳זענען ווי אָפּגענומען די גלידער!

וואָס מיינט שוין אָבער אַזוינס, ווי „אָפּגענומענע גלידער", אויב מ׳איז אַלץ איינס געבוירן געוואָרן אין אַ הייבל ?... אַז זי איז צוגעפאַלן אויפשליסן די טיר פון איר כאַטע, איז פון דרינען גאָר עמעץ פאַרלאָפן דעם וועג — איר צו עפענען, און חנטשע איז אַריינגעפאַלן גלייך אין די אָרעמס צו נאַסטיען...

ס׳האָט אַ פּלייץ געטאָן פּלוצעם מיט וואַרעמקייט, מיט ריח פון כוואָיע, און אַ ווײַלע האָט חנטשע נישט אָנגעהויבן צו וויסן, אויף וועלכער וועלט זי געפינט זיך. פאַר אַלעמען — ווי קומט אָהער צו אַ נאַסטיע, אַז ווײַנען ווײַנט זי אין אַנדערן שטעטל און דאַרף איצט זיין אין שפּיטאָל, ביי די קראַנקע ?... און — אַ כישוף אַלץ מיט אַנאַנד דאָ, צי וואָס ? די שטוב — אויסגעצירט מיט גרינס, ווי אויף שבועות, די סטעליע, די ווענט — פריש געקאַלכטע, אין אויוון הודזשעט אַ פייער... נאָר די קרוין פון דעם אַלעם איז — נאַסטיאַ: אָט פירט זי שוין חנטשען צום בעטל, העלפט אויסטאָן די שובע, ציט אויף ס׳כוח די פאַרשטייפטע וואָליקעס פון די פיס, שליידערט אַוועק אייליק די שמאַכטעוואַטע האַנטשן, לויפט ברענגען שניי אין דער בלעכערנער שיסל, רייבט באַלד און מונטערט די ווייסע, ווי אָפּגעשטאָרבענע פינגער, הערט גאָר נישט אויף צו האָווען אַרום איר — אַ פריידיק געפּלעפּטע, אָן לשון...

נאָר אין חנטשעס פון קעלט נאָך פריטשמעליעטן מוח טוט זיך עפּעס אַ רודער: פריער — דער קאָניוך און איצטער דאָ — נאַסטיע ?... חנה דערשרעקט זיך:

— „מישוטקאַ ?!..." — בעבעט זי קוים מיט די ליפּן.

— „געזונט און פריש, ווי אַ פישל אין וואַסער, נאָר שלאָפט דאָך אַצינדער"... — האָט זיך ערשט אויפגעבונדן די צונג ביי דער נאַסטיען. — „וואַקסט אַ באַגאַטיר דאָ. דיין יונגאַטש: געראָטן אין ביידן! דאגה נישט, אַניאַ, קלאַוודיושאַ וועט שוין קומען מיט אים צו לויפן, נאָר ערשט — נאָך דער שלאָפצייט. ווייסט דאָך: אַ שטרענגע ביי אונדז, מיט פּרינציפּן. קען אָבער דאָס פאַך, אָט די קלאַוודיאַ! און פאַר דעם קליינוואַרג — אין וואַסער, אין פייער..."

נאַסטיאַ וואַרפט־צו פּאַליענעס אין אויוון. זי איז פול מיט פרייד, פול מיט חשק צו טאָן און צו רעדן... און איידער חנטשע באַוויזט נאָך צו כאַפּן אַ זשעדנעם בליק אין דער זייט פונעם טשייניק, פאַרעט זיך

שוין יענע ביי אַ סאַמאָוואַר גאָר — אַ בייכיקע, בליך־בלאַנקע כלי, וואָס חנטשע פאַרמאָגט גאָרנישט אַזוינס אין איר ביעזשענסקערווירטשאַפט.

אַ מחיה נאָך אַזאַ קאַלטער באָד צו וואַלגאַזשען זיך דאָ אויפן בעטל — אָ, אַ מחיה!... אין דרויסן הוליעט די וויוגע, נאָר דאָ, אין שטוב — אַ גן־עדן, און נאַסטיאַ, אַ מלאך אין וואָלענע זאָקן — שפּרייט איבער חנטשען די פליגל...

פאַרגינט זיך נישט צוצוזעצן, די נאַסטיאַ: שלעפּט פאַרענדיקע טעפּלעך געקעכטס פונעם אויוון, פאַרריכט אונטער חנטשען דעם שטרוי־זאַק, און דערווישנדיק בשעת מעשה אירע פיס אונטער דער שובע: „אַנושקאַ מיינע!" — כאַפּט זי זיך פּלוצעם. — „נאָך אַלץ גליבעס איז — דיינע פיסלעך"...

אָט טראָגט זי שוין אַן אָנגעגליטע ציגל, פאַרוויקלט אין אַ האַנטעך און, אַוועקלייגנדיק דאָס צופוסנס ביי חנטשען, הערט זי נישט אויף צו „באַוויינען" איר דערביי מיט אַ ניגון:

— פאַרמוטשעט, דערפראָרן אַ מענטשן — יעי, יעי!... מיר האָבן דיך אויסגעקוקט אויף אַלע וועגן. שוין געוואָלט שיקן „ראַזוויעדקעס" — דיך זוכן. געווען זיכער — אַן אומגליק, נישט אַנדערש! און פון דער דאָקטאָרשע אונדזערער האָט ער אַריינגעכאַפּט, דער פאַרוואַלטער — פרעג גאָרנישט, אַניאַ!... זינאַידאַ אַבראַמאָוונאַ — ווייסט דאָך: קען נישט צוזען קיין עוולה. צוריקגעקומען פון טאָמסק אויף צו מאָרגנס נאָך דיין אָפּפאָרן און באַלד צעהרגעט זיך פון וועגן דיר מיטן זעלביקן איליאַ „יעבאַנאָוויטש", וואָס מיר אַלע קענען נישט הערן זיין נאָמען... גע־טענהט, אַז ר'האָט זיך פּשוט אָנגעזוצט, און ווו עפּעס אַ פּעקל, איז דאַוואַי אויף דער ביעזשענקעס אַקסל! אַ מענטש, נישט קיין היגע, קוים באַקאַנט מיט די שפּיצלעך פון אונדזער מאַטושקאַ־טייגאַ, און האָט אַפילו נישט רעכט אָנצוטאָן — נעמט מען און מ'שיקט ווידער אַוועק אין אַזאַ שווערע יאַזדע איצט אַ, אין ווינטער, אין סאַמע געדיכטן?!... און דער כיטרער פוקס פאַרט באַלד אַרויף אויף איר, אַז ער טוט זיין פליכט און וועט נישט דערלאָזן, אַז „געוויסע מענטשן", וואָס ווילן פראַווען „נאַציאָנאַליסטישע שטיק", זאָלן אַרונטעררייסן ביי אים די אַרבעט! אויף אַבראַמאָוונאַ, הייסט עס, כלומרשט פון וועגן אייער ביידנס אָפּ־שטאַם — פאַרשטייסט?...

און חנטשע לאַכט מיט יאַשטשערקעס:

— „כ׳פאַרשטיי שוין צו גוט, נאַסטיאַ — טייערע!"...

— „נו אַ יאַבעדניק!" — פאַרקרימט זי זיך, נאַסטיאַ. — „נאָר אונדזער דאָקטאָרשע איז אַ מייסטעריצע אויף צו פאַרליאַפּען אַזאַ איינעם דאָס מויל. גלייך דערלאַנגט אים אָפּפאַרטיק־געלט, ווי סע קומט אים: אָדער ער האָט פּשוט פאַרגעסן, אַז „דער מענטש איז טייערער פון אַלץ", צי אפשר האַלט ער — איליאַ איוואַנאָוויטש — בכלל נישט פאַר נייטיק זיך אונטערצוּוואַרפן אַזאַ מין געבאָט?... עך, אַ זינאַידושקאַ: אָפּגעצוואָגן אים אַ?..."

— „ער׳ט שוין פאַרזאָגן אַ צענטן!"...

— „נאָר אויב דו מיינסט, אַז אונדז אַלעמען האָט זי פאַרשווינט גראָד"... — ציט ווייטער נאַסטיאַ. — „נאָך נישט אויסגעלערנט זיך, ווי מ׳דאַרף אָפּהיטן אַזוינע ווערטפולע מענטשן, ווי אַ דאַווידאָוונאַ... און, גערעכט איז גערעכט — זינאַידאַ אַבראַמאָוונאַ: אַזאַ אַניאַ וועט דען זיצן אין כאַטעס און איבערוואַרטן אַ וויוגע? אוודאי, זיך לאָזן אין וועג אַריין און בלייבן שטעקן ערגעץ ווו אין דער טייגע!... ערשט — ס׳לאָזט זיך נישט אויס: אַן אייזערנער טאַקע, גיך, געכאַפּט אונדזער שניט... די דאָקטאָרשע וועט צוריקקומען, וועט זיין די אמתע פרייד! ווידער אַרויסגערופן גע־וואָרן צו דער סאַראָטשקינאַ אין קאָלכאָז... נאָר באַלד, באַלד וועט מיין סאַמאָוואַרטשיק נעמען דערלאַנגען דאָ פאַרע. אַ גלעזל טיי, אַניק, אין אַלע צייטן — די בעסטע רפואה. נאָר עכטער, נישט פון אַ טשייניק!... צוויי מעת־לעת פיטערן מיר דאָ דעם אויוון צו האַלטן דיר וואַרעם די שטוב. אַ שאָד בלויז דאָס האָלץ, וואָס דער גיהנומניק האָט אָן דיר אומזיסט און אומנישט פאַרצערט. אַלץ — בדוחק: מלחמה, ווייסט אַליין... דער וואַלד אונטערן נאָז, אָבער אַרבעטסהענט און טראַנספּאָרט טאַקע?... נאָר זאָג, וואָס דו ווילסט; סיי ווי, אַ מזלדיקע ביסטו אונדז, אַניאַ — אוי, סאַראַ מזלדיקע: אין אַזאַ וועטער?!... הערסט, ווי זי שליידערט זיך הייזער הויך, די מעטעליצע!"...

יאָ, אין דרויסן פאַרנעמט זיך, קענטיק, אויף לאַנג נאָך די וויוגע. נאָר דאָ, אין די פיר ווענט מיט דעם „גיהנומניק" אין ווינקל און מיט אַזאַ נאַסטיאַ, איז מען, דוכט זיך, באַהיט און באַשירעמט פון יעטוועדער

פלאַג. עלעהיי אויף די אַלע געזאָגט, וואָס געפינען זיך ערגעץ ווו אין אַ נויט, עלעהיי — אויף איר איציק...

טפו — מיט די הוריות אויף פון וועגן אים טאַקע, וואָס זיינען אָנגעפלויגן אָקאָרשט אויף איר אין דער טייגע! סע קאָן ניט זיין אַנדערש: וועט איבערקומען, זיך אומקערן — ער מוז!...

אַט ליגט זי זיך מנוחהדיק אַזוי אויפן בעטל מיט איינגעוואָרעמטע גלידער, שוין אַן אָנגעקאָרמעטע און אָנגעפּאָיעט מיט נישט־אַבי־וואָסערן טיי: מיט סאַמאָוואַרסקן. צוקאָפּנס — דאָס הייקישעלע, די אויפגעטאַיעטע פּיס איבערגעדעקט מיט דער שובע. אַנדערש, ווי אין אַ ליבער היים דאָרט, אין פּוילן — גאָר אַנדערש... נאָר פון די געקאַלכטע ווענט, פון דער כוואָיע און, בעיקר, פון נאַסטיעס פּאָרען זיך אַרום איר דאָ, ווייעט מיט ליבשאַפט, מיט וואַרעם געמיט. און פאַרמאַכט מען אַ ווײַלע די אויגן, קען אַפילו זיך דוכטן: אַ שפּאַן — און מ׳איז צוריק אין דער היים, ביי דער מאַמען...

„אָפּגעיאָמערט", געגעבן עסן, האָט ערשט די נאַסטיאַ געלאָזט קומען צום וואָרט. קודם כל איז חנטשע געווען אַ בעלן צו וויסן, וואָס ס׳מיינען די געקאַלכטע ווענט טאַקע, די כוואָיע — צעשטעלט אין די ווינקלען?

— „אַלץ די דאָקטאָרשע אונדזערע, ווי דען?"... — באַריכותדיק, אויף איר שטייגער, האָט יענע ווידער גענומען דערציילן. — „באַלד נאָכן אָפּקריגן זיך פון וועגן דיר — געכאַפּט אַ שמועסל מיט די שפּיטאָל־שוועסטערס: — „לאָזט מען אים געמאַך, דעם גאַנצן איליאַ איוואַנאָוויטש! נאָר אַזיסט וויים איך דען נישט — איר האָט אַלע גערן אַגיען? איז הערט זשע, מיידלעך, וואָס ס׳פּאַלט מיר גראָד איין". — האָט זי געזאָגט, נאָך איידער ס׳האָט זיך צעהוליעט די וויוגע. — „איר זעט אַליין, עפּעס איז זי ביי אונדז נישט מיט אַלעמען לעצטנס: צייכנט נישט, און בכלל — מאָדנע, ווי נישט אַלע קעסלען וואָלטן ביי איר אינעווייניק געאַרבעט... דאַוואַיטיע, לאָמיר אויפפּוצן כאָטשבי איר כאַטע; אפשר וועט דאָס „דערוואַרעמען?" — נו, געזאָגט און געטאָן — זינאַידאַ אַבראַמאָוונאַ מיט איר „שטאַב". ביינאַכט — געשלעפּט כוואָיע פון וואַלד, ביינאַכט — געקאַלכט דיר די כאַטע (בייטאָג, ווייסט דאָך: די אַרבעט אין שפּיטאָל ט׳נישט וואַרטן!). אַן עדות — דער שליסל, וואָס מ׳האָט בליץ־שנעל געלאָזט מאַכן אין שלאָסער־אַרטעל אויף אַריינצוקריגן זיך אין דיין

כאַטע. גנבים — אַ ?...״ — ווינקט נאַסטיאַ צו מיט אַן אייגל און, אַ ראַיע־טוענדיק זיך אין דער פאַרטעך־קעשענע, דערלאַנגט זי חנטשען דעם שליסל: — „נאַ, באַהאַלט אים דיר פאַר אַן אָנדענק; און וועסט זיך אומקערן אַהיים צו, דערמאַן נישט, גאָלובקאַ, צום שלעכטן״...

עפּעס זייער רירנדיקס, כמעט פייערלעכס — האָט גענומען אויפגיין ראַפּטעם אין חנטשען. דער ניגון, וואָס האָט אונטערוועגנס געהויערט, געקרייזט איבער איר, ווי אַ קאַרשון, איז איר פּלוצעם אויסגעקומען אַזוי אומזיניק, אַזוי נישט באַשטײַיק אין ליכט פון דעם אייביק־מענטשלעכן, וואָס שפּרייט דאָ אויף איר זיין גענאַד...

...„אי ניקטאָ ניע אוזנאַיעט???״

אַ נאַרישע, נאַרישע חנה!...

———צי איז עס געווען זינאַידאַ אַבראַמאָווגאַס „הײלקונסט״ טאַקע, אָדער די צייט האָט אויך אפשר געאַרבעט פאַר חנטשען? נאָר ס׳איז אַוועק ביי איר דעמאָלט אַ סדרה בילדער — הלוואי איצט דאָ, אין ישראל, נישט ערגער!...

אַזוי זיינען ווידער פאַרגאַנגען אַ וועלכע פאַר יאָר. חנהס בילדערוועלט האָט כסדר געלעבט און גערייעט, געוואָרן צייטיקער, פולער... און בלויז די געשטאַלטן פון איר פוילישער היים, פונעם שטעטל — אומפאַר־געסלעכע, ביז ווייטיק געליבטע און עקשנותדיק פאַרקראַמפּטע אין ווייטיק — זיי האָבן שוין נישט געלאָזט זיך איינפאַסן אינעם רינג פון איר שאַפן, נישט געוואָלט אויפגיין מער אויפן לייוונט. אפשר איז עס געווען דער טרערנזויד, וואָס פלעגט אויסשפּרייטן אַ נעפּל אויף אַל דאָס פאַרגאַנגענע און נישט געלאָזט אָנרירן עס מיטן פּענדזל?...

אין אָנהייב איז איר געגאַנגען אין לעבן: סטייטש? נישט קענען פאַנגען די ראַשיקע, רוישיקע און בעצם — רירנדיק אומבאַהאָלפענע וועלט? איבערענטפערן דער פאַרגעסונג דאָס אַלץ, וואָס לעבט אין איר און וואָס קיין שום עמלק האָט נישט אויף דעם קיין שליטה?!...

דערנאָך האָט זי שלום געמאַכט. מילא — ביז אַ צייט, ביז אַ גינסטי־קער רגע! ווי באַלד אַנדערע טענער וויברירן דערווײַלע ביי איר אונטער די פינגער... דער עיקר: זי מאָלט ווידער, זי לעבט...

---

מיט זייער אָנקומען אַהער צו האָט נאָך חנטשע זיך נישט גענומען צום האַרצן דעם בלית־ברירהדיקן איבערבייס אינעם מאָלן. דאָס לעבן — פֿאַר די לעצטע יאָרן שוין צום וויפלטסטן מאָל איינגעאָרדנט ווי נישט איז פון דאָס ניי — האָט סוף־סוף געדאַרפט גענמייסטערט ווערן יסודותדיק, נישט „אויף דערווייל". אַזאַ מין בראשית איז געווען געקנופּט און געבונדן מיט כלערליי ממשותדיקע אויפגאַבעס און קלאַפּאָטן, וואָס האָבן געמאָנט אַ באַלדיקע לייזונג און אַזוי פול געמאַכט זייערע טעג, אַז ממילא האָט שוין אַל דאָס אַנדערע געמוזט אָפּגעלייגט ווערן אויף שפּעטער.

ערשט, אַז מען האָט גובר געווען די וויכטיקסטע שוועריקייטן און דערשפּירט ענדלעך דעם טעם פון אייגענע פיר ווענט — ערשט דעמאָלט האָט חנטשע דערשפּירט איר אָפּהענטיקייט. וואָס טוט מען? ווי אַזוי שפּאַנט מען זיך איין אינעם מאָלן?...

איציק האָט נאַרייעט:

— מאָל אונדזער דירה, דעם גאָרטן...

חנטשע פלעגט נישט ווילנדיק כאַפּן אַ בליק אויפן דרויסן, פאַר־וואַלגערט מיט קאַלך און שטיינער און סתם אַזוי — כל מיני איבערבליי־בענישן פון דער אָקאָרשט פאַרענדיקטער בויונג.

— ביז ס׳וועט דאָ שפּראָצן אַ גרעזל... און דער רעדט שוין וועגן „גאָרטנס!" — האָט זי געחוזקט.

— אַ וואַזשנע מאַלערין ביסטו מיר, אויב דו זעסט אַפילו נישט אונדזער גאָרטן: אינעם נאָך נישט פאַראַנענעם דערבליקן דאָס ווערנ־דיקע — אַן אויפגאַבע גראָד פאַר דעם קינסטלער!... — איז ער געווען גרייט צו דערוויזן, נישט געפילט, אַז ער שיט איר זאַלץ אויף די ווונדן.

פון דעסטוועגן האָט ער נאָך דעמאָלט אַליין נישט געריכט זיך, ווי גיך ס׳וועט מקוים ווערן דאָ זיין „נבואה" פון וועגן דעם גאָרטן...

אַז זיי האָבן איין אַ שיינעם פרימאָרגן פאַרקאַשערט די אַרבל און זיך אַ נעם געטאָן צום פאַרפאַטשקעטן דרויסן, איז באַלד אַוועק אַ שטיי־לער געוועט צווישן שכנים: ווער — פריער? ווער — בעסער פון אַנ־דערע?...

דער שיכון איז אַריין אין אַ נייער וועלט; אין אַ וועלט, וווּ לאָפּעטעס, גראַבליעס און זריעה פאַרנעמען דעם אויבנאָן... אמת, צו ביסלעך האָט מען געהאַט צו טאָן מיט אַזוינס אויך אין ראַטנפאַרבאַנד, בעת דער

מלחמה. אָבער יענץ איז געווען אַן עסק — אַ פאַרבייגייענדיקער. פאַר מאַנכע — כמעט אַזוי נישט ניחאדיק, ווי די גאַנצע ביעזשענסקע דאַליע...
דאָ אָבער איז „גערטנעריי״ גאָר גיך געוואָרן אַן ענין פון שלאָגן וואָרצלען, אַ סגולה פאַר איינגעזעסנקייט, שיער נישט אַ נייער מין קולט. דערצו נאָך — ביי די באַשיידענע צוטיילונג־ראַציעס — אויך ממשותדיקער אַרויסהעלף...

צעפירט מען טאַקע די אָרעמס, צוווינטשעווענדיק באַצייטנס איינס ס׳אַנדערע:

— אין אַ מזלדיקער שעה!

און:

— זאָל זיין מיט הצלחה!...

דאָס וואַסער שאָרגעט און מאַכט ווייך די ערד, לאָפּעטעס גרייפן־אָן מיט התמדה. באַלד טאַנצט אַריין אויך די גראַבליע: סע טוט זיך — אויף סטעזשקעס און בייטן!...

ס׳הייסט — גרינג איז זי נישט, די מלאכה; נאָר ווער וועט עס זשאַלעווען כוחות פאַר אַזאַ וויכטיקער זאַך?... און אַבי אין איינעם — גייט די טירחה אויך שוין צו פריילעכער, כידקער. איידער מ׳קוקט זיך אום: פונעם נאָר־וואָסיקן אָנגעוואַלגער קיין זכר, און, מזל־טוב — אָט שטייען זיי שוין פאַרגרייטע, די גאָרטנס!...

ערשט אַז די אייביק גרויע ערד האָט אין אַ בלויען פרימאָרגן געצומען צינדן זיך פלוצעם מיט גרינע פלעמלעך, ווי דער ביינאַכטיקער הימל, אויבן — מיט שטערן, איז ווידער אַוועק אַ פונק נייע סדרה ביי לייטן: ווי מיט אַן אבן־טוב, האָט מען זיך ממש געצאַצקעט מיט איטלעכן אויפשפּראָץ.

און איציק — דער איז שוין גאָר פאַרקאָכט געווען אינעם גאָרטן!...
גאַנץ פרי, אַז הנטשע פלעגט עפענען די אויגן און נישט געפינען אים לעבן זיך, אויפן געלעגער — האָט זי געמעגט זיין זיכער: אין דער פּיזשאַמע, קוים אויסגעטשוכעט פון שלאָף, טאָרטשעט ער דאָרטן ביים אָפענעם פענצטער. קוקט, וואָס ס׳איז צוגעקומען, מיט וויפל ס׳האָט איבער נאַכט זיך געהויבן...

— נאָך די הענט נישט געוואַשן און מע דאַוונט שוין שחרית!... — אויסוואַקסנדיק ראַפּטעם דערלעבן, פלעגט זי אַריינזאָגן אַ מאָל דעם — אַ מאָל אַן אַנדערן „פסוק״ אים סאַמע אין אויער, אַז איציק, אַריינגעטאָן

מיט אַלע חושים אין גאָרטן, זאָל ווערן מבולבל און זיך כמעט ווי פאַר־שעמען, גלייך מע וואָלט אים דאָ כאַפּן ביי ווער ווייס וואָסערער זינד...

— פּאָזנאַנסקי האָט געהאַט אַ מאָל אַ קוימען און מיין איציק — אַ גאָרטן! — האָט זי נישט אויפגעהערט צו מאַכן פון אים לצנות.

— אַלע זיינען מיר איצטער „פּאָזנאַנסקיס": שטיין רייך!... — האָט ער זיך אָפּגעיאָגט, אָנווייזנדיק אויף די פענצטערס, וואָס אין זייער שע־רענגע און אויך — אַנטקעגן: באַגלייך מיט אים איז מען פון אומעטום געווען בעלנים צו שפּיגלען זיך אין די גאָרטנס..

און חנטשע פלעגט בלויז הייבן מיט די פּלייצעס, ווי איינער זאָגט: ס'פּעלן דען משוגעים אויף גאָטס וועלט?!...

ניין, מ'קען נישט זאָגן, זי זאָל פון איר אַלטער היים האָבן מיטגע־בראַכט אַ באַזונדערע קרובהשאַפט צו דער פלאַנצנוועלט. שוין אָפּגערעדט וועגן בלומען... ווי פלעגט עס טענהן די מאַמע?... „אַז ס'קומט אויס צו ציילן די בולבעס אין טעפּל אַריין, וועסטו שוין ממילא נישט מאַכן קיין צימעס פון קווייטן!"...

אָבער אַז אייגענע הענט צעגראָבן די ערד און פאַרקנסן מיט איר אַ מינדסט קערנדל — ווערט פון דעם אַ גאַנצער ראָמאַן, און די ליבשאַפט וואַקסט באַגלייך מיטן זאָמען... איז אַוודאי נישט שייך זיך צו וווּנדערן, וואָס, אַזוי — אונטערחוזקנדיק, איז חנטשע אַליין ביסלעכווייז אַריינגע־צויגן געוואָרן אין עסק און איידער מ'האָט זיך אַרומגעזען — שוין אויך געוואָרן אַ מאדים — ביים אויפכאַפּן זיך פונעם שלאָף צוצופאַלן צום פענצטער.

איצט איז געווען אויף ווערמען זיך צו פאַרלאָזן: קוים געעפנט די אויגן, האָט איציק געהאַט אַ פאַרטיקן באַריכט פונעם גאָרטן־פראָנט:

— פון דעם ביסל מערעלעך־זריעה — אַ גערעטעניש ביזן הימל! — פלעגט חנטשע פאַר פרי שוין אָנזאָגן גוטע בשורות. — ביי די טרוסקאַווקעס וועלן אָט־אָט נעמען פלאַמען די בעקלעך, די רעטעכלעך קענען זיך אויך שוין אין דר'ערד קיין אָרט נישט געפינען, און אויף די ציבלקעס און סאַלאַטן איז גלאַט אַ מחיה צו קוקן!... ניין — אַ מחיה? מ'קאָן בכלל אויף אַזוינס נישט קוקן: מ'וויל דאָס עסן! היינט — בלומען...

— אַבי דו ביסט שוין אויך געכאַפּט אין דער מעשה!... — האָט איציק גענומען נקמה.

ווי לאַנג איז גאָר, אַז זי האָט געמאַכט אים צו קליינגעלט פאַר פריינד און באַקאַנטע פון שטאָט?... דערפאַר קאָן ער איצט שמייסן, וויפל זיין האַרץ גלוסט — אויפן הוילן ווי־הייסט־מען־דאָס: וואָרעם גיי — לייקן, אויב מען פאַקט דיך פאַר פרי, אין נעגליזש נאָך, ביים פענצטער;

נאָר חנה איז אַ ממזר: זי לייקנט, זאָגט — אַז דער גאָרטן איז דאָ נישט מער, ווי אַ בייזאַך. אין דער אמתן ווערט גאָר געלאָפן צום פענצ־טער צוליב אַ שכנס שיינע אויגן. און אַ פייג אים, איציקן, צו וויסן, ווען זי מיינט, אויב אַ גאַנצער פאַלק שכנים גלעמדזעט, ווי זי — אַרויס צו, און די אויגן נישט ביי איינעם שענער פון שיין!...

— דער אויסרייד איז דווקא לייטיש! — קוועלט איציק און ציילט אַריין נאָך אַ פאַר פעטש.

ס׳לעבן גייט אָבער נישט, ווי אַ מזמור און אומגעריכטע גריזאַטעס פאַרטונקלען אין אים די פרייד... דער גאָרטן, צום צווייטן מאָל אַ פאַרזיי־טער, איז שוין לאַנג געהאַט אַרויס פון די וויקעלעך. ערשט — אַ צרה גאָר: כלב־מים. געיאַוועט זיך אונטער דר׳ערד און מאַכט אַ תל פון די וואָרצלען.

אַז ס׳האָבן צום ערשטן מאָל זיך באַוויזן די קליינע, ווי אויסגעטאַקטע גריבעלעך אויף די בייטן און אַ היפש ביסל פלאַנצן, שוין אויסגעוואָקסענע, סטאַטנע, האָט מען דערזען פלוצעם ליגן פאַרוויאַנעט, אָן זאַפטן — איז אָפּגעשטאָרבן ממש דאָס האַרץ ביי די „גערטנערס״...

דער נאָמען אַליין: „כלב־מים״ איז נאָך צו יענער צייט געווען לחלוטין ניי און אַזוי דראָענדיק פאַר אַ נייעם עולה, אַז מ׳האָט געמיינט — אַ סוף צו דעם גאָרטן!

נאָר אַלץ דאָס — בלויז אין אָנהייב. קוים איז אַריבער די ערשטע צעטומלעניש און מ׳איז געוואָר געוואָרן פון די וותיקים, אַז „נישקשה: ס׳איז דאָ אַן עצה״ — האָט ביים עולם זיך גלייך געביטן די מראה...

ניין, קיינעם איז מער נישט געלעגן אין זינען זיך אונטערצוגעבן; סטייטש — דער שוואַרצאַפּל פונעם אויג, זייער גאָרטן?!...

און שיטנדיק באַלד דערויף די מישענינע פון קלייען־מיט־סם אין די לעכער, האָט מען, כמעט שוין באַרוטע, דורכגערעדט זיך מיטן „שונא״.

— סקאָצל קומט, רעדל־פירער אין דר׳ערד! — האָט אַן עלטערע ווייבל די ערשטע געעפנט דאָס פייער. טאַקע געוואַרט אויף אַזוינעם;

נייטיק געדאַרפט האָבן: אויף ערב יום־כיפור, פאַרשטייסט?!... טאָ נאַ זשע דיר כיבוד און זאָג נישט — נייע עולים זענען קאַרגע!

— אַ פוס אונטערן אָרעם!... — האָט גלייך אונטערגעכאַפּט אַ בלוי־אויגיקער כוואַט. און איציק האָט בעת מעשה געראַנגלט זיך מיט דער פלוגתא: זאָל דאָס זיין יענער, צוליב וועמען זיין חנטשע שטייט עס כלו־מרשט פאַר פרי אינעם פענצטער, אָדער סתם איינער פון דער שכונה? וואָרעם זינט יענעם פרימאָרגן איז איטלעכער שכן ביי אים פון דעסטוועגן אונטער אַ חשד...

— געפין ניט דעם וועג אויף צוריק — — — טוואָיו פּאַלקו! — פאַרענדיקנדיק שוין אויף רוסיש, האָט נאָך עמעץ געעצהט.

און דער „יונגער דור" האָט אויך נישט געפוילט זיך...

אָנגעהויבן האָט דווקא משהלע... מוישיק, וואָס ווייס, אַז זידלען זיך, שעלטן, איז ווייט נישט „בסדר", האָט דאָס מאָל זיך אויך שוין געגעבן אַ היתר און, שיטנדיק מיט אַ ברייטער האַנט „אָבראָק" דעם שקאָדניק — דער ערשטער „געבענטשט" אים בלשון עברית:

— שתמות בקבר שחור של היטלר, דו — כלב בן... מים! האָט ער אויסגעשאָסן דעם פסוק, פון צו פיל האַסטיקייט פאַרפלאָנטערנדיק אים עטוואָס ביים סוף.

דאָ האָבן חברה פריש־געבאַקענע ישראלים אין איין קויל־פייער גענומען דערלאַנגען אַזאַ תוכחה „אויף סאַבריש", אַזש ס'האָט פאַר־הילכט דעם אַרום... אַ נס בלויז, וואָס דאָס איז געמאַכט געוואָרן מיט אַזאַ כאַפּעניש, אַז די דערוואַקסענע איז נישט געלונגען אַרויסצופישן קיין איין ברכה פון אָט דעם וויסטן, הייסבלוטיקן קאַלאַמבור...

און צום סוף — רותי... יאָ, אויך די קליינע, וואָס קען בכלל נאָך נישט „ווינטשעווען", נאָר וויל נישט זיך צוקוקן בלויז צו דער פריילעכער גראַטשקע און שוויגן — אַפילו זי האָט אָנגענומען אַ פול זשמעניעלע „פּאַפּע" און, קאָרמענדיק פלייסיק די „חיה":

— פויאַ, דו — כלב איינער!... — מיט קינדישער תמימות אַריינגע־שאָלט אין דער ערד.

און פון די אַלע ווינטשעוואַניעס און ווערטלעך, פון דעם מיען און פעדערן זיך — איז דער גאָרטן נאָך טיפער אַריין אין די הערצער.

איצט איז קיין אָנצייכעניש ניט געבליבן פון אַ מין מזיק, וואָס הייסט:

כלב־מים. דער גאָרטן כישופט ווייטער מיט ריחות, מיט פאַרבן, און די פרוכט פון אייגענער מי איז אַזוי טעמיק צום גומען...

נאָר אויף חנטשעס אינעווייניקסטער וועלט האָט דאָס אַלץ נישט קיין שליטה: איר שאַפונגספעלד ליגט וויסט און פאַרחרובט — זוויל נישט געדייען.

אויף דער פאַרמאַכטער, אָפּגעצאַמטער פונעם גאָרטן טעראַסע, וואָס איציק רופט איר אַזוי פראַלעריש: „היכל״ — שטייט פאַרגרייט דער געשטעל מיטן לייוונט. שטייט און פוסטעוועט... אויך אומזיסט און אומ־נישט האָט מען אַריינגעפּראַוועט אין וואַנט דאָרט די פאַסיקע ליכטער — מיטן חשבון, אַז ס׳קאָן אויסקומען צו אַרבעטן „נאַכטשיכט״; ווערליג ביי טאָג וועלן די הענט מסתמא זיין פול מיט כלערליי שטוביקע אַרבעט.

און איציק האַלט אין איין טרייסטן:

— געדולד — חנטשע!... וועסט זען, ס׳וועט שוין קומען; וועסט אַליין נישט וויסן, ווי אַזוי און — סט׳דאָ זיין!

גרינג אים צו זאָגן! ביי איר אָבער ברענט די ערד אונטער די פיס, ווען יאָרן גאַנצע פאַרגייען אַזוי־אָ מיט גאָרנישט...

ווויל געווען צו זיין אַ קינד... — זעט זי אין איין איצטער, חנטשע. אָנ־קוועלן פון אַ ליאַדע אויסגעבעזעמטן „לייבעלע וואַסער־טרעגער״ און באַ־גלייך מיטן לערער זאָגן זיך: „ס׳שאַדט נישט״ וועגן אַ נאָך ווי סטראַשנע פאַרפאַפּליעטן „גלחס־גאָרטן״... נאָר ווער האָט עס אָפּגעשאַצט דעמאָלט די ווילקייט? ווי פלאַטערלעך צו פאַרצערנדיק פייער, אַזוי האָט מען רק זיך געריסן צו „וואַקסן און ווערן אַ גרויסע״... ערשט, אַז מ׳האָט שוין דאָס גליק צו זיין „אין די יאָרן״... ס׳הייסט — זי זאָל הערן, וואָס ס׳זאָגט דערוועגן אַן איציק?... ווי צו יענע צייטן די מאַמע, אַזוי קען אויך דער זיך נאָך אַלץ נישט אַנטשליסן: אַ קליינע? אַ גרויסע?...

אַ מאָל הייסט עס ביי אים:

— „האָב איך אַ פרוי, אַ גרינער אַגרעסל ממש!... וואָס זאָג איך: אַגרעס? קימפּעט־קינד — נאָר וואָס געבוירן!...״

און אָט לערנט ער קאַפּויער דעם פשט:

— „חסר דעה — מיין חנטשע: ניט אַנדערש, ווי טאַנצן אַ האָראַ?! פאַרגעסט מיר אין גאַנצן, ביסט מער נישט קיין באַקפיש פון... צען יאָר! צוויי זילבערשטרייפן אין סאַמאָראָדנעם מיטן פון דיינע טונקעלע האָר,

דאָס אַליין מיינט שוין אויך עפּעס וואָס. דערצו נאָך — דער אָרעם: ווער האָט ערשט פריער געאויקעט? און אין מיצקע דרינען — אַ האָראַ...
אַז מ׳קען דען אַ מאָל וויסן, ווו מע האַלט מיט אַזוינס אין דער וועלט?...

און באַלד ווערט דערגאַנצט נאָך, אַז — איינס ווייס ער יאָ שוין אויף זיכער: זינט דעמאָלט, ווען — אַ פאַרמאַראָטשעטע פונעם אומגע־ריכטן מאַלאַריע־אָנפאַל, האָט „זיין חנטשע" איבערגעקערט אונטערוועגנס דעם שליטן, און אַזוי צרהדיק איבערגעריסן אַ באַנד טאַקע אין אָרעם — צייט יענער יאַזדע, מוז ער זי היטן אויף שריט און טריט!...

נישט אַלע מאָל איז חנטשען צום האַרצן אַזאַ „היטן"; נאָר פון וועגן שלום־בית לאָזט מען זיך אָפּשניידן אַ פאָלע.

די צרה איז אָבער אַ גאָרנדיקע: אי קיין האָראַ נישט טאַנצן, אי נאָך דאַרפן אויסהערן זיינע ליסטיקע רייד? די ביט־געשטויגענע „זילבער־שטרייפן" זענען גלאַט אַ שאַלקהאַפטיקע אויסטראַכטעניש אויף איר קאָפּ; אויך זיין סברא פון וועגן „קינדישקייט" איז איצט, כ׳לעבן, אַ מעשה פון נעכטיקע טעג: איר קינדהייט איז בעתן חורבן אַוועק מיטן רויך, וואָרעם — קינד איז מען בלויז אַזוי לאַנג, כל זמן ס׳לעבן נאָך טאַטע־מאַמע... און כאָטש אַליין די פאַרלויפעניש מיטן שליטן איז גראָד נישט אויסגעזויגן פון פינגער, נאָר באַלד וועט זי אים אויקען צוליב עפּעס אַן אָרעם! אָבער אויף צו רייצן זיך איז דער איציק ביז היינט נאָך אַ בעלן...

נאָר אין איינעם אַן אָוונט איז אַלץ דאָ פאַרגעסן. דער אָוונט — שוין דווקא אַ גוטער: מיט „סורפּריזן". אַ גאַסט איז געקומען... און אַקוראַט, ווי זי האָט דאָס פאָרויסגעזען, חנטשע. אַראָפּגעפאַלן, ווי פונעם הימל, נישט אָנזאָגנדיק פריער אַפילו. פאַר דאָס — באַקומען טאַקע זיין שכר: אויסגעמאָסטן לכתחילה וויפל געסלקעס אין דער שכונה — אומזיסט און אומנישט!...

וואָרעם פונקט ווי אַ נייער עולה כאַפּט נישט אַ צייט לאַנג דעם חילוק צווישן אַן אָפּפרישנדיקן מערב־ווינטעלע ביז יענעם חמסיניקן, וואָס פליט ראַפּטעם אָן פון דער מדבר אין צעפאַרעטע טעג, אַזוי איז פאַר דעם אומ־געניטן אויג פון אַ גאַסט כמעט אוממעגלעך פונאַנדערצוקלייבן זיך מיטן קוק אין אַזאַ מין איינטאָניקער געגנט, וואָס רופט זיך: שיכון. די הייזער — עלעהיי פון איין פורעם געגאָסן. איטלעכס מיט אָפענעם טרעפּן־געלענדער אַרויס צו און מיט אַלץ־איינסיקע, העל־ברוין באַפאַרבענע לאָדנס. דערצו זענען אַלע בנינים דאָ כמעט נייע און בלאַנק־ווייס געקאַלכטע, און אויסגע־

שטעלט לעם אַנאַנדער, ווי זעלנער אויף אַ פּאַראַד... אויך אין די גאָרטנס, וואָס אַרום יעטוועדן הויז דאָ — איז ניט שייך נאָך צו זוכן אַן אייגענעם סטיל: לעת עתה אַלץ, „ווי ביים שכן"... שוין אָפּגערעדט פון די זאַמדיקע געסלעך, וואָס האָבן דאָך זיכער איין פּנים...

שוויצט אַזאַ לייבטשע, קאָלעוועט איבער דער שכונה און קומט נישט פון פלעק.

אויך די „תושבים", אַליין נאָך אַלץ גרין אין דעם מקום — פרעג זיי בחרם, ווו ס׳פירט צו וועמען דער וועג...

— „יצחק און חנה מינסקי? ניין, נישט געהערט"...

אַ גאַסט — אַ למדן, ווי לייבטשע, גיט זיך אָבער סוף־סוף אַן עצה:

— „פאַראַן ביים פאָרפּאָלק אויף צוויי „סאַברעס" — סיבירער פאַרלאַג. אויף עברי־טייטש: משהל און רותי. מען שטויסט זיך שוין אַן אפשר — אַ?"

— „איצט הערט מען קלאָרע דיבורים! ווי דען? מיט אַזאַ „אַדרעס" זייט איר גלייך אין דער היים!"...

— — — יאָ, דאָס איז לייבטשע... די דינע, עטוואָס פאַרטריקנטע, ווי דאָרשטיקע ליפּן, די גלייכע, טאָרטשענדיקע שטרוי־האָר, וואָס הייבן שיער נישט אונטער ביי אים דעם בערעט, די אייביק אָנגעכמורעטע ברעמען איבער שטאָל־גרויע אויגן; אויגן, וואָס קוקן אַפער האַלב בייזלעך, האַלב שפּאָטיש פון הינטער די ברילן, ווי זיי וואָלטן אויך איצטער נאָך וואָרע־נען: „ריר זיך נישט צו — כ׳וועל שטעכן!"... די זעלביקע צורה פון מיט יאָרן צוריק. נאָר — געעלטערט, שטאַרק געעלטערט: נישט נאָך די יאָרן...

ניין, נישט אַוועלכע פאָר פעדעמלעך גראָקייט, קאַרג פאַרוועבט אין די שלייפן; און אויך נישט — די קוים אָנזעעוודיקע, זייער ווינציקע קנייטשעלעך אַרום מויל, אינעם אויגנווינקל און אויפן שטערן, נייערט דאָס סאַמע עיקרדיקע, וואָס טויכט אויף צווישן די שטריכן, וואָס הויערט מהוץ פון די קנייטשן און פעדעמלעך זילבער — דאָס איז עס, וואָס ס׳האָט אַזוי שטאַרק אים געביטן אין די גרויליקע יאָרן, און וואָס ס׳צענעמט דאָ איצט חנטשען...

און איבער אַלץ — דער חותם אויף לייבטשעס האַנט טאַקע: דער נומער. אַוווּ זי זאָל נישט ווענדן די בליקן, זעט זי אים דייטלעך, דעם נומער...

מיטן האַרץ, מיט די אויגן, מיט איר גאַנץ וועזן לייענט זי זיין געשטאַלט, ווי מ׳לייענט אַ וויכטיקן בריוו פון צווישן די שורות; זי שלינגט דעם כתב פון דער גוט באַקאַנטער, לאַנג נישט געזעענער צורה, פאַרשט די ברעקעלעך ליכט, וואָס ווערן בטל אין שאָטן... יאָ, דער שאָטן: וואָלקנט, פאַרפינצטערט דאָס פנים און גיט־צו יעטוועדן שטריך אַ באַזונדער מין ערנסט, וואָס מיינט צו זאָגן: „אויב לעבן הייסט — ליידן״...

נאָר, ווי ס׳זאָל נישט זיין, דער אָוונט — וווּנדערלעך אָן אַ שיעור:

אַ פריינד איז געקומען...

אַזאַ צופאַלעניש, אַזאַ פאַרפאַלעניש אינעם שמועסן, אַזאַ גרויסן זיך מיט דער דריה, מיט די בלומען פון אייגענעם גאָרטן — צעשטעלט אומעטום דאָ אין גלעזער, אין פלעשלעך... און אחרון, אחרון, די קינדער: געוואָרן דאָ גאַנצע בריהס. פלאַפּלען שוין לאַנג, ווי אַ וואַסערל, עברית, און דאָס יידישע לשון איז ביי זיי אויך נישט אין גלות. נאָר דאָס איז נאָך גאָרנישט: בעיקר טרוימט מען — צו זיין גבורים...

— אַ נס, מע ווייס כאָטש — ס׳זענען פאַראַן שלעכטע און גוטע אַראַבער, — לאַכט חנטשע, — ווען נישט, וואָלטן זיי גרייט געווען צו רייסן זיך פאַר די נעזער מיט אַלע!

היינט איז מען באַזונדערס קאָדערדיק, לוסטיק. יעדן אָוונט טרעפט זיך עפּעס — אַ „דוד״ זאָל קומען צו פאָרן, און גראָד, ווען דער אבא איז אויך אין דער היים לכבוד דעם ערשטן טאָג פון זיין חופש... זיי ווילן גאָר נישט אָפּטרעטן פונעם צימער. מ׳שטעלט אָן מויל און אויערן צום גערייד פון די דערוואַקסענע, און אַליין האָט מען אויך וואָס צו זאָגן...

— נו, קינדער, פון דעסטוועגן — צייט צו גיין שלאָפן! — פאַלט דער טאַטע אַריין זיי אין מיטן.

— אמאַ׳לע, נאָך צען מינוט בלויז... — פּרוווט רותי זיך דינגען.

די אמא גיט־נאָך און די קליינע באַקומט אַן אָפּשניט פון משהלען — הלמאי זי בעט אַזוי ווינציק...

— חברה־לייט, נישטאָ וואָס צו זאָגן, חברה־לייט! — קוועלט אָן דער „דוד״, ווען דאָס קליינוואַרג איז שוין ענדלעך ביי זיך אין די בעטן.

— אָ־האָ — די אמתע!... — באַשטעטיקט די מאַמע.

נאָר באַלד נעמט ער זיך צוריקציען, דער קפּדן:

— די אמתע, אָבער — ווינציק; ווען כאָטש דריי, ווי ביי לייטן...

— האָט שוין מורא אָנצוטאָן ווען אַ ביסעלע תענוג!... — נעמט טאַטע־איציק זיך אָן חנטשעס קריוודע. — דאָס איז דאָך דער חילוק צווישן אייךביידן. ביי מיין ווייבל, ווי ביי אַן אמתן שמח בחלקו: „ווינ־ציק, דערפאַר אָבער אויסגעצייכנט!" ביי דיר — פאַרקערט: „גוט, אָבער ווינציק!"... אין דעם ליגט אייגנטלעך אַ גאַנצער לעבנס־באַנעם. בראַוואָ

— נאָר אַזוי, חנטשע! געגוג איין מרה־שחורהניק אין דער משפחה!...

ווי אַ מילגרוים — פול זאַפטן, אַזוי איז דער אָוונט געלאָדן מיט לאַנג געכאָוועטע רעגונגען, בענקשאַפטן, ווונטשן, וואָס לייזן זיך אויף אינעם אויפברויז אין פריידיקן ציטער —

אַ פריינד איז געקומען...

מ׳קען הערן זיין קול, באַלד ווידער — אַליין ריידן, דערציילן... און נישט בלויז וועגן ענינים וויכטיקע, ערנסטע, נייערט אויך פּלוידערן, סתם אַזוי פּלוידערן אָן אָפּהאַלט. הוילע נאַרישקייטן, סאַמע קליאַטשע — פון צו פיל געריירטקייט, פון איבערראַשונג, פון גליק... מאָמענטנווייז קען מען אויך שווייגן, און דאָס שווייגן, פונקט ווי די רייד, זאָל פול זיין מיט אים, מיט דעם פריינד...

יאָ, איטלעכע רגע איז טייער, מ׳מוז איילן! ווייל ווי אַזוי וועט מען זיך אָנזעטיקן, אויב די אָ באַגעגעניש דאַרף געווערן נישט מער פון אַ חודש?...

און חנטשע געפינט באַלד אַן „עצה":

— לאָמיר צעהאַקן אַלע זייגערס פון דער וועלט! אַ גליקלעכן ליגט סיי ווי נישט אין זינען צו ציילן, ווי אַ קמצן, די רגעס; און דעם אומ־גלקלעכן — וואָס טויג אים דאָס ציילן?...

נאָר נישט ביי לייבטשען:

— פאַר שיינע רעיונות — אַ קוש אין קעפל! — זאָגט ער. — אָבער אַ מענטש דאַרף לעבן מיט חשבון.

און ראַפּטעם פאַרגלאָצט איציק די אויגן צום זייגער, וואָס שטייט אויפן ראַדיאָ, אין ווינקל.

— מיין שווייגן זאָל גיין פאַר דעם אָ... — זאָגט ער, כלומרשט אומ־שולדיק. נאָר באַלד — אַן אַנדער מין „אויפטריט". די גאָמבע אין האַנט, ווי אַ בערדל, פאַרגייט ער זיך גאָר אין אַ ניגון: — נאָר, פרעגט זיך אַ קשיא, וואָס טוט מען, אויב מ׳האָט אַ ווייבל אַ שפּילקאַץ, וואָס פאַרגעסט גאָר אין גאַנצן, אַז אַ גאַסט קאָן זיין מיד פונעם וועג?... מאַכט רש"י —

מעג מען איר טאַקע דערמאָנען, אַז אויך פאַר דערוואַקסענע איז שוין די העכסטע צייט...

— איציקל, האָסט דאָך גראַד חופש, — ווערטלט זיך חנטשע. — טאָ שפּיל זשע מיר היינט נישט טעאַטער, כאַטשבי — פון וועגן דעם גאַסט!

נאָר איציקל איז אַן אַלטער שפּיל־פאַרדאַרבער.

— סדר! — זאָגט ער אַנטשלאָסן. — אויף סדר שטייט די וועלט!

אין אָנהייב איז דער גאַסט געווען דווקא איינשטימיק מיט חנטשען, ווייל חשבון איז חשבון, אָבער וואָס איז דאָ צו ריידן וועגן מידקייט — נאָך אַזאַ קאָצנשפּרונג מיטן אַוויאָן?... אָבער אַז איציק האָט נישט אויפֿ־געהערט צו מאָנען „סדר״, האָט ער שוין אויך גענומען צובאָמקען, דער לייבטשע...

אומזיסט האָט נאָך חנטשע געפּרוווט ווייך מאַכן זייערע הערצער:

— וואָס הייסט? אַזוינע גוטע און ליבע און ווילע זאָלן גאָר נעמען — אַוועקהרגענען אַזאַ שיינע וואַכנאַכט און לייגן זיך שלאָפן? בלויז דערפאַר, וואָס ס'איז שפּעט!?...

נאָר נישטאָ צו וועמען צו ריידן; לייבטשע האָט צוליב עפּעס וואָס אָנגענומען אַ פול מויל מיט שווייגן און איציקל — ס'זייניקע: „סדר!״

אויף קאַפּידרעך דאַרף מען אים האָבן, דעם סדר!... גיי אָבער און קעמף מיט צוויי פאַר אַ מאָל, ווען אי מאַן, אי פריינד —ביידע האָבן זיי סוף־סוף געשלאָסן קעגן איר דאָ יד־אחת!... איז ווידער געלאָזט זיך אָפּשניידן אַ פּאָלע: און בסך הכל — וויפל פּאָלעס זיינען עס פאַראַן ביי אַ מענטשן? אויב ס'זאָל אַזוי גיין, וועט זי נאָך בלייבן בקרוב הויל־נאַקעט...

נאָר וואָס העלפן חכמות?... באַלד זיינען אויסגעבעט די געלעגערס: לייבטשע מיט איציקן — אין איין צימער, חנטשע אין אַנדערן — מיט די קינדער.

אין ביידע חדרים פאַרלאָשן די ליכטער, נאָר פון דאָרטן, ווו איציק מיט לייבלען — דערטראָגן זיך אַהער צו געדעמפּטע, שטיל־שטילע רייד... אַ וואָרט זאָל עס דערגיין צו איר אויער! אָבער זיי ריידן, די גזלנים, זיי ריידן!...

אַזאַ ווילטאָג! די סאַמע טשיקאַווע ענינים ווערן אַ מאָל צערעדט דווקא בעת מ'ליגט אַזוי אין דער פינצטער און פּלוצעם ווערט גאָר אַ שאָד איינצושלאָפן — אויף להכעיס דעם זייגער. און אָסור, צי ס'שטערט עפּעס

אין דעם פאַל, וואָס איינער פון זיי איז אַ מענטש „מיט חשבון״, און דער אַנדערער — אַן אָנהענגער פון „סדר״...

ערשט איצטער ווערט קלאָר דאָ פאַר חנטשען, ווי מ׳האָט זי אָפּגע־נאַרט, באַעוולט, באַליידיקט... און ווער? די „גוטע״, די „ליבע״, די „ווילע !״...

אָט האָט ער אָקאָרשט געזאָגט, לייבטשע, וועגן אייניקע מאָלער־קרי־טיקער — גאונים: „שעצן דאַרף מען זיי, אָבער נאָכגעבן די שמד — דאָס נישט, חנטשע!״ גערעכט, איז גערעכט, לייבטשע!... און אַז מ׳האָט שוין ליב אַזוינע צוויי (נאָך ווייט נישט קיין גאונים!), וואָס שושקען זיך דאָרטן אָן איר, דאַרף מען זיי נאָכגעבן צו ליגן אַזוי אין דער פינצטער און פּלאָצן? אַז זי קאָן דאָך אַפילו נישט מאַכן ליכטיק און לייענען: די קינדער זאָלן זיך אויפכאַפּן און ס׳זאָל ווערן די אמתע וואַכנאַכט פאַר אַלע?...

רותי — די איז שוין אָן דעם אויך עפּעס נישט שטאַרק צופרידן: האַלט אין איין אָפּרוקן זיך פון דער מאַמען. רותי איז אומרויִק, שליידערט, וואַרפט זיך אין שלאָף און די ליפּעלעך מורמלען עפּעס, מורמלען... צי אפשר קאָשמאַרעווען זיך איר גאָר יענע צייטן, ווען זי פלעגט זיך אויפ־כאַפּן אין מיטן נאַכט — מאָנען עסן, און די מאַמע האָט געמוזט איינגעמען מיט גאָלע קושן, מיט ווערטער?...

זיי שלאָפן, די קינדערלעך; שלאָפן און וואַקסן... — קומען איר פלוצעם אויפן זינען נאָך אַלץ נישט פאַרגעסענע רייד וועגן איר אַליין, וועגן חנטשען.

און פון יענעם צימער דערגייט נאָך דאָס שעפּטשען. „טשי־טשע־טשו״... און „טשו־טשע־טשי״... אָן אָפּהאַלט, אָן אויפהער.

ווי אַ שטאַרקער געטראַנק, דורכגעלאָזט דורך אַ פילטער, האָט אַ ווייטער, פון צייט געלייטערטער אָפּקלאַנג טריפּ־טראָפּ געגומען איבער־גיסן זיך אין דער נאַכט אַריין, אין חנטשעס זכרון...

ווען האָט זי עס געהערט אַזאַ „טשוטשען״? — — — פאַר וואָס האָט מען זי אָפּגעשיקט אַהער צו און אַליין...

דער אומעט פון איינעם אַן אָוונט, ווען חנטשע האָט געמוזט בלייבן אין שטוב און אויסשטיין דער מאַמעס סודען זיך מיט אַ שכנה, דאָס וואָיעווען פון קינדער אין דרויסן — די גאַנצע פאַרלאָרנקייט אירע פון

יענעם ווייט־ווייטן אָוונט לעבט־אויף איצט אין איר אַזוי שאַרף, אַזוי בולט...

ווי גערן וואָלט זי אויך איצטער — — — אונטערגעצונדן דעם פּאָרהאַנג. נישט ווי דעמאָלט וואָלט ער ביי איר היינט געפלאַקערט — אוי, וואָלט ער!... און מ׳וואָלט שוין נישט געלעגן דאָרט אַזוי רויק, צעריידנדיק וועלטן: מ׳וואָלט זיך שוין דערמאָנט וועגן חנטשען, אפילו — אַריינגענומען צו זיך דאָרט, אין מיטן...

— „אַז מ׳קען דען דאָס לאָזן אַליין אויף אַ רגע?!" — וואָלטן געזאָגט באַלד דיביידע.

און איציק וואָלט זיך מסתמא געעדותט מיט לייבטשען:

— „איצט זעסטו כאָטש, וואָס איך לייד נאָך ביז איצט פון דער חנטשען!"...

ניין, זי וויל נישט, וועט נישט אַריינגיין צו זיי דאָרט; האָט פיינט אַזוינע! בלויז — אונטערצינדן דעם פּאָרהאַנג. זאָל ברענען!...

נאָר ווי קען שוין חנטשע זיך שפּילן מיט פייער, ווען ווידער אַ מאָל — די קינדער...

און טאַקע: וואָס איז די איילעניש געוועזן אויף דעם איציקן?... וויפל מאָל, אַז ס׳קומען צו זיי באַקאַנטע, ביז גראָען טאָג אַריין פּלוידערט מען און איציק האָט גאָר נישט בדעה צו טרייבן עמעצן שלאָפן. זוכט נישט קיין „סדר". און היינט גאָר...

עפּעס פאַלט איר איין ראַפּטעם, חנטשען. כאָטש דער געדאַנק איז גראָד זייער משונה... נישט שוין זשע — — — אייפערזיכטיק, איר איציק?...

אמת, זי האָט זיך משוגענערוויז געפרייט מיטן גאַסט דאָ. געקושט, געהאַלדזט אים. אַ קלייניקייט — דעם פעטער שלמהס לייבטשע? טאַקע אַ מרה־שחורהניק, אַ קאַלטער גזלן, אַ מרוק — אַלץ, וואָס אין דער קאָרט. אָבער פון דעסטוועגן: לייבטשע!... וואָס מיינט ער מיט זיך דאָ, דער איציק?!...

און ס׳דערמאָנט זיך איר באַלד אַ פאַרלויפעניש מיט נאָך אַ פריינד זייערן — דעם אייגענעם, וואָס איז שפּעטער געפאַלן ביי וואָראָניעזש. זיי האָבן אים ביידע זייער גערן געהאַט, דעם יוסף... אַ זעלטענער חבר, אַ שמועסער און צוהערער, נישט צו געפינען זיין גלייכן. אַז חנטשע

פלעגט פאַרקריכן מיט אים אין אַ שמועס, האָט זי געקענט פאַרגעסן אַלץ און אַלעמען אין דער וועלט. מאָמענטנווייז — אפשר אויך איציקן. זאָל זיין, אַז — יאָ, אַז ס׳איז אמת. וואָס איז דער מער: רק איציק און איציק?... אפילו, אויב דער איז זיך נוהג אַוועקצוגיין אויף שעהען לאַנג אין אַ ווייטער ביבליאָטעק לייענען ביכער און אים אַרט נישט, וואָס חנטשע דאַרף בלייבן אַליין מיטן קינד?...

מ׳קען נישט זאָגן, איציק זאָל איר דעמאָלט האָבן געמאַכט „סצענעס״, אָדער עפּעס ענלעכס צו דעם. זי האָט אַפּילו נישט באַמערקט, אַז ס׳פאַרדריסט אים. ביז איין מאָל האָט ער נישט אויסגעהאַלטן און געזאָגט — אמת, זייער שטיל און געבראָכן:

— „חנטשע — דו שפּילסט זיך מיט פייער״...

נאָר פאַר חנטשען איז דאָס געווען איבער־געַנוג... זי האָט זיך אָנגעצונדן. באַנייט מיט אים דעמאָלט אַן אַלטן וויכוח וועגן גלייכבאַרעכטיקונג, וועגן דער אומזיטלעכקייט צו וועלן הערשן איבער אַנאַנדער, ווען אויך — מיטן כוח פון ליבע.

זייער אַ וויכטיקער ענין ביי חנטשען. דאָ איז ניט שייך לאָזן זיך שניידן אַ פאָלע: זי׳ט נישט אויפגעבן. זי׳ט קעמפן. ביזן גראָען צאָפּ אַריין וועט זי קעמפן!... און איציק האָט אויסגעהערט דאָס אַלץ מיט קאָפּ און — וואָס האָט ער עס דעמאָלט געענטפערט? אַהאַ, זי דערמאָנט זיך: אַז — „אַ קימפּעטקינד״ איז זי, זיין חנטשע...

אַן עפּיזאָד בלויז, אָבער ער האָט איבערגעלאָזן אין איר אָפּן אַ מין שפּאַרונע, דורך וועלכער ס׳רייסט זיך אַריין צו מאָל עפּעס פרעמדס און פאַרדראָסיקס.

...„דו שפּילסט זיך מיט פייער״.

נישט דאָס, אַז זי זאָל ווידער אַ מאָל האָבן געהערט פון אים ענלעכע ווערטער; אָבער ווי נאָר עפּעס, קומט יענץ אויפן רעיון און חנטשען ווייזט אויס, מ׳וויל איר פּענטען די פליגל.

און איצטער דאָ — לייבטשע... און ווידער אפשר: „שפּילסט זיך מיט פייער?״... און ס׳העלפט אַפּילו נישט, וואָס מ׳איז שוין אַ „גרויסע״...

מענער זענען „גזלנים״, זיי מעגן אַלץ: אַפּילו אַוועקגיין, ווו מ׳וויל, בעת אַ מאַמע קאָן נישט אָפּטרעטן פון די קינדער. מסתמא אויך — שפּילן מיט פייער...

נאָר דערווײַלע רעדט מען דאָרט, מ׳הערט גאָרנישט אויף צו ריידן. אויך יענער — דער „מענטש מיט חשבון!"... אַנו, זי׳ט אים מאָרגן אַ פרעג טאָן:

— צו ווענדן ביסטו אייגנטלעך געקומען — צו מיר, אָדער בלויז צו איציקן אפשר?

נאָר וואָס ער זאָל נישט ענטפערן, ווער ווייסט איר אומקערן די איציקע רגעס, ווי באַלד אַלץ פליסט און קיין זאַך חזרט זיך אויף גאָטס וועלט נישט איבער?...

און דער פּאַרדראָס טרעט שוין נישט אָפּ פון חנטשען. זעגט, עדערט, נעמט אָן פון רגע צו רגע אַלץ מער דערדריקנדיקע, אומגעהייערישע, כמעט נישט געשטויגענע וואָגן און מאָסן און פאָרמען און וואַקסט אויס באַלד צו עפּעס משונה אומהיימלעכס, וואָס לייגט זיך בלייערן שווער אויפן געמיט... ווי דעמאָלט, ווען זי איז געווען אַ „שאָדנווינקל" און דער אַרום איז געווען פול מיט פאַרשווערונגען אָן אַ צאָל...

דורכן אָפענעם פענצטער, דורך שפּאַלטן אין תריס, דעם פאַרמאַכטן, דרינגען אַריין די גאָרטן־ריחות פון דרויסן. גלייך זיי וואָלטן זיך הײַנט אויך פאַרנומען, ווי שטענדיק: איינליוליען דווקא, פאַרוויגן, פאַרמאַניען חנטשען אין שלאָף. נאָר אומזיסט אַצינד זייער מי!...

נישט באַגאָסן דעם גאָרטן... — דערמאָנט זי זיך פּלוצעם, און נאָך אַ פאַרדראָס בלייבט שוין ערגעץ ווו שטעקן אין איר און נאָיעט.

זי קען מער נישט אײַנליגן, חנטשע. סע הייבט איר פונעם געלעגער. אין דער פּיזשאַמע, אַ באָרוועסע — געלאָזט זיך צו דער טעראַסע. דאָרטן — אַ טיר אַרויס צו: יאָ — נישט באַגיסן איצט אָ דעם גאָרטן?...

נאָר — געדאַרפט זיך גראָד טרעפן, איר פוס זאָל אומגערן פאַרטשעפּען זיך אינעם געשטעל מיטן לייוונט, דעם פון לאַנג שוין פאַרגרייטן... חנטשע איז שטיין געבליבן אַ ווײַלע; צי האָט דער גערודער נישט איבער־געוועקט איר דאָס קליינוואַרג, נישט דערטראָגן זיך צו די מענער — אַהין?...

גאָרנישט. שטיל אומעטום דאָ. קאָן זיין אַפילו — די ביידע שלאָפן שוין ענדלעך. אָבער וואָס זיי האָבן זיך אָנגערעדט, איז זייערס!

נאָר דאָס געשטעל בלייבט אין דער העלער נאַכט סאַמע פאַר חנטשעס פּנים און זי האָט באַלד בילכערע דאגות פון אַ נישט־באַגאָסענעם

גאָרטן. צו וואָס האָט מען עס אַוועקגעשטעלט? אַ סטראַשידלע. קריכט חוצפּהדיק אין די אויגן, חוזקט אָפּ ממש, און שטרויכלט דערצו נאָך די טריט... טאָמער וואָלט זי פאַרגעסן אַ רגע די „שעפערישע צייטן" וואָס וואָלטן געדאַרפט טאָגן מיט איר און נעכטיקן, און ווילן אַפילו נישט איבערשעהען מיט חנטשען...

זי קערט זיך אָפּ פון דעם מיט פאַראַכטונג, וויל נישט מער קוקן אַהער. אַלץ האָט זיך היינט ווי פאַרשוואָרן אָנצוטאָן איר צרות, בזיונות.

און די ריחות מאַניען, פאַרמאַניען... בלויז זיי — זענען לייטזעליק צו איר און מילד. ס'דוכט אַפילו, זי וואָלט שוין אויך געקענט אַצינד שלאָפן...

נאָר באַנאַנד מיט די ריחות, וואָס שפּאַרן אַזוי עקשנותדיק פון איר גאָרטן, כליניעט אָן ראַפּטעם אָן אַנדערער אַראָמאַט איצט אויף חנטשען: דער אַראָמאַט פון פעלדער אין ווייטן, אין היימישן פוילן, פרעמדע פעל־דער, וואָס פלעגן מיט שאַרפן און בליציקן קאָסע־געקלאַנג אי לאָקן, אי באַאומרויקן דאָס יידישע שטעטל, און וואָס די ליבשאַפט צו זיי איז שטענדיק געווען פאַרפאַראָשעט מיט אַ שטויבעלע פּחד און קנאה.

און פּלוצעם גייט אויף עפּעס אין חנטשען: מעכטיק, באַצווינגעריש, פול אימפּעט.

נישט איציק, נישט לייבטשע — עפּעס אַנדערש פאַרכאַפּט איר אין גאַנצן...

זי וויל נישט מער זיין מיט די צוויי דאָרט. אַ כפּרה — דאָס וואָיעווען מיט אַן איציק!... אויפגעדרייט ליבערשט דעם שאַלטער — זאָל קודם זיין ליכטיק!

ווידער שטייט זי אויג אויף אויג מיטן בלאַנקן, שוין ליכט־באַגאָסע־נעם לייוונט. נאָר דאָס שטיין גופא — אַנדערש, ווי מיט אַ רגעלע פריער. נישט צופעליק לגמרי: אַ קעמפער ערב דעם שטרייט. קאָן אויך זיין — — ערב זיג?...

דאָ — בלייער, דאָ — פענדזל און פאַרבן און אַלץ מיט אַנאַנדער... די מאַמע, די שכנה... אָט באַלד וועט זי אַרויסכישופן דאָס פונעם האַרץ, פון זכרון. און ניט שוין זשע אויכעט — דער פאָרהאַנג?... דער זעלביקער, וואָס זי האָט אַזוי שלימזלדיק אונטערגעצונדן, אַז ס'האָט זיך גאָרנישט באַקומען. דערפאַר אפשר איצטער?...

אַלע עגמת־נפשן און פאַרדראָסן זענען אָפּגעשווומען מיט אַ מאָל ערגעץ־ווייט. און נישט, ווי אין יענעם קינדישן חלום, נייערט מיט אַן אמת דאָ — אויפן וואָר!... יאָ, כאַפּט זיי צען מאָל דער וואַטעמאַכער — די מענער, וואָס האָבן פאַרגעסן אין גאַנצן אַ חנטשע, ווי דעמאָלט — מאַמע און שכנה! גוט, וואָס זיי זענען „גזלנים״, אַ לויב צו דער וואַכנאַכט: נאָך דריי יאָר פּוסטעפּאַסעווען — זי אַרבעט, זי מאָלט איצט... און דווקא דאָס, וואָס דער ווייטיק פאַרציט עד היום מיט אַ נעפּל!... אָט באַלד וועלן אויפֿ־לעבן דאָ די געשטאַלטן, די נאָענטע. אָט באַלד וועט ברענען בײַ איר דער פאָרהאַנג! וועט ברענען?!...

אַ קווייטן־בלעטל פון נאַכטווינטלעך אָפּגעפליקט און פאַרטראָגן אַהער צו, רירט־אָן אינעם פלי חנטשעס פּנים און פאַלט אויף די קילע באַלאַטן, סאַמע צו אירע באָרוועסע פיס... דער שטיינערנער דיל — שוין אַ ביסל צו קיל פאַר דעם נאַקעטן פוסזויל און די קאָמאַרן פוילן זיך אויך נישט: גאָך אַ ווײַלע, און וועלן זיין שיכור מסתמא פון בלוט... נאָר חנטשע — פרעג איר בחרם, צי זי ווייס, וואָס סע טוט זיך אַרום! גאָרנישט קער זיך ניט אָן מיט איר איצטער, ווען זי איז פול מיט דעם איינעם, אָן וועלכן אויך איר לעבן, ווי לייבטשעס, וואָלט האָבן אַ דרייער די ווערט...

איינפאַלן, נייע איינפאַלן און פלענער אויף שפּעטער, אויף ווייטער — שווימען אָן בעת מעשה פון עבר־תהומען, פאַראַנקערן אינעם הווה אַ גורל־דיקע, אַן אומצערייסבאַרע קייט. און נישט אויף צו פּענטען, נישט — צו פאַרשקלאַפן ציט זיך, שמידט זיך די קייט ביז אינעם עתיד אַריין...

ווי די פלאַנצן אין גאָרטן, רוישט חנה אויף ס'ניי מיט זאַפטן, מיט אימפּעט פון וואַקסן, פון גרינען... מה טוב — די מי אַרום אייגענע בייטן, מה טוב דאָס שאַפן, דאָס מאָלן...

...נישט באַגאָסן... — דורך דער פאַרהאַוועטקייט, דורך זינקעניש אין דער מוזיק פון ליניע און פאַרב — רייסט זיך קוים דורך און פאַרשווינדט די דערמאָנונג. און די ליבשאַפט צו היימישע גאָרטנס שמעלצט זיך אַזוי מאָדנע צונויף מיט דעם יידישן ווייטיק און די געשטאַלטן, וואָס דאַרפן איצט, אין דער נאַכט־שעה, אַרויסגעבראַכט ווערן דאָ אויפן לייוונט, גייען אויף פון דעם בולטער, קלאָרער, ביי איר אינעם דמיון.

דער פּענדזל אין חנהס האַנט טוט זיין טוונג פייערלעך, מיט ציטער־פלאַטער, מיט ברען. חנה לענקט — גיט אים אַ ליניע, אַ וועג...

אַ פּיטשעמאָנטשיקל שמיר־און פאַרשמיר, אַ האָר אין גאַנצן די ברייט — אויסצוגראָדן דעם שייטל־שרינט ביי דער שכנה. נאָך אַ קאָפּ מי — אויסצוטאָקן דעם בוזעם: אַ מאָדניצע — די שרהקע! גייט אַרום אַן אויס־געשטראָנצטע, אין אירער אַ קאָפּטעלע קאָן מען זיך שפּיגלען. היינט — דער פּעכל־בלענד פון די קרעפּטיקע ציינדלעך? און איר קאָקעטישע מינע?...

אַ שפּריצל, אַ שפּרענקל, אַ שטריך, אַ לעצטער גלעט איבערן פּנים דער מאַמעס... ניטע — נעם צו די וואָלקענעס, חנטשע! ווייסט דאָך, די מאַמע האָט פיינט, מ׳זאָל אויף איר מאַכן אַ נעבעך. די שפּיץ נאָז מוז דען באַלד זיין דער מסור, אַז „ס׳ברעכן־לאָמיען די קריזשעס?" אָן אירע „ראַמאַטן" פּעלן אויך נישט קיין צרות ביי יידן; איז דערימעך... אַזוי ביי דער מאַמען — דאָס לשון, אַזוי אויך איר שטעל...

צי האָט זי נישט עפּעס פאַרגעסן דאָ, חנטשע?... יאָ, נאָך אַ טרערעלע פאַרב פאַר די אויגן, נאָך איין פונקעלע פייער צום פאָרהאַנג!

פּענדזלט. מישט פאַרבן. מישט ווידער פאַרבן און פּענדזלט. שפּילט זיך מיט פייער. ווערט אַליין פאַרברענט אינעם פייער. נאָר די אַרבעט — נאָך ווייט נישט פאַרענדיקט: צו קורץ די נאַכט...

חנטשע רוקט זיך אָפּ אויף אַ שפּאַן פונעם לייוונט. מעסט, פאָרשט מ׳יט די בליקן, איז בודק איטלעכן פּרט.

אַ ווײַלע — און פאַרגעסן אין גאַנצן דעם צוועק פון איר שטיין דאָ און קוקן: אויסגעהוילט פון טראַכטעניִשן — זינקט זי, פאַרזינקט אינעם בילד...

חנטשעס פּנים ווערט בלייך — בלייכער...

— קייסער־מיילעך!... — רייסט זיך אַרויס ביי איר פּלוצעם, און איין האַנטפלאַך קלאַפּט אייפעריק אין דער אַנדערער, וואָס מיטן פּענדזל פאַרקלעמט אין די פינגער.

נאָר באַלד דערשרעקט זי זיך, חנטשע. ווו איז מען? וואָס פאַר אַ „קייסער־מיילעך", אַ פּליעסקען, אַ שמחה?... יאָ, מאַמע און שכנה. נו — אונטערגעצונדן דעם פאָרהאַנג. אָבער אַלץ איז דאָך איצט אַזוי אַנדערש, אוי — אַנדערש!...

ס׳נעמט טאָגן... די מענער וואָלטן נאָך שלאָפן, נאָר דורך דער חלום־נעץ, פון ערגעץ ווו — עפּעס קלאַנגען. מען כאַפּט זיך אויף. לייבטשע טאַפּט־אָן אויפן טישל די ברילן. פון וואַנען גאָר — דער גערודער, די קלאַנגען?... פון דער טעראַסע, יאָ — דוכט זיך! ליכטיק, אַ פאַרעניש דאָרטן... צוויי מענער לויפן אַהין צו.

מע פראַלט אויף די טיר. די פיס ברעכן זיך אונטער ביי איציקן: אַ שריפה — און חנטשע אין מיטן פון פייער!...

ער לויפט ראַטעווען, נאָר לייבטשע האָט אים שוין איבערגעיאָגט: מיט לייב און ביינער אַריין אין די פלאַמען.

פון דער נידעריקער סטעליע אויפן בילד דאָ, פון די באַשייטלטע פרויען, וואָס פאַרטרויען זיך סודות און כאַפּן זיך גאָרנישט, ווי נאָענט ס׳איז דאָס פייער — האָט אַ ווייע געטאָן אויף לייבטשען דער באַקאַנטער, אומפאַרגעסלעכער ריח פון לעבן, פון שטעטל — און ער קען זיך שוין נישט אָפּרייסן: אַ קורצזיכטיקער — די ברילן אַראָפּגערוקט אויפן שפּיץ נאָז — שטייט ער און גלאָצט אויפן נאָך נישט אויסגעפּאַרטיקטן לייוונט, וואָס פייכטיקט, שמעקט פריש מיט פאַרב. שטייט און רינצלט דעם שטערן, די ברעמען גייען זיך צונויף ביי אים, ווי שלענגלעך. באַוועגט מיט די לעפצן, בורטשעט עפּעס. אין זיך אַריין? אינעם לייוונט?...

אַלע געוועבן וויברירן מיט אומרו אין חנטשען. זי איז געשפּאַנט. פאַרשט, פאַרשט זייביידן. איציק איז בלאַס, ווי דערשראָקן. דאָס איז גוט. אָבער — לייבטשע?...

נאָר אָט רייסט ער זיך אָפּ פונעם לייוונט. פאַלט־צו צו חנטשען.

אַ כמאַרע האָט פאַרצויגן ביי אים דעם שטערן, נאָר אין די אויגן לייכט אַל דאָס פאַרגאַנגענע... ער פלאַטערט. וויל עפּעס זאָגן און קען נישט.

און מיט אַ מאָל האָט עס זיך אָפּגעפּונען אין אים:

— ג־געלער ג־נב...

נײן, נישט ער — אַליין פון זיך שטאַמלען די ווערטער, בעת זאָגן וויל זיך גאָר עפּעס אַנדערש. עפּעס וועגן דעם, אַז — אייגנטלעך לעבן זיי דאָך, די אומגעקומענע, און וועלן ממשיך זיין זייער לעבן, כל זמן... נאָר ס׳פאַרשטשעמעט ביי אים פלוצעם דעם גאָרגל און ער זעט אויס אַ ביסל נאַרישעוואַטע, בעת ער שטייט אַזוי און דרייט אין די פינגער די אויסגע־טוענע ברילן, באַמיט זיך — נישט קוקן אויף חנטשען.

— גזלנטע, חנה!... — קען שוין איציק לענגער נישט שווייגן. — געמיינט: אַ שׂריפֿה, ערשט גאָר — אַ לייוונט, אַ פֿאַרהאַנג... האַ, קענען אויך עפּעס — די מיידן! — ווענדט ער זיך שוין צו לייבטשען. און פֿונעם וואָרט: „מיידן" אַלע דריי דאָ — ספֿק קינדער, ספֿק דערוואַקסן.

ער שטורעמט, איציק, ער יובלט:

— וואָס האָב איך געזאָגט? ס'וועט קומען! וועסט נישט וויסן, ווי אַזוי — און...

— פֿאַרגעסן צו באַגיסן דעם גאָרטן... — פֿאַלט אים חנה אַריין אין די רייד גאָר און ווינקט מיט דער האַנט אַרויס צו; ווײַל אַפּנים נישט הערן איצט מער וועגן לייוונט, כּל זמן דער לייבטשע שטייט אַלץ און טאַמיעט.

חנטשעס אַריינמיש טרעפֿט איציקן סאַמע אין פּינטל:

— אוי ווײ — דער גאָרטן!...

נאָר לייבטשע, וואָס ס'גייט אים אַליין אין לעבן צו נעמען זיך צוריק אין די הענט — לייבטשע איז דווקא צופֿרידן פֿון אַזאַ אויסגאַנג.

— מירן אים באַלד דאָ דערלאַנגען פּאָר נעכטן! — זאָגט ער, נאָכלויפֿנדיק יענעם אַרויס צו.

שטילערהייט, נישט אויפֿצוּוועקן די שכנים — פּאָרען זיך ביידע אין דרויסן, און דאָס פּריילעכע וואַסער־זשורטשען, אויסגעמישט מיטן ריח פֿון דער אָפּגעפֿרישטער ערד יאָגט אָן אַ מונטערע קילקייט אויף דער טעראַסע.

ביי חנהן אין קאָפּ זשומעט אַ זיס זשומען. גלייך זי קלעטערט צו עפּעס הויכקייטן אויף אַ לייטער... די אויפֿגייענדיקע זון, דער פֿאַרביקער לייוונט — מיניען, פֿאַרמאַניען די אויגן. אַ זשוואַוועע ווינטל וויגט דאָס גרינוואַרג, די בלומען אין גאָרטן, שפּילט אינעם שטאָף פֿון די ווייבערישע קליידער — בלאָזט, דוכט זיך, פֿונאַנדער אויפֿן בילד די פֿלאַמען...

חנה איז שלעפֿעריק. חנה איז מיד און גליקלעך:

ס'לעבט די מ אַ מ ע, ד י ש כ נ ה. ס'פֿלאַקערט, ס'פֿלאַקערט דער פֿאַרהאַנג.

אַרויסגעטראָגן אין דרויסן דאָס בעטעלע מיט דער דריי־חדשימדיקער בת־יחידה, שפּרייטן אויס טאַטע־מאַמע אַ קאָלדרע אויף דר׳ערד. מע זעצט זיך אַוועק די מילדע מאַי־לופט געניסן און, בעיקר — באַוואַכן דעם „אוצרס״ שלאָף... מאַלע וואָס ס׳מאַכט זיך: לוקעריאַ דעמיאַנאָוונאַס ביקל — אַ מזיק! ווי עפּעס אַ שמאָכטע, איז דער אַ בעלן צו קייען. און פריידעלעס פינגערלעך זיינען גלאַט ביי אים אַ מציאה... מע דאַרף מער: אַנומלטן האָט דאָס „אוצרל״ אויפגעהויבן אַזאַ געיאָמער, אַז פרומקע — די מאַמע, וואָס האָט זיך געפּאָרעט אין שטוב גראָד — ווייסט אַליין נישט, ווי אַזוי זי איז גאָר דערלאָפן אַרויס־צו. ערשט — טאַקע אַ „באַבוק״: דער דעמיאַנאָוונאַס ביקל. שטייט און סמאָטשקעט דאָס הענטל, וואָס די זעל־ביקע פריידעלע האָט האָלט צו שטרעקן צווישן די לייסטלעך פון בעטל.

אָהאָ, זינט דעמאָלט וועט פרומקע נישט איינשטעלן!... — שמייכלט זלמן — דער טאַטע, דעם בליק פאַרהאַלטן אַ ווייל אויף זיין ווייבל. און כאָטש דער שמייכל מאַכט נישט קיין צו לאַנגע שהיות — אַ שטראַל און אַ צוק און נישטאָ מער — אָבער די הויטגעוועבן האָבן אַלץ איינס שוין פאַרשפּונען אין זיך זיין גלימער, און דאָס פּנים זלמנס בלייבט דערפון מילד און חדווהדיק, לויטער אַנטציקונג.

זיצט און שיסט מיט די אויגן: פון טאָכטער צו מאַמע, פון מאַמע צו טאָכטער. איינע — אַ פּעפּערקע, געראָטן אין טאַטן, די אַנדערע — קאָן אַ רגע נישט זיצן אָן אַרבעט... נישט אומזיסט האָט זיין מוטער געהאַלטן אַ וועלט פון איר שנור, פון דער עלטסטער: „אַ געראָטעניש״... — פלעגט זי טענהן. — „וועט בלויז נישט דאָס בונטעווען, כ׳לעבן״... — און געהויבן צום הימל די אויגן.

אַ מאַמעס לויב און לאַסקע דערגרייכט נישט אַהער דאָ צו פּליטים, אָבער אַליין די מלחמה צווינגט יעדן איינעם זיך פעדערן, פלייסן. בפרט נאָך, אַז רק מיט אַ רענצל אין האַנט איז אויסגעקומען צו פאַרלאָזן די נישט צו פיל פאַרמעגלעכע, אָבער פאָרט מער ווינציקער איינגעפּונדע־וועטע היים... אָט האָט דאָס „געראָטעניש״ אָפּגעקליבן דערוויילע אַ וועש־שטיקל פון דעם בערגעלע שמאָכטעס, וואָס זי האָט פאַרנומען מיט זיך צום

פאַרריכטן, און די נאָדל שטעקט באַלד ביי איר ביז איבערן אויער אין דעם געניי.

זלמנען ווערט באַלד לעסטיק דאָס זיצן מיט קניען פאַרהויבן צום נאָז; לייגט ער זיך פרומען צופוסנס, געשטרעקט: פאַר וואָס זיך נישט מאַכן באַקוועם ?...

די צייטונג, וואָס ר׳האָט פאַרנומען פון שטוב אויף צום לייענען — ביז אין דער העלפט פאַרשטשעמעט אַהינטער דער קאָלדרע, איז, אַ פאַרוואַל־גערטע און צעקנאָדערט — געבליבן ליגן אים ביי דער זייט. ער שפרייט זי צו מאָל בנעימותדיק פון דאָס ניי, גלעט אויס די קאַנטן — דאָס אויג בלאָנדזשעט פון שפּאַלט צו שפּאַלט. נאָר דער „אוצר״ כישופט, פאַר־פירט... זלמן לייענט און לייענט נישט: ווידער און אָבער אַ בליק צו דער קליינער.

אַ באַשעפעניש — צו ביידן נישט ענלעך אַ האָר: נישט זיין „גרי־כישע״ נאָז — דאָס איינציקע לייטישע קונסטשטיק אין דעם נישט איבעריק געראָטענעם פּרצוף, און אויך נישט זיין פרומקעס „פוילישע״, צום הימל פאַרריסענע סקיוויקע. אַפילו נישט — דאָס אומגעריכטע, פון דער העלער הויט חן־פינטעלע סאַמע אין דער פאַרטיפונג פון איר אַטלעסענעם האַלדז־גריבל, וואָס אַז זלמן קוקט אויף דעם, ווייזט אים אויס ביז אויפן היינטיקן טאָג: אָן דעם דריבנינקן קענצייכן איז פאַר אים, דעם נאַרולע — נישטאָ גאָר קיין גליק אויף דער וועלט... ווען בלויז כאָטש אַ שמץ פון דער מאַמעס הימלבלוי אין די אויגאַנעס ביי דעם „אוצר״. גאָאָר־נישט! אָבער שיין איז דאָס סיי ווי... — קוועלט ער אָן פון זיי ביידן, און נאָך געדאַנקען, אין פלוג — זייטיקע — קומען אים דאָ אויפן רעיון.

„ווען מיין מאַמע לייגט מיך שלאָפן
אין אַ וויגעלע״

אַזוי — די ווערטער, צי אַ ביסעלע אַנדערש ?... זלמנען ווערט מאָדנע אַצינד אויפן האַרצן. און אַלץ צוליב דעם — אין אָפּגרונט פונעם זכרון כמעט ווי פאַרפאַלענעם, און פּלוצעם אויפגעטויכטן וויגליד, וואָס זינגט בלויז אינעווייניק אין אים, בעת די ליפּן שטומען גאָר, שטומען...

אפשר דערפאַר איז עס דאָ פּלוצעם, דאָס לידל, ווייל די נאָדל בלינצלט אַזוי בריהש אין פרומעס געשמיידיקע פינגער, וואָס דאָס דערמאָנט אים

אַ מאַמע ערגעץ ווו אין מרחקים; אפשר דערפון, וואָס אָט איז מען שוין אַליין טאַטע־מאַמע? און קען אויך זיין — פשוט: ס׳איז פרילינג, די מלחמה האַלט ביי פאַרענדיקט ווערן און די בענקשאַפט אַהיים צו ווערט שניידי־קער, שאַרפער...

„...זינגט זי מיר און זינגט אַ לידל
פון אַ ציגעלע"...

ווי לאַנג ערשט, דוכט זיך, צוריק — האָט מען געזונגען די לידער אין אַזאַ פריילעכער כאַליאַסטרע, אויף אַ חלוצישער זומער־קאָלאָניע אין אַ היימישן דערפל!...

פרומקע איז אָקאָרשט געווען אַרויס פון תפיסה, ווו זי איז פאַר „בונ־טעווען" אָפּגעזעסן אַ צייט לאַנג ביי מלכות אויף קעסט, און הגם — ווייט נישט אין איר סביבה, האָט זי מיט אים אויף יענער קאָלאָניע גאַנץ גוט זיך געפילט.

נאָר פלוצעם — מ ל ח מ ה!... ווי אַ טשאַטע פייגל איז זיך פונאַנדער־געפלויגן דאָס קרענצל.

אַזוי האָט עס זיך אָנגעהויבן אין זייער חברותא... „בליצקריג" האָט דאָס געהייסן, און וואָס דאָס מיינט מיט אַן אמת — צי האָט דען עמעץ צו יענער צייט דען געוווּסט שוין?...

איינס האָט מען דעמאָלט געאַנט בלויז: יונגע מענטשן דאַרפן פאַר־לאָזן די היים. ראשית כל ווער דער דייטש זיי דאָ זיכער ברענען און בראָטן די טריט; דערצו נאָך — בנוגע צו מענער — אַ באַפעל פון דער אָפּטרע־טנדיקער רעגירונג. האָט מען נישט דעמאָלט געהאָפט דען, אַז ערגעץ ווו וועט זיך די היימישע אַרמיי נאָך „דערכאַפּן" און מ׳וועט אין איינעם אַרויסשטויסן צוריק די באַפאַלער?... אַזוי האָבן מחנות מענטשן געלאָזט זיך אין וועג. אומזיסט האָט מען זיך נאַרישעוואַטע געבעטן ביי רעשטלעך פון דער אַנטלויפנדיקער אַרמיי: „געוואַלד — לאָמיר!"... ס׳האָט נישט געהאָלטן דערביי. ווער ס׳איז פון דייטשע באָמבעס אומגעקומען באַלד אונטערוועגנס, ווער — נישט בכוח געווען נע־ונדעווען ווייטער און אומ־געקערט זיך צוריק פונעם וועג, און ווער — מיט סכנת־נפשות דערגרייכט לסוף אין פאַרשידענע ערטער.

אָ־האָ, ווי די מלחמה פאַרשלעפּט עס אַ מענטשן: צו ערשט אוקראַינע, דערנאָך סיביר, און אַצינד גאָר — ק אַ װ ק אַ ז!...

פרומקע רייסט זיך אָפּ אויף אַ ווייל פונעם לאַטען, שטרעקט זיך אין דער זון, ווי אַ קעצל, טרינקט מיט איטלעכער הויטפּאָרע די לינד־מילדע לופט... אַ רגעלע ווילטאָג, און ווידער: נאָדל־פאָדעם — און ס׳האַווען די פינגער.

און זלמנס בליקן וויליען גראָד איצטער אינעם אַרום.

צפון־קאַווקאַז: פאַרשטייט זיך — נישט דאָס, וואָס אוקראַינע, סיביר...

פּאַזע דאָרף — פּאַשע־לאַנקעס, באַשטאַנען און קוקורוזע. נאָר בעיקר — תבואה... תבואה...

אויסגעכאָליעט דעם ווינטער־פּאַרזיי אונטער שנייִקן צודעק, שלענג־לען זיך ברייטע שטחים מיט זאַפטיקער גרינקייט אַריין אין די זוניקע טעג. אַנדערע, מיט פרילינג־פּאַרזיי אין די טיפן — זענען אויך שוין אויפגעע־גאַנגען מיט שפּראָצונג. און כאָטש דאָס פריער אַלץ מער פאַרשווינדנדיקע ביסל בוריאַן שפּרייט איצט אַ וויסט מלחמה־געדרעטעניש סאַמע לעם דאָרף דאָ און לאָזט נאָך נישט אָנזען דאָס יונגע היי־יאָר־געוויקס, אָבער זלמן, וואָס איז פאַר דער קורצער צייט געוואָרן אַזוי אויסגעבונדן מיט אָט די פעלדער, ווי פריער, אין סיביר, מיט יענעם טייגע־געשפּרייט פון אַרום דאָרט — זלמן ווייסט אויך דאָ שוין אויף אויסנווייניק די געגנט. כמעט אַ העלפט פון דעם סאָווכאָזנעם ערד־שטח האָט דאָך אַליין זיין בריגאַדע צעאַקערט מער ווי איין מאָל מיט טראַקטאָרס און אַלץ, וואָס קער זיך אָן מיט דעם שטיק פרוכפּערדיקייט, קען ער זען מיט געשלאָסענע אויגן — ווייט אַריבער דעם פאַרריסענעם געפּראָל פון די שטעכיקע ריטלעך...

אינעם דאָרף גופא — ווייסע, געמויערטע פּאַרטער־הייזער מיט רויטן, שפּיציקן ציגל־דאַך. גרינס, ביימער, אַ סעדל... אויף יענער זייט — די שול מיטן קינדער־גאָרטן דערלעבן, און קעגן איבער, נאָך אַ לעצט־לעצטן ווינהויז, בשכנות מיט אַנדערע אַרבעטס־שאָפּעס — די קוזניע, ווו ס׳געוועלטיקט איינער, אַ „דיאַדיאַ וואַסיוטקין״, אַליין נישט קיין היגער: פאַרוואָגלט אַהער צו, בעת די דייטשן האָבן אַריינגעפּראַלט אין אוקראַינע. אינעם זעלביקן עק דאָרף — אויך דער סקעלעט פון אַ נייער עלעקטראָ־סטאַנציע, ערשט אָנגעפאַנגען צו בויען אויף די חורבות פון דער פריער־דיקער, וואָס האָט, ווי ס׳דערציילן די תושבים — אַזוי שטאָלץ אַרויסגעע־הויבן זיך מיט איר גאָרנדיקן געביי.

נו, זיכער די דייטשן!... — וויפל צייט בסך הכל געוואַלטעט אין דאָיקן

קאַנט? דווקא גאָר גיך גראָד פאַרטריבן געוואָרן צוריק; אָבער — די שפורן, וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזן נאָך זיך...

יאָ, דער ברודער־קבר אין אָפענעם פעלד, צווישן גראָזן... זלמנס בליק בלייבט הענגען אַ ווײַלע אויף יענעם ווייטלעכן אָרט, ווו ס׳הויערט דער קורגאַן אין סטעפּ: דאָרטן — דער אייביקער רופלאַץ פון אָרטיקע יידן מיט קאָמוניסטן באַנאַנד. און כאָטש די אייננווױנער מיידן אויס געוויינטלעך אַלערליי שמועסן אַזוינע מיט יידישע פּליטים, פון דעסטוועגן דערטראָגט זיך עפּעס וואָס שוין צו זיי... מע ווייס אַפילו איטלעך פּריש קווייטל, וואָס די האַנט פון אַ דאָרפישער באַבע פאַרפלאַנצט דאָרט צו מאָל בשתיקה — נישט אויפצורייסן ביי זיי טאַקע, ביי פּליטים — די ווונד...

מאָדנע, ווי טומאה מיט קדושה הויזן עס לעם אַנאַנדער: אייניקע האָבן בייזווייליק איבערגעגעבן שכנים צום תליִן, בעת אַנדערע האָבן זיך איינגעשטעלט צו ראַטעווען, וואָס מ׳קען נאָר און אויסגעהיטן געטריי־שאַפט צו די קרבנות — אויך אַריבער דעם טויט...

מיד פון אַריינבויערן זיך אין דער בלענדיקער ווייטקייט, קערט זיך ווידער אום זלמנס בליק אינעם דאָרף דאָ: אָט דאָרטן, אין יענעם עק סטאַניצע — בעטאָן־ברונעם, סאָווכאָזנע קאַנטאָר, און אַ ביסעלע ווייטער דער קלוב טאַקע, ווו די איינוווינער זענען אַוועק היינט הוליען לכבוד דעם ערשטן מאַי. אויך — די פּליטים, וואָס מ׳האָט זיי מיט אַ יאָר צוריק געבראַכט אַהער פון סיביר.

נישט דאָס, אַז ביי יידישע פּליטים זאָל גראָד אויסגיין דאָס חיות צו פּראַווען יום־טובים!... מ׳ווערט דאָך אָבער באַפריינדעט מיט שכנים און עפּעס שיקט זיך נישט — שטיין פון דער ווייטנס, ווען אַ גאַנץ דאָרף, וואָס האָט אַליין זין און ברידערס און מענער אויף פראָנטן, — פאַרגעסט אַ ווייל די מלחמה־צרות און פאַרגייט זיך צו מאָל אין געזאַנגען, אין טענץ... איז זאָל זיך דער „אוצר" נאָר אויפכאַפּן, וועט מען שוין אויך אַוועק אינעם קלוב זאַלבעדריט. קען טאַקע אָפּשלאָפן שעהען לאַנג אין דעם לופטיקן דרויסן, נאָר אַ ברירה האָט מען, אַז מ׳איז ביי אַזוינס אין צוויק?!...

...„ווערט פון וויגל גלייך אַ שי־פּל —
פאָר איך ווייט אַ־וועק"...

— פאַרגייט זיך ווידער די היים אין זכרון. און זלמן, וואָס קען זיך קוים איינהאַלטן נישט אויפצוזינגען שטיל כאַטשבי, זלמן פאַרטייעט אים אין זיך, דעם זמר. פון וועגן פרומקען, פאַרשטייט זיך: וואָס ווינציקער הייִ־מישע פאַרבן און ריחות — אַלץ געזונטער איצט אַ פאַר איר...

...„און אין גרויסן ים איך קען נישט
קומען צו אַ ברעג."

ווי גערן וואָלט ער פאַרענדיקט מיט אָט די וואָגלענישן — איין מאָל און אויף שטענדיק!... אַוודאי האָט מען אַ דאַך איבערן קאָפּ, און ס'פעלט שוין נישט איצטער דער ביסן, ווי פריער דאָרט — אין סיביר. דערצו — מיילן ווייט פון דער שוידערלעכער מלחמה. אָבער צי דען זשע זענען גאַסטפריינדלעכע שוועלן אין שטאַנד צו פאַרבייטן אַ פליט זיין היימישע נעסט ?...

ווער שמועסט — אַ פליט, ווי זלמן ?... ביי אים איז דאָך די בענק־שאַפט אַ טאָפּלטע. ווייל אַחוץ פון זיין פּוילישן היימלאַנד האָט ער נאָך אויך — אַ מ ו ל ד ת. שטענדיק געהאַט אַ מולדת...

נאָך ייִנגלווייז, אינעם חדר — פאַרשפּונען, פאַרוועבט זיינע טרוימען אין דעם „לשנה הבאה בירושלים", וואָס דערנאָך האָט דאָס זיך פאַר־וואַנדלט ביי אים אינעם „דאָרט, ווו די צעדער", און נאָך שפּעטער דער־פירט אים גאָר צו „תחזקנה ידי כל עמנו"... און נייע דערנאָך שוין די וועגן, און אַנדערש, נישט ווי אין אָנהייב — די פלענער, נאָר סיי ווי: געקנופּט און געבונדן צום זעלביקן, ווי דעמאָלט, אין חדר. און ווען נישט פרומקע... ווען נישט פרומקע, וואָלט מען שוין לאַנג געווען יישוב־ניקעס — דאָרט, אין דעם ייִדישן „צענטער"...

צוריק געשמועסט, ווי באַלד ס'איז שוין אויסגעקומען צו ווערן אַ פליט — אַרט אים נישט לחלוטין, וואָס דער מלחמה־שקוואַל האָט גראָד פאַרשליידערט אַהער צו. ער, זלמן מעלצער, האָט דאָ נישט ווינציק געלערנט. נאָר הגם ערשט איצט דווקא, אין די יאָרן פון וואַנדער, איז ענדגילטיק רייף געוואָרן אין אים די אידייע, וואָס איז זייער ענלעך אויף יענער, וואָס דאַרף פאַרווירקלעכט ווערן אין דעם אַ וועלטטייל, קען ער אָבער פון דעסטוועגן נישט זאָגן, אַז אַלץ דאָ געפעלט אים. צו פיל „לא־תעשהס" מסתמא... — האָט ער געטראַכט ביי זיך. — און דערפאַר

אפשר צו פיל אויך פאַרשיקטע פון כלערליי מינים, מיט זיי, די פּליטים טאַקע — בתוכם. און אוודאי שוין די־והותר פאַרשפּאַרטע אין תפיסות... וואָרעם גיי, קליינ זיך פונאַנדער, וועלכע מאָס ביטערע וואָרעוודיקייט סע שטעקט אין אַזאַ ווערטל וועגן די טורמעס — אַ ווערטל, וואָס איז זייער פאַרשפּרייט דאָ צווישן די תושבים:

„...קטאָ ניע ביל, טאָט בודיעט,
קטאָ ביל — ניע זאַבודיעט!"...

אַז מ'וויל, קען מען, ווי פרומקע און אייניקע אינעם דאָרף דאָ, צווישן זיי אויך דער קאָוואַל וואַסיוטקין — פּרווון פאַרענטפערן די קשיא: „מלחמה" און — „שונאים פון אַלערליי זייטן"... נאָר צי איז דאָס אַלץ אומבאַדינגט טאַקע נייטיק, אָדער — דערווייטערט דווקא אַזוינס פונעם ציל?...

אַזוי האָט זלמן געגלייבט און געצווייפלט... איינס איז בלויז יאָ געווען פאַר אים זיכער: אַז נישט וועדליג די אָ מוסטערן פאַרגרייטע דאַרף מען אין שאָטן פון פּאַלמעס בויען אַ יידישע היים...

די פראַגע איז בלויז: ווי ווערט מען פאַרטיק מיט פרומקען?... גראָד בנוגע אַזאַ עיקר, ווי היימלאַנד — איז נישטאָ צווישן זיי קיין איינשטימיקייט. קיין מאָל נישט געווען.

אירע פלענער זענען אויסשליסלעך פאַרבונדן מיט דעם לאַנד, וווּ מ'איז ביידע געבוירן. סטעפּ אָדער טייגע: אַלץ איינס אָטעמט זי אַריין אין דעם איר אייגענע בענקשאַפט... און מורמלט זי דאָ, אינעם וואַנדער:

„Litwo! Ojczyzno moja!" — — —

איז איר שוואַרצאַפּל פול מיט דער פּוילישער לאַנדשאַפט.

און ווי טענהט זי, פרומקע?... כאָטש די צייטן פונעם יאָר זענען אומעטום די זעלבע און בייטן זיך מיט נאָך־אַנאַנדיקער רעגלמעסיקייט אויך אין אַ מקום סיביר, וועגן וועלכן די איינוווינער פלעגן זאָגן אין קאַטאָוועסן צו די פּליטים: „ביי אונדז דאָ איז בלויז 9 חדשים ווינטער, און העט דערנאָך — זומער און זומער"... אָבער אַ פּוילישער יונגוואַלד פול ווייסע בעריאָזקעס, צי אַ קדמון־וואַלד מיט דעמבעס, מיט סאָסנעס — זענען פאָרט נישט קיין טייגע...

צי אויך אַ צפון־קאַווקאַז, ווו מ'געפינט זיך אַצינדער: קאַווקאַז מיט איר

זאַטקייט און שפע, מיט איר מאָלערישער שאָטנדיקייט פון פרוכט־ באַהאַנ־
גענע סעדער, מיט דער פאַרביקער געקעסטלטקייט פון זאַפטיקע גרינוואַרג־
פלאַכן, זייט ביי זייט מיט שורשענדיקע שקוואַלן גילדן צעכוואַליעטער
תבואה ?... און אַפילו — דער מענטש דאָ : ליבהאַרציק פריינדלעך, און אַ
מייסטער אויף אַלץ — אַ פלאַם־פייער ? ! וואָס מיינט דאָס שוין פאַר אַזוינע,
ווען אַ וויסטער שטורעם האָט אַרויסגעריסן מיט גוואַלד פון די היימען ?...
פאַר זיי איז אַלץ דאָס פאַראַן בלויז אויף צו רייצן געמיטער, אויף איינצו־
שניידן נאָך טיפער די בענקעניש צו אַנדערע נאַטור־דערשיינונגען, לאַנד־
שאַפטן, מענטשן...

יאָ, דאָס אומאויפהערלעכע צאַפּלען זיך אויף דער בראָטשפּיז פון
בענקשאַפט !... אפילו איצט אָ, ווען זי, פרומע, איז כלומרשט אַריינגעטאָן
מיט אַלע חושים אינעם צירעווען זלמנס לייבל : צו אָפט בלייבט דאָס
געניי אין אירע הענט פאַרשטאַרט אויף אַ ווײַלע, און דער בליק — אַ
נישט־היגער — עגבערט די ווייטקייט אַריבער זלמנען, אַריבער פעלד,
ווינציק וועלדל און סטעפּ...

ווו הימלעוועט פרומע ? וועלכע זעונגען מאַכן שיכור דעם דמיון מיט
לויטערן ווײַן פונעם היימישן קעלטער ?...

אָ, היימעלע פרומעס ביים גרענעצפּאַס ! אָ, שטעטעלע — צום
פרילינג־פּעריאָד אויסגעפּוצט אין טאָג־און־נאַכטיקן פייגל־געצוויטשער,
אין סאַמעט און זייד פון קנאָספּן און בלעטלעך, און האַרבסטצייט — אַזוי
האַרץ־פאַרכאַפּנדיק אין דעם איטלעך מאָל נייעם, גאָלדברוינעם נאַקעט !...

און קען מען זיי דען פאַרגעסן, יענע היימישע בילדער ? דורך גע־
שפּרייטע מרחקים, וואָס טיילן פרומען אָפּ פון איר היימלאַנד — זיי
שטראָמען, זיי פליצן...

אָט איז דאָס טייכעלע מיט דער הרעבליע, ווו זי פלעגט באַנאַנד מיט
איר שוועסטער העלפן דער מאַמען וועש וואַשן. אָט — זייער הייזקע,
ווייטלעך פון מאַרקפּלאַץ, און טאַקע — די מאַמע, געבויגן אין דרייען
איבער אַ קינד, ווען די שלאַפקייט לייגט זיך אָן — צו ציען פון דעם דאָס
חיות. און כאָטש די „פּענדריקעס" זענען פון לאַנג שוין גרויסע, הערט
אַלץ נאָך פרומע דאָס וויגליד :

...„נאַר זעלטן, זעלטן זע איך אים"

באַגלייט מיטן ביאַדען דער מאַמעס:

— „אַז מ׳דאַרף וועש וואַשן און שייערן פּאָלן אין פרעמדע שטיבער — קען מען זיך דען פאַרגינען אַפּצוהיטן אַ קינד?“...

און — דער טאַטע?... נאָך זעט זי אים גיין מיטן פעלדשטעג, פאַרביי יענעם טייך. צוויי ליידיקע זעקלעך פאַרוואָרפן אויף אַקסל, אַ סענקאַטן שטעקן פאַרקוועטשט אין דער פויסט פאַר אַן אָנשפּאַר און אויף צו פאַר־טרייבן דאָס בלודנע געהינטעכץ אין וועג — שפּאַנט ער אַוועק חיונה דערביווען אין דערפער: קויפט־אויף קיניגל־פעלכלעך ביי די פויערים און פאַרהאַנדלט זיי שפּעטער צו סוחרים אין שטאָט.

און אָט איז אויך זיסעלע: מיט פולע עמערס אומגעקערט זיך פון ברונעם. פאַרבאַבלט מיט טיכער און שאַלן — טרעט שוין אַריבער די שוועל. יאָ — זיסעלע, זיסל... איר שוועסטער, די יינגערע, וואָס פלעגט מיטמאַכן פרומעס אַלע שקאָצערייען: נישט פון וועגן אייגענער גלוסטונג, נאָר — טאָמער שטייט־צו די מאַמע מיט טענות, זאָל מען קענען אונטער־שטעלן אַ פּלייצע...

איז וואָס, אַז די מאַמע איז מכבד מיט צונעמענישן: „מליץ־יושר“, און „יאָר־עדות“, און „סניגור“? אַבי אויף איר אויג אין קאָפּ, אויף דער שוועסטער פרומעטל — זאָל נישט פאַלן קיין שפּרענקל...

און זי אַליין, פרומקע? ניין, נישט אַלע מאָל דאָך — שקאָצערייען...

אָט שטייט זי סומנע אין איינער אַ נישע אין מאַרק, אויף דעם קעגנ־איבערדיקן פּראָדוקטן־סקלאַד אַנגעצילט זשעדנע דעם בליק. יאָ, דער הונגער איז עס, וואָס נאָגט. נאָר די פאַנטאַזיע... די פאַנטאַזיע שווימט בעת מעשה אין מילך און אין האָניק פון פאַרשטעלונגען, און דעם אויבנאָן פאַרנעמט די פאַרכאַפּנדיקסטע, די סאַמע געוואָלטע: אַז — פאַרקויפנדיק פעלכלעך, ווערט דער טאַטע פּלוצעם נתעשר און נעמט איבער דאָס גאַנצע האָב־און־גאָב פון דער אָ גאָלדע־גבירטעס קראָם...

געשטילט דעם הונגער מיט בילדער, פלעגט זי אַרויסשלייכן זיך פון דער נישע. העט, פאַזע שטעטל — דער „וואַכפּאָסטן“ פרומעס: אַן איינ־זאַמער דעמבאַן אין פעלד. היידאַ, און — געקלעטערט אויף אים!... אויפ־רייטנדיק אויף אַ קרוינצווייג — נישטערט זי, פאָרשט דעם געשפּרייט: צו קענען די ערשטע אַרומכאַפּן זיך מיטן טאַטן, וואָס שלעפּט זיך מיט צוויי פולע זעק שוין — דער זעלביקער קבצן — אַהיים...

און אַז ס׳גרינט שוין ביי איר אינעם דמיון דער דעמבאַץ, שטעלט זיך אויך באַלד פאַר די אויגן אַ וואַלדגעשפּרייט גאָר אַ גאַנצער, אַ וואַלד — אַ דעמבאָוער טאַקע, וווהין מ׳פלעגט אַוועק, נאָך אַ רעגנבאַכט, קלייבן שוואָמען קאַיאָר. געבראָדיעט איינציקווייז און בשתיקה: ס׳זאָל נישט פּאַקן דער לעשניק, וואָס היט־אָפּ דעם פּריצס פּאַרמאָג...

און די ערב־שבועותן, ווען מ׳האָט מיט יונגע קולות און ארומצאַפּלע־נישן געשטורעמט דעם סטאַוו און געלאָזט אים לסוף הויל־נאַקעט, פאַר־זאָרגנדיק מיט טאַטריק די יידישע שטיבער אין שטעטל?...

צי אַן ענלעכער וווילטאָג ביים שניידן הדס־צווייגלעך צו פלעכטן הושענות פון זיי? ערשט — דאָס פריילעכע „תשליך״־געפילדער ביים טייך!... אַ גאַנץ שטעטל, אַלע יום־טובדיק אויסגעפּוצטע, די קעשענעס — פולע מיט קרישקעס — פלעגט מען פאַרזאַמלען זיך אויפן בריקל אָפּצו־ריכטן די תפילה בציבור, בעת מעשה אויסטרייסלענדיק דאָרטן די קרישקעס־„עבירות״ — דעם זשוואַווען פישלעך־געזינדל גלייך אין די פּיס־קלעך אַריין...

אָדער — דאָס סטאָקל, וווהין מ׳פלעגט כאָפּטעסווייז אַוועק זשליאָקען וואַסער, ווי ווייך!... וואָס האָט מען עס אַלץ נישט צערעדט דען, וויפל זיך אָנגעלאַכט און געזונגען, דראַלנדיק מיטן פעלדוועג אַהין...

ניין, נישט אָפּצומעקן זיי פונעם זכרון, יענע היימישע ערטער! און — טייכל, סטאַוו, צי גאָר סטאָקל — אומעטום דאָרט איז נאָך עד היום גע־בליבן פאַרשפּיגלט איר פּנים...

פונקט אַזוי אומפאַרגעסלעך איז אויך פאַר פרומען די גרויסשטאָט, וווהין זי איז שפּעטער אַוועק זוכן אַרבעט און — „בונטעווען קעגן מלכות״ — ווי מ׳פלעגט שושקען זיך וועגן דעם אויפן אויער אין איר היימישן קאַנט.

אויך דאָרט — זכרונות און בילדער: אין ד ע ם ווערקשטעל האָט געפיבערט איר פראַצע, גערונען דער שוויס; לעם י ע נ ע ם דענקמאָל, אויפן גראָזיקן טעפּעך האָט מען דערוויזן איר כמעט אויגנשיינלעך — ווי אַנדערש ס׳קען זיין אויף דער וועלט... און — די נייע תקופה אין איר לעבן: קרייזלעך, מאַסאָווקעס, פּאַרטיי... און דער אומפאַרמיידלעכער המשך: שפּיצלעס און דעפּע און תפיסה — אַריינגערעכנט די געוויינטלעכע צרות, וואָס באַלאַנגען צו דעם. כאָטש קיין פרייד האָט אויך נישט געפעלט. געווען חברטעס און חברים, און געווען איז ער — זלמן... און אַלץ — אויף

יענער אומפאַרגעסלעכער ערד. איז געווען טאַקע אַ דזשעבלע פאַרב קוים, אַבילע פעדעמל פון דעם היימישן קאָברעץ — אויף צו דערשפּירן אומ־אָפּפרעגלעך דעם שייכות צו יענע מקומות.

יאָ, דאָרטן איז זי, די ערד, אויף וועלכער ס׳איז מאָדנע גיך פאַרפלויגן איר קינדהייט און נישט דערשפּונען געוואָרן איר יוגנט... און די היימישע שטחים ציען צו זיך, מאַניען, און זי, פרומע — קען נישט אָפּטאָן פון זיך זייער צויבער.

ווער שמועסט אַצינדער, ווען די פונעם צורר געברענטע, און דורך אייגענע סוף־סוף באַפרייטע ערד ווערט אָפּגעגעבן ענדלעך צו יענע, וואָס האָבן נאָך אַלץ נישט וואָס צו פאַרלירן, אויסער — „די קייטן״... נאָר אָט האַלטן זיי ביי געווינען די וועלט: ז י י ע ר וועלט...

פאַרשטייט זיך: גרינג וועט דאָס אַלץ נישט אָנקומען, ניין... אָבער ווי אַנדערש גאָר די מערכה אין לאַנד זייערן איצטער, וואָסער גוט־שכנישע באַציִונגען מיטן אַרום! אין אַזוינע באַדינגונגען איז דאָס שווערסטע — נישט איבער די כוחות, און דאָס כלומרשט אוממעגלעכע ווערט ממשותדיק וואָר. אָ, שנעלער זשע, גיכער — קומען אַהין צו און מיט געכפּלטן חשק אונ־טערשטעלן אַן אַקסל! און הגם ס׳וואַרט זיי דאָרט מן הסתם נישט קיין מאַמע, קיין שוועסטער...

עפּעס האָט זיך אַ ריס געטאָן — נישט צום ערשטן מאָל דאָ — אין פרומקען. ווער ס׳קען נאָך אויף עפּעס וואָס האָפן, זיך נאַרן, דערווײַלע כאָטש — מאַכן זיך גרינגער... זי, פרומע, ווייס אוסגעבונדן: גרויליקער פון גרויליק — די וואָר, און דער אמתער ריס אין האַרצן וואַרט זיי ערשט ד אָ ר ט ן ...

נאָר די מוטערמילך, מיט פאַרהוילענע ריטשקעלעך שפּאַרנדיק צו איר באַשטימונג — טיקעט, פולסירט אין די דריזן. האַסטיקער, פיבערדיק עפּעס, נישט ווי סע שיקט זיך. און אין דעם נישט כשורהדיקן טיקען פאַרנעמט אַ מאַמע די וואָרענונג: „אָסור דיר — מיט אַזאַ קלעמעניש איבערצופירן די יניקה פון אַן אומבאַהאָלפענעם קינד!״...

דער ווײַטיק — ביז ווייסקייט צעברענט — מוז זיך לעשן, און פרומעס האַרץ איז ווידער בלויז אָנגעברייט פאַר דערמאָנענישן, בענקשאַפטן, ווונטשן... כאָטש אויף דעם געשעענעם, פאַרשטייט זיך: קיין טרייסט נישט פאַראַן...

נאָר דערווײַלע — אַלץ נאָך מלחמה. און זי, פרומע, ווי זאָל זי איצטער זיך העלפן? ווו אַהינטאָן זיך מיט איר בענקשאַפט?... דאָ, אין דעם פאַרהעלטענישמעסיק זאַטן תבואה־סאָווכאָז מיט זײַנע פרײַנדלעכע אײַנ־ וווינער און מיט דעם נאָך גאָר פּיטשינקן נפשל ביי דער זייט — וואָס בלײַבט איר איבעריק לעת עתה, אויב נישט זכרונות און טרוימען?...

און וואָס שייך זלמנס פּלענער אויף ווײַטער... דווקא דאָ, אין דער אָפּגעריסנקייט פונעם היימלאַנד — האָט נאָך פאַרטיפט זיך אין איר די דערקענטעניש, אַז אין זײַן געטרוימטער „מולדת” וואָלט זי געווען מוראדיק אויסגעקאָרענייעט און פרעמד; און טאָג פאַר טאָג ווערט אַלץ קלאָרער, אַז מיט איר טאָר אַזוינס נישט געשען...

נאָר באַלד כאַפּט זי זיך, פרומקע; זי ווייס, אויף ווי ווייט דאָס פּנים קען זײַן אַ מסור, אויב עמעצער איז אַ בעלן פונעם מינדסטן אויגנפינטל אַרויסצופישן דעם פּשט... און אָט קען זיך דוכטן, זי איז ווידער מיט לײַב און בײַנער אַרײַנגעטאָן אינעם לאַטען. צו וואָס אָן איבעריק מאָל געבן זאַלקען צו פילן די וואָר — גראָד אַצינדער, ווען מ׳איז נאָך סיי ווי אין דער פרעמד און ער, זלמן, ווייס אפשר —אַליין נישט גענוי נאָך — אַווו ר׳האַלט ערגעץ אין וועלטן?...

אָבער זלמן איז אויך נישט פון יענע, וואָס מיינען, אַז אָפּלייגנדיק זאָרגן אויף שפּעטער, קען מען פאַרמיידן דעם גזר; און ווי נאָר ער דערזעט דאָס וויאָלעטע פייערל אין איר פייכט געוואָרענעם בליק מיטן טשודנע געשפּאַנטן שווונג פון די ברעמען, ווייס ער אויף זיכער, אַז פרומקע האָט זיך שוין „אָנגעשיכורט” מיט טייכל, מיט דענקמאָל, מיט — היים...

נאָר ער קען אַלץ נישט באַגרײַפן: פון וואַנען — פרומעלעס אומ־ געוויינטלעכע אַרײַנגעוועבטקייט אין יענער קאַנווע, דער נשמה־ציטער פאַר יענעם פּייזאַזש? אַזאַ צוגעזאָטנקייט צו דעם פוילישן באָדן, אַזוי פיל דרייסטע פאַרגלייבטקייט און ליבשאַפט צו דעם, אין תוך — פרעמדן, צו מאָל אַפילו נישט איבעריק וואָילגעגייגטן פאָלק? ווו — דער באַשייד פאַר אַזוינע געפילן ביי דער לחלוטין נישט אַסימילירטער, דורכויס יידישער פרומקען?...

נו, האָט זי געקלעטערט. נו — שוואָמען געקליבן אין וועלדער, וועש געוואַשן אין היימישן טייך; און טאַטריק און „תשליך”, און ליידן און פריידן און אַלץ מיט אַנאַנד... אין זײַנע אָדערן אויך נישט קיין וואַסער, נאָר

בלוט. אויך ביי אים — טרויער און פרייד. און איבער אַלץ, אַקוראַט ווי ביי איר גראָד — אידעע... נאָר טאָמער, פאַרטשאַדעט פונעם זעלביקן „היימישן ווירעד", כאַפּט ער זיך אויך אַ מאָל אָן אין אַ שטרוי, קומט באַלד אונטער אַ נייע צרה אויף צו דערמאָנען, ווי איבעריק מ'איז אויף דער אָ כלומרשט „אייגענער" ערד, ווי פרעמד — צו דעם פאָלק, און ווי פאַררעטעריש ס'איז אין איטלעכן גלות פאַר יידן דער שטראָם...

נאָר ווידער אַ מאָל — פרומע מיט איר גאולה־אויסוועג אויך פאַר דעם יידישן עלנט... און פרווט ער דערווייזן, אַז נאָר גאולה אין אייגענעם היימלאַנד... האָט זי דערויף איין ענטפער: „ווי באַלד — פוילן, איז מען שוין ממילא ביי זיך אין דער היים. און ערשט רעכט אין דעם נייעם פוילן, ווו מע שמידט אַצינד די גאולה".

יאָ, דאָס נאָך נישט פאַרווירקלעכטע, אָבער שוין ווערנדיקע פוילן... נישט איין מאָל איז דאָך איר לייב געפּאַסעוועט געוואָרן אין תפיסות — טאָקע פאַר דעם גאַנג צו אַזאַ פוילן. אַוודאי פאַרשווייגט זי אַזוינס, פרומקע — האָט פיינט צו פּלוישן. און קען זיין, נישט ווינציק פון דער אָ באַדרענגעניש, מיט וועלכער ס'איז אַזוי פול געווען איר יונגיאָריק, אָבער ביז גאָר טעטיק לעבן — וואָלט אויף שטענדיק געבליבן פון אים פאַרהוילן, ווען נישט אַ חברטע אירע: אַגניעשקאַ סאָבטשאַק... זי פלעגט עס אים טייל מאָל דערציילן טורמע־איבערלעבענישן, אויף וויפל דאָס האָט געהאַט אַ שייכות צו פרומקען.

צווישן די דערציילונגען זענען בלי ספק געווען אַזוינע, וואָס האָבן אַ סך עצמדיקער אַנטפּלעקט דעם אונטערערדיש פאַרטייעטן לעבנספלוס פרומקעס, וואָס האָט זיך געשלענגלט כמעט זייטיק פון זלמנס לעבן, הגם נישט אָן זיין וויסן און איינזעעוודיקייט. אָבער נישט צו באַנעמען, פאַר וואָס — האָט אַמשאַרפסטן איינגעקאַרבט זיך אין אים אָן עפּיזאָד וועגן דעם גראָד, ווי אַזוי די נאַטשאַלסטווע פון איינער אַ תפיסה האָט זיך פאַרנומען איינצובייסן די פּאָליטישע אַרעסטירטע פרומעטאַ שטיינבערג. געוואָלט דערבערענגען צו דעם, זי זאָל אויסגעבן חברים, אָפּזאָגן זיך פון איר אידעע... געקאַטעוועט, געפּאַסעוועט, און — נישט דערברענגט...

האָט אַ באַזונדערע פעיקייט צו דערציילן די יאַגנאַ!... דאָס וואָרט אין איר מויל — אַ מין ווונדער. נישט בלויז טויבער אָפּקלאַנג פונעם געשעענעם: סע שטייט איינעם קליפּ און קלאָר פאַר די אויגן. און קומט

זלמנען בלויז אויפן רעיון יאַגושאַ, זעט ער זיי ממש צו גלייך מיט איר — אויגנשיינלעך — די בילדער:

— — — אַ פּאַלאַטע אין טורמע־שפּיטאָל. צווישן לויטער „קרימי־נעלע", אויך „פּאָליטישע" — צוויי אָקאָרשט אַריינגעפירט פונעם קאַרצער.

אַ צעקיילטע, צעביילטע און שווער קראַנק, ליגט פרומע ענדלעך שוין אויף אַ קויקע: די אויגן געשלאָסן, דאָס פּנים — גאָלע גוזן און פּרענגעס... יאַגנאַ, וואָס איז דאָס מאָל אין אַ בעסערן מצב, קילט פרומעס צעקאַטעוועטע לייב מיט קאָמפּרעסן, צעפלעכט איר די צעפּ — גרינגער צו מאַכן די האַרלאַסט...

די „קרימינעלע", וואָס האָבן באַלד אין אָנהייב פאַרהויבן די צעשוי־בערטע קעפּ פון די בעטלעך — גלאָצן, ווי אויף בייז ווונדער, ווער מיט־פילנדיק, ווער — בלויז דערשטוינט; און ס'דאַרף נאָך נעמען אַ גוטע ווײַלע, ביז ביי דעם בטבע פּיסקאַטן ווייבער־געזינדל סע בינדן זיך פונאַנ־דער די צינגער.

— „ראַני באָסקיע — קאָביטאָ, ווי קוקסטו אויס?!"... — קומט איינע אַרויס ענדלעך מיט לשון.

— „אַזוי ווי דו זעסט!" — באַשטעטיקט יאַגנאַ פאַר פרומקען — אָן אַ פּינטל צו טאָן מיטן אויג.

איצט גייט אַוועק אַ געמורמל: „פּאָליטישע". זי טראָגט זיך פון קויקע צו קויקע — די פּאַטשט.

נאָר פּלוצעם: אַ קול — געדעמפּטער פון אַנדערע, אומהיימלעך אַזוי, ווי צום וואָרענען: — „און אפשר, באַבעס, איז עס אַ טייוול, פאַרשטעלט פאַר אַ מויד?... אַזאַ צו רעכט געמאַכטע, און רייסט נישט די ווענט, לאָזט נישט אַפילו קיין טרער? און איך זאָג — נישט טשעפּען: אַ שייטאַן און גאָר!"...

קוים פאַרקלונגען דאָס לעצטע וואָרט פון דער אַבערגלויביקער „קרי־מינעלער", ווי ס'פּראַלט זיך פונאַנדער די טיר... בראש — דער פּראָקוראָר, וואָס די אַרעסטירטע רופן אים: „שלאַנג", ביים זייט — דער נאַטשאַלניק מיטן צונעמעניש: „קאָמעדיאַנט". אַהינטער זיי — די קלענערע שישקעס.

די „שלאַנג" איז גרויסהאַלטעריש און פאַרטייעט, ווי שטענדיק, אָבער אין גוטן אומער; גלייך דאָס קאַפּיטל פרומעטאַ שטיינבערג איז איין מאָל פאַר אַלע מאָל געענדיקט: איצט קריגט ער זי קליין...

פאַרבייגייענדיק מיט זיין סוויטע די בעטלעך, פרעגט ער סקאַרבאָווע, צי ס׳זענען פאַראַן ביי עמעצן טענות, לאָזט פאַרבייזשומען זיין אויער אַ פּאָר אָנקלאַגעס, פּטרט־אָפּ עטלעכע ביטעס, און אָט איז ער ענדלעך ביים ציל...

— „מע שטאַרבט, פרומעטאַ שטיינבערג — אַ ?”... — זאָגט ער — מיטפילנדיק כלומרשט. דער „קאָמעדיאַנט” שאָקלט אים צו מיטן קאָפּ, און יאַגנאַ דערשמעקט אין דער לופטן: עפּעס גרייטן זיי איצטער...

אַ רגע שטומעניש און ווידער דער זעלבער גלאַטצונגיקער נוסח, נאָר נאָך האַרץ־גנבישער, דינער — זיין גיפטיקער שפּריי:

— „מע גייט אויס טאַקע — אַ? אומזיסט און אומנישט”...

פרומע שווייגט אָפּ; די „שלאַנג” הייבט העכער דעם שנוק:

— „אַ טורמע קען, פאַרשטייט זיך, נישט זיין קיין קוראָרט: אין די באַדינגונגען, מיט אַזאַ קרענק — שטאַרבט מען אומפאַרמיידלעך... יאָ, יאָ — מען שטאַרבט!”

דער „קאָמעדיאַנט” שאָקלט אַלץ צו מיטן קאָפּ. נאָר יאַגנאַ זעט באַשיימפערלעך, אַז דאָס מאָל לפּנימדיק בלויז, פון געוווינהייט. בעת די מינע ביי אים — בפירוש פאַרלעגן: דעם פּראָקוראָרס אויפטו צו דערליידיקן עפּעס אַ גאָר וויכטיקן ענין אונטער אַזוי פיל אויגן קומט אים אָפּנים אויס זייער מאָדנע...

און אָט קומט פרומעס ענטפער:

— „מען שטאַרבט נישט מער, ווי אַן איינציק מאָל”. — זי רעדט שטיל־שטיל. קוים וואָס מען הערט זיי, די ווערטער. נאָר איר שטימע איז רויק דווקא, געפּאַסט, און ביים פּראָקוראָר רייסט זיך אַרויס אַ פאַרליטענער זיפץ.

דער „קאָמעדיאַנט” שאָקלט נישט מער מיטן קאָפּ. דער „קאָמעדיאַנט” קאָנייעט זיך אַריינצומישן: אים דוכט, ווי שטענדיק — בלויז זיין געניטע שיקלעכקייט קען נאָך געבן דער זאַך אַ לייטישע ווענדונג.

נאָר די „שלאַנג” לייגט נישט קיין אַכט. הייבט אָן פון דאָס ניי, די שטימע — זיסער פון זיס:

— „ראַציאַ! בלויז איין מאָל טאַקע, אָבער — אַ שאָד, באמת אַ שאָד! ווי באַלד ס׳איז פאַראַן אַן אויסוועג... גאָרנישט — אַ באַגאַטעל: שטיינבערג דאַרף בלויז אונטערשרייבן די דעקלאַראַציע און באַסטאַ! אַ פויגל, אַ

פרייער אין איין מינוט... און אין דרויסן — אַזאַ יונגע און ענערגישע — וועט בייקומען אַפילו דעם טויט... הם... מיר זענען גרייט צו טאָן אייך דעם חסד: טאַקע פון וועגן דער יונגשאַפט אייערער״...

אַגניעשקאַ שטעלט אָן נאָז־און אויערן: דאָס גאָר? עפנטלעך אַזוי — צווישן מענטשן? שוין צו זיכער מיט זיך, דער אידיאָט!...

און פרומע:

— „אַ דאַנק פאַר דעם „חסד״. ניין״.

דער „קאָמעדיאַנט״ שטייט, ווי אויף שפילקעס: דער אויסגאַנג — דווקא שוין קלאָר: ווי קומט עס?... משונהדיק היינט — דער פּראָקוראָר!...

דער „קאָמעדיאַנט״ בייגט זיך אָן, וויל עפּעס אַ זאָג טאָן אויפן אויער דעם שעף... צו ווייט שוין אָבער אַפּנים פאַרקראָכן — דער „שעף״. אַחוץ דעם — שטאַרק פאַרגלייבט אין זיך, ווי געוויינטלעך. שלאַנגיש פאַרטאַיעט — ער גיט נאָך נישט אויף:

— „אייער מאַן איז פון דעסטוועגן קאָנסעקווענטער. אָנגעשריבן אין אייער נאָמען אַזאַ ביטע. אויך די מאַמושא... יאָ!״... — צישעט די „שלאַנג״.

פרומעס אויפגעפלאַצטע, געשוואָלענע ליפּן ווילן אויף ס׳כוח שמייכלען.

— „אָן מיין אייגנהאַנטיקער אונטערשריפט זענען אַלע ביטעס אומגילטיק... און בכלל — צו וואָס זיך קלאָפּאָטשען? איך פאַרלאַנג פון אייך גאָאָר־נישט״...

דער „קאָמעדיאַנט״ קריצט מיט די ציינער דאָס סאַמאָראָדנע: „שווייגן!״ שרייט אַראָפּ פון זיין פּנים. ער עפנט דאָס מויל שוין, נאָר — ניין! נאָך אַלץ נישט געקומען זיין צייט...

— „ווי זאָגט איר?״... — מאַכט דער פּראָקוראָר דעם אָנשטעל, ר׳האָט נישט דערהערט. רעכנט, קען זיין, דערמיט, אַז אויף איבערחזרן אַ צווייט מאָל וועט אויספעלן מסתמא קוראַזש...

— „געזאָגט: כ׳פאַרלאַנג — גאָרנישט — פון אייך״. — טיילט פרומע אויס איטלעך וואָרט.

— „אַזוי־זוי! איר האָט נישט קיין שום פאַרלאַנג?! איר ווילט בלויז ר־ר־רעוואָלוציע!״... — קרימט ער איבער סאַרדאָניש, די „זיסע״ שטימע — שוין ביטער, ווי גאַל.

— „בלויז איר״. — באַשטעטיקט פרומע געלאַסן. — „און מירן זי מאַכן — אפילו״...

— „שווייגן!״ — צעהאַווקעט זיך שוין דער נאַטשאַלניק.

— „אירט פריער פּ־פּגרן אַלע!״ — סיקעט די „שלאַנג״.

— „וועלן אַנדערע פאַרפולן די ריי״.

איצט האָט אַליין דער נאַטשאַלניק דאָס וואָרט:

— „ש־שווייגן, און נאָך אַ מאָל: שווייגן — האָט מען געזאָגט!״...

און צום אויפזעער:

— „צונעמען ביי דער שטשערווע די „שפּיטאַלקע!״ שטיינער דאַרף אַזוינס גריזשען אין אונדזער פּוילן און נישט קיין קראַנקן־ראַציע, וועט דאָס גיכער קראַפּירן, פּשאַ דושאַ, און פאַרטיק די שפּיל!״...

'אַרש! 'אַרש!... — — — אָפּגעטראָגן זיך אַלע, די טיר — פאַרזיגלט מיט ליאַזג און — שטיל־שאַ.

דער פאַרס איז געווען פאַרענדיקט, דער טורמע־אַפּאַראַט — גרייט צום באַפעל...

ביי יאַגנען האָבן נאָך עטלעכע, גראָד נישט קיין וויכטיקע פּרטים, זיך דעמאָלט איינגעקריצט אין זכרון: ווי פרומעטקאַ גלאָצט גאָר צום פענצטער און זי, יאַגנאַ, — לויפט איר נאָך מיטן בליק. אויף דעם עטוואָס אָפּגעדריפּעטן פענצטער־ברעטל האָט אַן איבערגעקערטע פליג געקלאַפּט מיט די לאַפּקעס טרעוואָגע און אין דרויסן האָבן רעגנבייטשן צאָרנדיק געליאַפּעט די נאַקעטע שויב...

אַזוי פלעגט אַגניעשקאַ סאָבטשאַק, דערציילנדיק — אַרויסברענגען פאַר זלמנען קאַרגע שאָטנבילדער פון אַן אויסערלעך געפּענטעטער, און אין תוך אומבאַצווינגלעך פרייער — נישט צום בייקומען — עקזיסטענץ.

„...קומען ים־פיש אָן צו שווימען —
ווינקען זיי צו מיר״...

דאָס וויגליד, אָקאָרשט אויפגעגאַנגען און ביזן סוף נישט דערברומט אינעם דמיון, נעמט באַנייס פלוצעם ריזלען. די ווערטער, קוים געאָרדנטע, טעלעבעבנדען זיך לויז אין דער נעץ פון זכרון, און אויף די ליפּן, ווי פריער — קיין מורמל, קיין קלאַנג נישט... נאָר די טראַכטענישן, באַלד אין אָנהייב צעהוידעט פונעם געזענגל — פאַלן און הייבן זיך דורך אַנאַנד

אויף די כוואַליעס פון אַט דעם אויסגעשוויגענעם ניגון. יאַגנאַ סאָבטשאַק
איז אַצינדער אין דער שטאָט גאָרקי. דווקא אין אַזאַ שווערע, שטורמישע
צייט — ווערט פאַרווירקלעכט איינער פון אירע צאַפּלדיקסטע טרוימען:
שטודירט אַגראָנאָמיע... דער מאַן אירער, איגנאַש, טרייבט די רוצחים
אין דייטשלאַנד שוין איצט, אויף די פראָנטן...

אַ חברה־מאַן — די יאַגושאַ: פאַרגעסט נישט קיין פריינד. שרייבט
זיך אָפּט איבער מיט זיי, בלייבט נישט שולדיק קיין בריוול. אַ שאָד בלויז
— מען האָט געמוזט זיך צעשיידן...

זלמנען איז נישט איין מאָל אַ וויטיק אויף פרומקען: גראָד געדאַרפט
פאַרבינדן איר גורל מיט זיינעם!...

פאַר וואָס טאָקע — נישט זיין אין דער לאַגע פון אַזאַ יאַגנאַ?...
וואָלט אויך געקענט לערנען, ווי יענע. און בכלל: פרומקעס אָרט וואָלט
געמעגט זיין אומעטום, ווו מען וויל, בלויז נישט דאָ, צווישן דעם אין
מלחמה־איילעניש צוזאַמענגעשקראָבעטן, פאַרשיידן־מינימדיקן מענטשן־
געווימל. אַזוי איז אָבער צו טייל געקומען ביי זיי...

אַרומטראָגנדיק זיך אין אָנהייב מיט פלענער אַריבערצונעמען אויך
איר שוועסטער, זיסל, אַהער צו — האָט מען געהאַלטן זיך נאָענט צו דער
פוילישער גרענעץ און נישט אַוועק, באַגלייך מיט אַגניעשקאַ און אַנדערע
— טיפער אין רוסלאַנד. און שפּעטער האָט מען דאָך די פליטים פונעם
גרענעצפּאַס אַריבערגעפירט גאָר אין סיביר און צוגעקלעפּט זיי דעם
נישט איבעריק בכבודיקן נאָמען: „ספּעץ־פּערעסיעלענצעס". זי אַליין,
פרומקע, האָט אַלץ נאָך געקענט אויסמיידן דעם גזר, נאָר — נישט געוואָלט
זיך שיידן מיט זלמנען: אַן ענין — סיי ווי אַ צייטווייליקער, און נישט
פּרינציפּיעל: — האָט זי געטענהט. — ווי אַזוי זשע נישט מותר זיין —
ביידן צו ליב?...

מאָדנע, ווי נאָכגעביק די פרומקע קען זיין אין טאַקטישע אָנגעלעגנ־
הייטן! פאַר דאָס אָבער, ווען ס'האָט צו טאָן מיט פּרינציפּן... און די באַ־
ציונג אירע צו פּ ו י ל ן רירט אָן טאָקע דאָס סאַמע עיקרדיקע, דעם תוכן...

בפרט נאָך — דאָס איצטיקע, נאָר וואָס תחית־המתים אויפגעשטאַנענע
פוילן. יאָ, ער פילט באַשיימפּערלעך, זלמן: יעטוועדער האַרצצאַפּל אירער—
פאַר יענעם פרילינג, וואָס פלאַטערט היינט צו טאָג אַזוי אַנדערשדיק איבער
היימישע שטעט און דערפער. אַלע מחשבות אין דעם, וואָס דאָרט טוט זיך...

נאָר — די שטעט, די „יודן־ריינע" אין לאַנד פון געבוירן? און קיין שום אָנזאָג, קיין גוטער, וועגן די נאָענטסטע?...

אַזאַ טייבעלע: ווייס אויסגעבונדן, אַז אויף זיי, אויף די בעסטיעס, איז אַלץ דאָך צו גלייבן; צי דען וועט אַפילו דער גורם נישט ווענדן איר טראָט צו דער אמתער, אַלט־נייער היים?...

אוודאי, אויך זיין האַרץ וואַקסט פון דעם נייעם און פרייען, וואָס ווערט געבוירן אין זייער ביז איצטיקער היים, און ס'קאָרטעט געגנוג, וואָס דווקא אין אַזאַ צייט, ווען ס'לאָקט גראָד און מאַניעט צו בלייבן — דווקא איצט וועט אים אויסקומען צו מאַכן דעם קווערשניט. נאָר ווי קען מען דען אַנדערש?...

און די מחשבה פאַרפירט אים אַלץ ווייטער און ווייטער... עד, דאָליע, דאָליע — צי איז עס טאַקע מעגלעך, צי קען גאָר אַזוינס געמאָלט זיין, אַז אָט באַלד זאָל דאָס ליבע געבוירנלאַנד מיט אַן אמת ווערן דער שיידוועג, ווו ס'וועלן זיך ענדגילטיק פונאַנדערגיין זייערע וועגן?...

און — אויב?...

דער דרויסן איז לינד און זוניק, פון וואַנען — אַ גענדזענע הויט ביי אים אויף די גלידער?... יאָ, וואָס זשע — אויב פרומע וועט קיין מאָל...

און זלמן, וואָס איז בדרך כלל נישט נוטה צו טרייסטן זיך מיט האַרץ־חלשות — האָט מורא צו דערטראַכטן דעם געדאַנק ביזן סוף.

...„און די כוואַליעס שלאָגן, שלאָגן
צו אַ ווייטן לאַנד"

איצט איז עס דאָ ביי אים אַזוי קלאָר, אַזוי בולט — דאָס ליד. נאָר ווי מיט צוואַנגען, פאַרשטשעמעט עס זלמן אין זיך, לאָזט נישט אַרויס אויף דער פריי: צו וואָס נאָך באַאומרויקן טאַקע — די אַן דעם אויך נישט צו פיל באַרוטע פרומקע־די־מאַמע מיט דעם היימישן ריח פון אַ ניגון?...

זלמן קייעט אַ גרעזעלע — פון יענע, וואָס שפּראָצן פרילינג־צייט בשפע דאָ אין די הויפן. די צוואַנג האָט פאָרט פלוצעם נאָכגעלאָזן און באַנאַנד מיט דער האַרבקייט פון קרייטעכץ איז עס ביי אים אויף די ליפּן, און באַלד אינעם קול אויך — ערגעץ,ביים סוף שוין — דאָס ליד:

...„ווו עס זיצט מיין גוטע מאַ־אַ־מע"

שטיל, קוים־קוים וואָס ער ברומט דאָס... נאָר זי האָט עס שוין, פרומ־

קע, און די נאָדל, אָנגעשפּיצט ראַפּטעם ביי איר אין די פינגער, בלייבט אומבאַוועגלעך אַ ווײַלע.

— זינג!... זינג סאַמע פון אָנהייב, זאַלקע!... — קליאַנטשעט זי, און — נישט זינגען קען ער נישט איצטער.

פרומע פיאַנסטוועוועט, זשליאָקעט זיי ממש, די קלאַנגען. אינעם פּנים־אויסדרוק — די זעלביקע תשוקה אירע צו לידער, די פון מיט יאָרן צוריק.

ווער ווייס, צי די רירנדיקע פייערלעכקייט, מיט וועלכער זי פלעגט אויפנעמען שטענדיק אַ מינדסטן ברימברום פון טענער — צי האָט נישט די אַ לײַדנשאַפט אירע געחתמעט בשעתו זיין גורל, שוין בעת אַן ערשטער באַגעגעניש מיט מיידלעך אַ צי טוענדיק אים דווקא צו ד ע ר?...

אויך די שווערע מלחמה־יאָרן, וואָס האָבן ביז היינט באַוויזן צו נישט מאַכן אַ היפּש ביסל פון פרומקעס הייטערער מונטערקייט, אַפילו זיי — זענען, קאָנטיק, נישט אין שטאַנד געווען אָפּצוטאָן פון איר די אומגעווייינט־לעכע ליבשאַפט אירע צו קלאַנגען. דאָס דריבנע פאָכען מיט די נאָזפליגלען איז דער בעסטער עדות, ווי ווייט זי איז נאָך עד היום געכאַפּט אין דער מעשה...

— ווען מ׳האָט זיך פאַרוויגט מיט אָט די געזאַנגען, האָבן אַפילו אַזוינע, ווי מיר, נאָך צו ווינציק פאַרשטאַנען די חשיבות פון אַ פרידלעך לעבן מיט אַלע זיינע גוטסן און שלעכטסן... — זאָגט פרומע נאָך דעם, ווי דאָס ליד, צו גלייך מיטן „שיפל“, וואָס אין אים, קומען סוף־סוף „צו אַ ברעג“.

— ווייל כמעט נישט געאַנט נאָך דעם גרויל פון מלחמה — מיינט זלמן. דאָס זאַנפטיקע געמיט פונעם ליד האַלט אים מער נישט געפאַנגען און זיין קול איז ווידער האַרט און געפאַסט, ווי געוויינטלעך, נאָר עפּעס ווי בייזלעך דערצו.

פרומע פאַרגראָבט טיפער דעם בליק אינעם העמדל, וואָס זי האַלט אין פאַרריכטן. איר איז גוט באַקאַנט דאָס שפּליטערל צאָרן, וואָס איז אין אים שטעקן געבליבן זינט דעמאָלט, ווען מ׳האָט אין וואָיענקאָמאַט ענדגיל־טיק אָפּגעוואָרפן זיינע בקשות; פריער, אין סיביר נאָך, דערנאָך אינעם היגן ראַיאָן. זי וואַרט אָפּ אַ ווײַלע; ווייסט, אַז באַלד וועט ער, זלמן, מיט עפּעס וואָס זיך פאַרטשעפּען אין דעם...

און אַט:

— איך טראַכט טייל מאָל — ס'איז פשוט נישט כדאי גאָר איינצורייסן אַזוי מיט דער אַרבעט. — פלאַצט ער אַרויס טאַקע. — ביי ווינציקער פאַראַנטוואָרטלעכע איז לכל־הפחות נישט געווען די מניעה, ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן אָפּשיקן אין דער אַרמיי. מיך — האָט מען אָפּגעוואָרפן. ס'הייסט: זיץ אייך, ביסט אונדז דאָ נייטיק!... און מיך וואָס גייט אָן דער „דאָ", ווען ד אָ ר ט — שלאָגט מען דייטשן!... און אפשר?... אפשר איז אימעצן מיין יידישקייט גאָר אַ שטער?...

— נו, טראַכסט שוין אויס, זלמן! ווילסט אַלץ נישט פאַרשטיין, אַז אָן אַ לייטישן הינטערלאַנד — וואָס פאַר אַ ווערט האָט דער פראָנט?... אַ גוטער סאָלדאַט, זאַלקע, היט אָפּ דעם פּאָסטן, אויף וועלכן מע האָט אים אַוועקגעשטעלט, און...

— דו רעדסט מיר, ווי אַ פּאָליטרוק: אַ פּאָליטרוק, וואָס פאַרריכט מייטקעס... — האָט ער געפּרוּווט חוזקן. נאָר באַלד ווידער — ערנסט:

— קען זיין, ביסט אפשר גערעכט, פרומקע, אָבער די צרה איז, וואָס איך קען נישט... עפּעס יאָגט, טרייבט מיך, לאָזט נישט איינזיצן דאָ, אין דעם שוין זיכערן הינטערלאַנד. מיר דוכט — נאָר אין דעם בלוט פון די רוצחים, וואָס האָבן אַזוי אכזריותדיק צעשטערט פרידלעך לעבן, וואָלט מיין אייגן בלוט געקענט אפשר... ניין — אַ פרוי, מעג זיין אַפילו די קליגסטע, וועט אַלץ איינס נישט פאַרשטיין... — האָט ער געבושעוועט און אַליין זיך גע־חידושט: וואָס וויל ער פון פרומקען?...

נאָר פרומקען אַרט דאָס נישט איצטער. עס אַרט בלויז — פאַר אים: נאָך אַלץ נישט פאַרגעסן...

ניין, אויך דאָס שטעכווערטל איז נישט מסוגל צו פטרן ביי איר דאָ די שטימונג, וואָס האָט סאַמע פון אין דער פרי היינט באַהערשט איר געמיט: די קאָמוניקאַטן אין ראַדיאָ, די רעדעס... גלייך מ'וואָלט געשפּירט אין דער לופטן, אַז צו דער מלחמה דאַרף אָט־אָט שוין נעמען אַ סוף.

— אַ טאָג היינט!... — קוועלט זי אָן, פרומקע, און זשמורעט די אויגן אַנטקעגן דער זון. — געדענקסט דעם פאַראַיאָריקן 1טן מאַי דאָ?.... אָקאָרשט זיך געהאַט אויסגעפּאַקעוועט פון די וואַגאָנעס. געמיינט אויפצוטייען נאָך די סיבירער וויוגעס, ערשט — אַ כליאַפּ גאָר, אַ קרירה: ט'האָסטו דיר — קאַווקאַז!...

דעם בליק געווענדט איצט צום נפשל, וואָס אינעם בעטל דערלעבן, האָט פרומע גערעדט — מער צו זיך אַליין, ווי צו זלמנען. גערעדט וועגן קרירה און דאָס פנים מיטן פאַרריסענעם נזל, מיט דעם שפּעלטעלע אין איר שטרענג געפורעמטער גאָמבע איז געווען מילד און פאַרדבקהט. דאָס קול — אויסטערליש וואַרעם, פול מיט פרייד־געשליפענעם בייקלאַנג. און טאַקע: זענען דען פאַר איר גופא יענע טעג נישט געווען פול מיט באַזונדערער חשיבות?...

יאָ, זייער אַלעמענס ערשטער האַלביאַר אין קאַווקאַז דאָ איז דאָך אַזוי ווונדערלעך זיך צונויפגעגאַנגען מיטן ערשטן האַלביאַר פון איר שוואַנגערשאַפט, וואָס אָפּגעלעגן איז זי גראָד יענע צייט אין שפּיטאָל גאָר, אין דערוואַרטונג אויף אַ פּיטשעמאָנטשיקל — פריידעלע: אַן „אוצר", וואָס איז בכלל נישט אָנגעקומען איר גרינג...

און גיט זי אַ טראַכט, פרומקע, אַז אַ פּשוטער אָנפרעג אירער, געשטעלט נאָך רעכטצייטיק, הגם אין דער לעצט־לעצטער רגע, ווען אַלץ איז געווען גרייט שוין: דער דאָקטאָר, די שוועסטער, און אויך — די כלים, בליץ בלאַנק געוואַשענע, סטעריליזירטע... טאַקע בלויז אָט דער אָנפרעג האָט ווי דערמעגלעכט דאָס געבוירן ווערן פון אַזאַ זיסער באַשעפעניש... אַ האָר געפעלט!...

— „דאָקטאָר, צי קען זיין אַ נאָרמאַלער קינד פון אַזאַ שוואַנגערשאַפט? נישט קיין שלאַפער, אַ קאַליקע?"...

— „דאָס — זיכער! צום קינד האָט אַזוינס נישט קיין שייכות. די זאַך איז אָבער, וואָס איר אַליין דאַרפט אַזוי ליידן"...

— „אויב ס'גייט בלויז אין ליידן... ניין, מירן שוין אויסוואַרטן נאָך עטלעכע חדשים. איר'ט נישט בייז זיין, דאָקטאָר, וואָס די פראַגע איז מיר איינגעפאַלן ערשט איצטער? זייט אויף מיר נישט בייז, דאָראָגאָי ניקאָלאַי קאָנסטאַנטינאָוויטש"...

— „אַ טשודנער מענטש זייט איר, פרומעטאַ גאַווריליאָוונאַ, אַזוי צו זאָגן — זייער אַ טשודנער! הם... בייז זיין... אַזוי, שוועסטער זאָיאַ, פאַרנעמט די מכשירים. איר הערט דאָך: די מאָלאָדיצע וויל נישט... ווי אַזוי האָט זי געזאָגט? „מירן אויסוואַרטן"...

און אין עטלעכע חדשים שפּעטער:

— „אַ פּשוטער אָנפרעג, און פּאָזשאַלויסטאַ, זעלמאַן באָריסאָוויטש — אָט האָבן מיר אַ פ ר י ד אָ ט ש ק אַ!"...

נאָך נישט פאַרקלונגען, דוכט זיך, די ווערטער, מיט וועלכע דאָקטאָר ניקאָלאַי קאָנסטאַנטינאָוויטש מיעטקין האָט אָנגעזאָגט דעם פריש געבאָ־קענעם און היפּש צעטומלטן טאַטן די נייס. פון דעסטוועגן קומט אויס טייל מאָל ביי פרומען: ווען נישט דאָס בעטעלע מיטן „אוצר" דערלעבן, וואָלט זי אַליין געקענט מיינען: אַ חלום, און גאָר!

פרומע לאָזט אָפּ אויף אַ ווײַלע דאָס לאַטען, און אויף דעם שפּיטאָל מיטן גאַנצן קלאַפּער־געצייג. כאַפּט זייטיק אַ בליק אויף זלמנען: נישט אויפגעלייגט. און — אַ שאָד! ביי דעם שיינעם וועטער...

— אַ, זאַלקע... געדענקסט דעם פאַראַיאָריקן גאָס רעגן? — קערט פרומע זיך אום צו ס'איריקע, ווייל אים אויף ס'כוח אַרויספירן צום ליכטיקן הײַנטיקן טאָג. — און נאָטעכע די „קלאָגערין" — ווי זי האָט זיך עס דעמאָלט פאַרשאָלטן די יאָרן? און רעד מיט איר איצטער: „קאַווקאַז האָט מיר פאַליובעט"... — זאָגט זי.

— קאַווקאַז גייט טאָקע אין לעבן אויסצונעמען ביי „קלאָגמוטערס!" — כאַפּט ער גערן אונטער אירע רייד, און ס'פאַרדריסט אים בלויז בעת מעשה, הלמאי דאָס קומט פאַרט אַרויס ביי אים עפּעס ווי אָנגעצויגן, נאָך אַלץ — צום דערווידערן. — ווּעמען האָט געקאָנט אַרן די קרירה? נאָך הונגער־יאָרן — אָט די זאַטקייט אינעם סאָווכאָז. ווו נאָך געפינסטו מלחמה־צייט אַזאַ אָרט? און בכלל — קאַווקאַז איז דיר ווייט נישט סיביר! — קומט ער סוף־סוף אַרויס אויף דעם, וואָס איז אָקאָרשט אויף אים געקומען גראָד אויפן רעיון: — קאַווקאַז — זעסט דאָך — האָט דעם כוח צו „פאַר־פירן" אַ מענטשן. אַפילו אַזוינע מיושבדיקע, ווי מיר, וואָס זענען געווען איינשטימיק, אַז מלחמה־צייט איז נישט כדאי צו פאַרזאָרגן אַ וועלט מיט קינפטיקע דורות — אַפילו מ י ר האָבן שאַסט־פּראַסט דאָ געביטן די מיינונג: אַ פאַקט!... — ווייזט ער אָן אין דער זייט פונעם בעטל.

ער רעדט וועגן ענינים, וואָס האָבן אַזאַ רירנדיקן שייכות צו ביידן, און — מאָדנע: זיין בליק, פאַרשטעקט ערגעץ ווו אין דער קאָלדרע, מיידט אויס פרומעס אויגן, און אויב מ'זאָל אויף פאַרלאָזן זיך אויפן געהער — סקריפּעט אַ זעמדעלע פאָרוואורף אין די ווערטער. נאָר ווער ווייס עס נישט, אַז דאָס איז בלויז די צעקריגטקייט זלמנס מיט זיך אַליין? קען זיך פּשוט נישט שענקען דעם נאַר־וואָסיקן אויסבראָך און מוסרט זיך אינעם געדאַנק: „אַ גראָביאַן! וואָס איז אים פרומע דען שולדיק, אויב אינעם וואָיענקאָמאַט

דאָרט"... און ער הערט אַלץ נישט אויף צו טראַכטן — ווי אַזוי בעט מען איר איבער סוף־סוף... נאָר פון דעם, וואָס אַזוינס טראַכט זיך תמיד ביי אים גרינגער, ווי ס'טוט זיך — ווערט זיין פּנים פון רגע צו רגע פאַר־וואָלקנטער, סומנער.

דאָס אָ פינצטערע פּנים פרעמדט אים ערשט רעכט אָפּ פון פרומקען. זי קען נישט פאַרליידן... ווידער אַ מאָל די זעלביקע פאַרדריסלעכע טבע: כאַפּט זיך אַרויס מיט אַ וואָרט, דערנאָך קומט חרטה און ראַנגלענישן בנוגע דעם „איבערבעטן". אוף, צו וואָס דאָס צערעמאָניען זיך? יאָ, נישט איבערבעטן — אַ דאגה!... ניין, וועט ער אַזוי לאַנג אָפּעסן זיך ס'האַרץ, ביז זי קען שוין נישט צוזען... קומט אויס: ער פאַרקאָכט אַ קאַשע, און אויף איר פאַלט אויס גאָר... דאָס שמעקט איינעם, ווי פעפער אין נאָז. נאָר איצט איז גענוג איר: שטענדיק — זי?!... ניין, זאָל ער דאָס מאָל נישט וואַרטן!

די נאָדל אין פרומעס פינגער נעמט האַסטיקער שטשאָבען דאָס געניי, דער פאָדעם האָצקעט זיך ביי איר, ווי אַ באַנומענער.

— וואָס האָט דער „פאַקט" שוין צו טאָן מיט קאַווקאַז, אויב „פאַרטראַכט" האָט מען אים נאָך ערגעץ, אין גושן... — דערווידערט זי און בלייבט צו־פרידן מיט דעם שטרענגן ביטול, וואָס באַווירצט די ווערטער: אַקוראַט פּאַסיק אויף צו וואָרענען, אַז אַזוינעם, וואָס זאָגט אָן מלחמה — טראָגט מען נישט אַנטקעגן דעם שלום אויף טאַצן...

— ווילסט זיך מיט מיר אַמפּערן? — פרעגט זלמן, און דאָס קלינגט כמעט ווי אַן אַרויספאָדערונג.

נאָר דער אויער ביי פרומקען — אַ „מוזיקאַלישער": די טרויעריקע, שיער נישט תחנונימדיקע נאָטקע, וואָס רייסט זיך אַדורך דורך דער כלומר־שטער אַרויספאָדערונג, בלייבט שטעקן אין איר, ווי אַ דאָרן. און לויט דער טיפקייט פון שטאָך דערקענט זי שוין, פרומקע, אַז כללים, וואָס זענען אַזוי מאָסגעביק אין צוזאַמענלעבן פון פעלקער־קאָלעקטיוון — האָבן אַ מאָל אין פערזענלעכע באַציִונגען אַ דיטקע די ווערט...

און זלמן האָט קאָנטיק קיין צייט נישט צו וואַרטן, וויל תיכף וויסן דעם גזר.

— ווילסט דווקא זיך קריגן?... — באַנייט ער דעם אָנפרעג.

— מיט פרעמדע מענער קריג איך זיך נישט. — זאָגט פרומע סאַר־

קאַסטיש און, אונטערשטרייכנדיק דאָס וואָרט: „פּרעמדע", מיינט זי בפירוש — צאַפּן אים כאָטש נאָך אַ ווילע דאָס בלוט. — פּרעמדע מענער פאַרפיר איך, אָדער כ'וועל פון זיי פאַרפירט... — דערגאַנצט זי אַנטשלאָסן, אויף גיך. און באַלד דערויף — שוין גאָר ליבלעך און האַרצברעכעריש־מילד: — אַ זאַלקע... קענסט מיר אפשר זאָגן, פאַר וואָס מ'האָט ליב אַזאַ איינעם, ווי דו?...

גלייך בלויז דער אָ פּרעג זאָל אים געוועז פעלן אויף צו קענען זיין שווה־בשווה מיט זיך — רינט אויס מיט אַ מאָל די געשפּאַנטקייט אין זלמנען. נישט געבנדיק זיך די מי אָפּצונעמען פריער ביי פרומען דאָס געניי, שטרעקט ער אויס צו איר ראָש אַ לאַפּע, וואַלגערט זי אום אויף דער קאָלדרע, ציט־צו צו זיך.

פון דעם אָ האַסטיקן קאַצנבוקל פאַרפעלט אָטעם אַ ווילע ביי פרומקען און אַ פריילעכע זודיקייט נעמט בראָדזשען אין גוף... די האַנט מיטן געניי פאַרקראַמפּט אין די פינגער — אַנגעצילט זייטיק, נישט צו פאַרשטעכן, בעת מעשה, דאָס פּנים — פאַרטאָרגלט אין דער קערנדיקער לייביקייט פון זיין ברוסט, בלייבט זי פאַרטייעט אַ רגע. נאָר באַלד — אַ פאַרהייב האַסטיק דאָס קעפּל: אָ קונדס, אומדערמידלעך אין שטיפן — מאַנט שוין אַ נייע זביטקע...

ערשט איצטער נעמט־צו ביי איר זלמן די נאָדל, פאַרשטעקט זי אויף גיך אין געוואַנט, לייגט אָפּ אין אַ זייט...

— געזען — אַ יאַזווע? מיט אַ „שפּיז" זיך באַוואָפנט און אַטאַקירט!...

— וויצלען זיך — קענסטו, אָבער פאַרענטפערן מיין פראַגע... — מאַכט זי אָן אָנשטרענג אַרויסצופּלאָנטערן זיך פון דער בליקן־נעץ, אין וועלכער ער האַלט זי געפאַנגען, און בלויז די פאַרריסענע סקיווקע רעדט ביי איר ווערטער, וואָס אַ מויל קווענקלט זיך אַרויסצוזאָגן אָפן, בפרהסיא...

— האָסט אַ נס, מיר געפינען זיך נישט אויף אַ הייבוידעם, אָדער, לכל־הפחות אין שטוב... — זאָגט ער אָפנהאַרציק און אין קול בולקען קאָכיקע אונטערטענער. — אַ שטיין אַ קאַלטער בין איך טאַקע, ווי דו ווייסט. נעמסטו אָבער שלאָגן, קען אַ שפּריץ־טאָן דער הייסער פונק: געדענק, פּרומטשיק!... — דראָעט ער איר מיט אַ פינגער און די ליפּן, צופאַלנדיק צו דעם חן־פּינטעלע, וואָס צוקט אינעם האַלדזגריבל ביי איר אַזוי מחיהדיק אין דער רגע — פירן תיכף אויס אַ טייל פון דער דראָונג.

— און... העכער קאָנסטו נישט גרייכן? — פרעגט זי שעלמיש; נאָר פּלוצעם גאָר — שעמעוודיק און מיט טענה:

— גֿעפונען אַ צייט צו וואָיעווען: נישט אויף אַ הייבוידעם — טאַקע!... און, אַ צעטומלטע, באַפרייט זי זיך אויף גיך פון זיין אָרעם.

זלמן בלייבט ווי געקריוודעט אַ ווײַלע. נאָר אָט האָט אויך ער דער־בליקט שוין: צו ערשט — דער צעשוואומענער שאָטן, צעהיפּקעט זייטיק אין גראָז, און באַלד — ער אַליין, „דיאַדיאַ וואַסיוטקין״, אַן עוואַקואירטער, ערגעץ, פון קעיווער קאַנט, און דערפאַר אפשר — אויסגעקאָכט דווקא מיט פּליטים... נאָכשלעפּנדיק אַ ביסל דעם לינקן פוס, וואָס צוליב אַ רעוומאַטישער שלאַפקייט איז ער נוטה אַ קאַפּעלע זיך צו פאַרשפּעטיקן, דראַלט דער זעלביקער קאָוואַל טימאָפעי יעגאָראָוויטש וואַסיוטקין צו זיי. אַן אויפ־געיומטובטער, דאַר און גרויקעפּיק, די שיטערע וואָנצע פאַררי‌סן האָפערדיק אין דער הייך. איטלעך הערעלע — עפּעס ווי אָנגעצילט, גלייך נישט מיט דער נאָז, מיטן וואָנץ טאַקע ניוכעט ער די פרישע מאַי־לופט.

— אַהער, טימאָפעי יעגאָראָוויטש, פּאָזשאַלויסטאַ — אַהער!... — אַוועקלייגנדיק דאָס געניי, ווינקט פרומע אים צו גאַסטפריינדלעך.

— ס׳פּראַזדניקאָם! — גריסט דיאַדיאַ וואַסיוטקין, צוזעצנדיק זיך לעבן זיי אויף דער קאָלדרע. אַנטבלויזט דעם גרויטשוביקן קאָפּ, לייגט ער אָפּ געלאַסן אין אַ זייט דאָס היטל. פון די צוגעזשמורעטע אויגן שפּריצט מיט פונקעלעך קיבעץ, און פרומקען ווערט קאַלט אין די ביינער; ציליעוועט זיך, דער טייוול — וועט אַ נעם טאָן באַלד אויפן צאָן!...

נאָר אויסערלעך איז אויף איר גאָרנישט נישט קאָנטיק: דאָס הימל־בלוי אין אירע אויגן שפּרייט זיך שלווהדיק לויטער פאַר זיין בליק, און דיאַדיאַ טימאַ, וואָס קאַנייעט אַ ווערטל טאָן זיך מיט די צוויי, און אַזוי — יאָדערדיק, מיט זאַלץ־און־פעפער צום טעם — דיאַדיאַ טימאַ לייגט דאָס געווער אונטער פרומעס באַצווינגענדיקן בליק.

— אָט אָ דאָ ליבערשט — זעצט אייך! — ווייזט זי אָן, פרומקע: — אַ ביסעלע באַרג־אַראָפּ־צו, וועט באַקוועמער זיין פאַר דעם פוס. און האָט נישט פאַראיבל, וואָס מיר נעמען אויף געסט ביים שוועל: זעט איר — פרידאָטשקאַ טאַקע... דער דרויסן — אָפּגעקערט דאַך פון מענטשן. דער נאַראָד באַלעוועט — אין די שטיבער, אין קלוב... און פאַר ביקלעך, ווי דער דעמיאַנאָוונאַס...

— וועסט זיך פאַרענטפערן, פּרומעטאַ גאַוורילאָוונאַ, אויף אַ סאָוו־כאָזנער סאָבראַניע, נישט דאָ! — דערלאַנגט ער אַ זאָג. — איך און זילקאַ, מיר ביידע ווייסן אַלץ איינס שוין, מע ווייס סאַראַ וועדמע דו ביסט: מיט אַ קלאָניצע טרייבסטו פון זיך... נאָר מיינסט האַלבן קען איינער זיין, ווי ער איז. וואָרעם איינס פון די צוויי: זעסטו גערן צו האָבן מיך דאָ פאַר אַ בייזיצער, איז פאַזשאַלויסטאַ — פאַר וואָס נישט דערפרייען דיין האַרץ? און ביסטו, ווידער, יאָ אַזאַ סוואָלאָטש, וואָס שיקט אין זיך צו אַל די רוחות אַ גאַסט, איז: אין דער גאַל אַריין דווקא — אָט וואָס!...

— אַ לץ — דיין וואַסיוטקין!.. — לאַכט פּרומקע זיך שטיל פונאַנ־דער — נישט אויפצוּוועקן דאָס קינד.

— אַ־האַ, אַ געקאָוועטער — דער קאָוואַל אונדזערער!... — באַשטע־טיקט זלמן; און אין געדאַנק — געמאַכט שוין בעת מעשה דעם אויספּיר פאַר זיך: אַ קאָלדוניאַ — די פּרומקע! מיט הוילע קוקערס פאַרמאַכט דאָס מויל אים, דעם טשאָרט!...

— נו, נו, זאָלץ נישט צו פיל, קענסט אַ מאָל איבערפירן!... — ווערט ער זיך כלומרשט, וואַסיוטקין, נאָר די מאָרשטשינקעס, וואָס צעלויפן זיך, ווי שטראַלעכלעך איבער זיין אויפגעהייטערטן פּרצוף, זאָגן בפירוש — ס'טוט אים הנאה, וואָס ר'האָט אָנזען ביי לייטן...

קען זיך נישט זאַט אָנקוקן אויף דעם פּאָרל, טימאָפעי יעגאָראָוויטש וואַ־סיוטקין: ווי נעמט מען זייערע יאָרן!... טראַכט ער זיך. און דער חשק צו לצעווען איז באַנייס ביי אים אויף דער וואַך.

— יאָ, וואָס — געוואָלט ביי דיר פרעגן?... — ווענדט ער זיך פּלוצעם צו זאַלקען — נישט אַ מאָל אָנגענומען דיך ענדלעך אין דער אַרמיי, וואָס האָסט זיך, זעלמאַן באָריסאָוויטש, צעזעגנט אָקאָרשט אַזוי מיט דיין ווייבל?... — דערלאַנגט ער אַ טשמעליע פון וועגן דער פריערדיקער „הייסער מינוט"; נאָר אַליין דאָס טשמעליען — שווינענדיק איצטער, מיט חסד. נישט ווי געווען ביי אים לכתחילה אין פּלאַן.

— געדאַרפט אפשר אָפּזוכן און בעטן דערלויבעניש ביי יעגאָראָוויטש וואַסיוטקין?... — פאַרלירט זיך דווקא נישט זלמן.

— נו, וואָס געווען, איז פאַרפאַלן! — מיינט יענער — איכל דאָך דיר נישט אָנטאָן דעם תענוג און הייסן נעמען די קושן צוריק... אָבער אויף

ווייטער — ווייס כאָטשבי דרך־ארץ צו אַן אַלטן מאַן און פרעג טאַקע רעכטצייטיק אָן!...

— און דער „אַלטער מאַן" — וואָס? — פּאַרציט זלמן גערן איצט דעם קיבעץ. — דער „אַלטער מאַן" ט׳וואָרטשען, זאָגן — ס׳שיקט זיך נישט, אַ?...

— אָנגענומען, אַז איכל דערלויבן; נאָר פּרווו זיך נישט — אָן מאַהאַריטש!

— קאַטעגאָריש קעגן! — פּלאַצט אים פרומע האַסטיק אַריין אין די רייד. — דער „דעמאָראַליזירנדיקער איינפלוס" פון מאַהאַריטש אויף דער געזעלשאַפט איז „אַלגעמיין באַוווסט": ערשטנס... — בלייבט זי שטעקן אין מיטן, די מינע — טויט ערנסט, די אויגן — פאַרהויבן פּאַטעטיש צום דאַך; און מ׳דאַרף זיין טעמפּ, ווי אַ פּלאָקן — נישט צו דערקנייען באַלד פונעם אָנהייב, אַז אַגאַפּיאַ אַנופריעוונאַ, די „געשווירענע" סאָווכאָזנע מאָראַל־פּריידיקערין, ווערט דאָ באַאַרבעט אַזוי מיטן קנאַק.

— אַ־גאַ שקאַ! זי מיט די ביינער — מאַט׳ יעיאָ!!! — קען וואַ־סיוטקין קוים קומען צו זיך. — אַ מזיק, דיין פּרומקאַ, כאַ־כאָ — דו פּרווו זיין אַ בריה און לאַך נישט! — פאַרגייט ער זיך פון דאָס ביי.

און זלמן איז אויך נישט פון אייזן.

— מיט, צי אָן מאַהאַריטש, — טענהט ער — דו זיי אַ בריה און וואַרט אויף דערלויבעניש אַ קניפּ צו טאָן אַזוינס אינעם בעקל!...

— אַפשיק! — טרייבט אים וואַסיוטקין. און באַלד דערויף: — אַ, זילקאַ — שפּילסט אַלץ נאָך אין ליבע מיט דיין ווייבל?... אַ מין וואָרקען — אַקוראַט, ווי די טייבעלעך: איינס דעם אַנדערן זאָל דאָס אַריינזאָגן אַ מאָל אַ וואָרט!... אַיאַ — צוועלף יאָרעלעך, דוכט זיך, ווי מע האָט דעם ערשטן נאַכטלעגער — אָן דער ברכה פון ראַבין מסתמא — געפּראַוועט צוזאַ־מען... — רעדט ער שוין איצט, ווי צו זיך: — צוועלף יאָר, און — מלחמה... און ביי זיי: אייביק — האָניק־חודש! אַ־האָ! נישט אומזיסט טאַמלען אַזוי אונדזערע באַבעס פאַר אַ יעוורעי...

— הייבט שוין אָן, דיאַדיאַ טימאַ... — יאָגט זיך אָפּ פון אים פּרומקע.

און זלמן:

— אַ דאגה דיר! וואָסי — מען קען אים נישט?... — טימאָפעי יעגאָ־ראָוויטש, קוים איז ער אויפגעלייגט, קען ער צערעדן דיר וועלטן. דאָס

זעלביקע אויך — ווען ס׳איז אים אָנגעזאָליעט גראָד אויפֿן האַרצן...

— אָט, אָט — נישט נאַריש געזאָגט גאָר, סינאָק!... און צו וואָס לייקענען? דווקא ביים היינטיקן טאָג — ביידע אין איינעם: אי אויפֿגעלייגט, אי אויך — שווער אויפֿן האַרצן. און ווי קען דען זיין אַנדערש? הערסט דעם פֿריילעכן ליאַרעם אין קלוב דאָרט?... — און, טייטלענדיק מיטן וויזפֿינגער אין דער לופֿטן, בלייבט ער אַנטשוויגן אַ רגע, דעם קאָפּ אָנגענייקט זייטיק, אויף בעסער צו פֿאַרנעמען די קלאַנגען. — פּיס קלאַפּן אויס קאַראַהאָדן סאַמע פֿון אין דער פֿרי שוין! ערשטער מאַי, ברודערקע: אויף צעפּוקעניש דער מלחמה!... און די סוואָדקעס אין ראַדיאָ? אונדזערע — העט, אין בערלין שוין. מע שלאָגט די בעסטיע סוף־סוף „אין איר אייגענער בערלאָגע”, ווי ס׳זאָגט זיך. אַ פֿאַרשטענדלעכע זאַך — ס׳ווערט גוט און גרינג אויפֿן האַרצן!... — פֿאַרכליניעט זיך טימאָפֿעי יעגאָראָוויטש וואַסיוטקין, דאָס קול — אַן איבערגאַס פֿון פֿרייד־צעפּליעסקעטע טענער, די צורה — אַ זשמעניע נחת, צעשפּיגלט אין קופּערנעם בלענד...

— נאָר פֿון דער אַנדערער זייט ווידער — צעפֿירט ער האַסטיק די אָרעמס און דאָס פּנים נעמט פּלוצעם זיך לעשן: — אַז מ׳גיט אַ טראַכט וועגן די שאָדוינעס, וואָס די בעסטיע האָט אָנגעמאַכט אומעטום... שאָדוינעס — דוראַק־טימאָפֿעי, וואָס דו ביסט! — שלאָגט ער זיך אַליין איבער די רייד. — אַ כּפּרה שאָדוינעס, אַ רוח אין זיי! מ׳וועט ווידער אויסבויען, ווי דען? אָבער דאָס בלוט, דאָס פֿאַרגאָסענע?... די קרבנות — ווער וועט אונדז אומקערן? האַ, טייערינקע — ווער?!... — האָט ער געשפּריצט באַלד מיט פֿייער און די פֿונקען האָבן געטראָפֿן צו זלמנען און צו פֿרומקען גלייך אינעם האַרץ. — נעמט כאָטש מיינע אייגענע, כ׳לעבן... — האָט ער אַלץ אין איינעם געטענהט, און די רייד, ווי אַרויסגעשלעפּט האַסטיק פֿון גלוטיקן זשאַר, האָבן געגומען זיך צאַמען און דעמפֿן, דאָס קול — זינקען אַראָפּ צו, אַראָפּ... — שוין אָפּגערעדט וועגן וואָווקען, דעם בכור אונדזערן: נו, געפֿאַלן בעת אַן אַטאַקע מיטן אַווטאָמאַט זיינעם אין האַנט. אויפֿן פֿראָנט — אַ באַוווסטע זאַך: ער דיך, דו — אים, און ווען ס׳גליקט־אָפּ... וואָס קען אויפֿטאָן אַ נאַראָד, אויב אין דער ברייטער וועלט זענען פֿאַרטראַכט געוואָרן אַזוינע געזעצן? וועסט נישט שטיין מיט פֿאַרלייגטע הענט און זיך צוקוקן, ווען היישעריקן לאָזן זיך אַראָפּ אויף דיינע היימישע פֿעלדער; מע שלאָגט אָפּ, ליבינקע, און... אָבער די מאַמע וואָלאָדקעס — זי

האָט דאָך נישט געוואָיעוועט, ווי סע שיקט זיך... געלעבט וואַרוואַרושקאַ מיט איר טימאָפעיען, געלעבט־געפּעדערט זיך. זין און טעכטער געהאָדע־וועט, מיטן אויפקום פון די קאָלכאָזן אויף קורסן, שפּעטער — אין קינדער־גאָרטן געפּלייסט זיך... און אַז ס׳בּרעכט אויס די אָ מלחמה מיטן גערמאַניעץ און מען מאָביליזירט אויפן פראָנט די מעדשוועסטער פון אונדזער קאָלכאָז — ווער נעמט זיך אונטער אויסצולערנען אויף גיך דאָס פאָך צו פאַרבייטן יענע, די מאָביליזירטע? וואַרוואַראַ ראָמאַנאָוונאַ — פאַרשטייט זיך!... און אַלץ — טאַנצנדיק־זינגענדיק, מיט אַ קאַטאָוועסל. אַזאַ בלוט שוין: אַנדערש נישט געקענט. „אָט גייט דער סאָלאָוויי!" — פלעגט וועגן איר געזאָגט ווערן אין קאָלכאָז. ווי דו קערסט זיך: „סאָלאָוויי" און „סאָלאָוויי"... נאָר פון גליק ביזקל אומגליק — וויפל אין גאַנצן? אַ שפּאַן! געקומען די רוצחים, געקוילעט מיין סאָלאָוויי... גראָד געפירט אַ קראַנק יינגל אויף אַן אָפּעראַציע אין שטאָטישן שפּיטאָל. נישט קיין יתום, דאָס יינגל, אָבער דער מצב — טייערינקע!... טאַטעס אויף פראָנטן, מאַמעס — ביז איבער די עלנבויגנס פאַרהאָרעוועט אין די היימען. איטלעכער מיט זיינע פליכטן — פאַרשטייט זיך. און וואַרוואַרושקאַ — אינעם אַמבולאַנס, אויפן טראַקט — מיטן יינגל... אָנגעפלויגן די רויבפייגל: בז־ז־ז... דרעשן — פאַרשאָלטענע! נו, איבערגעלאָזן אַ שניט... זיך כאָטש נישט געמוטשעט, מיין טערקלטויב: צעריסן, צעפּיצלט און אויס! אַז אָך און ווי, ווען אַזוינס איז אַ טרייסט! — האָט ער ווייטער געצויגן און דאָס קול, דורכגעזאַפּט מיט יסורים, איז געוואָרן אַלץ סומנער און שטילער. דער שאָפער — אויך געבליבן אַ פאַר־טיקער אויפן אָרט מיטן צעטראַסקעטן שאַרבן... אָבער דאָס יינגעלע, זעט איר, געזשיפּעט נאָך אין שפּיטאָל אַ מעת־לעת דריי. זיבן יאָר אַלט שוין, און — ביסטרע: דאָס קעפּעלע האָט ביי אים געשפּילט. ד אָ ס אָבער — נישט געקענט גאָר פאַרשטיין. און, אָרעמענקער — פון מאָל צו מאָל ווידער און אָבער געפרעגט ביי דער דאָקטאָרשע, ביי די שוועסטערס: „טיאָטיאַ — זאַ שטאָ?"... אַזוי, רעביאַטקי, אַזוי... — האָט דיאַדיאַ טימאַ, אָפּזיפּצנדיק, מיט דער דלאָניע גענומען ווישן פּלוצעם דאָס פּנים פון שווייס. — אַ נוקאַ, פּרוווט בלויז צעקייען די טענה!... אַן אַלטער, און דאָס, כאָטש דערהרגע, פונקט, ווי דער וועווריק — כ׳קען נישט פאַרשטיין: האַ? נעמען און אָנפאַלן, ווי אַ חיה פון וואַלד? און דער עיקר, ליבינקע מיינע — פאַר וואָס טאַקע, פאַר ווען?... עט! צערעדט זיך דאָ, ווי אַ באַבע. און

וואָס קומט אַרויס פון דעם רעדן? — האָט ער אין מיטן דרינען אַ מאַך געטאָן גאָר מיט דער האַנט. — שלאָגן דאַרף מען זיי, בראַטצי — שלאָגן אָן אָפּהאַלט. ביז זיי וועלן פאַרשטיין, די מערזאַווצעס!... ניין, זילקאַ — אומזיסט האָט מען אונדז ביידן פאַרבראַקעוועט. כ׳מיין, אין וואָיענקאָמאַט — מיין איך... — און ראַפּטעם, ווי אַ וואָגן, וואָס גיט אומגעריכט זיך אַ טרייסל און, נישט צו וויסן, ווי אַזוי, ליגט ער מיט די רעדער אַרויף אינעם ראָוו — האָט טימאָפּעי וואַסיוטקין, צו פרומעס אומצופרידנקייט, אַ קייקל געטאָן זיך, און פּלוצעם: אָט שטעקט ער מיטן נאָז אין אַ געפּער־לעכן אָרט, וואָס זיי ביידע, זי און זאַלקע — האָבן אָקאָרשט קוים זיך אַרויס־געקאַראַבקעט פון דאָרטן: — געשריבן פּראָשעניעס? געשריבן!... גע־מאַכט אַ סקאַנדאַל דעם נאַטשאַלניק? געמאַכט נישקשהדיק — זאַלבע־נאַנד!...

— טאַקע — זאַלבענאַנד! — קען זיך זלמן נישט שענקען. — נייטיק געדאַרפט האָבן דיך ביי דער זייט; טאָמער וואָלט מיר יאָ נאָך געקענט עפּעס העלפן... דו זאָג אַליין, דיאַדיאַ טימאַ, וואָסער שמעלקע ביסטו מיט מיר אין אַ סאָלדאַטסקער זאַך?!...

— נו, נו — אַז דו זאָלסט אַזוינס זאָגן, זעלמאַן באָריסאָוויטש?... — מאַכט יענער באַליידיקט און ווענדט זיך אַצינד שוין צו פרומקען: — גלייך ר׳וואָלט אַליין נישט געדאַרפט אָנקומען צו „דיאַדיאַ טימאַ", ווען ס׳ווערט אים קאַליע אַ מינדסטער שור־בור פון זיין טראַקטאָרנעם פאַר־מאָג! אַ קאָוואַל פון דורי־דורות איז דיר נישט אַבי וואָס: דו פּרווו בלויז אָן כוחות — טשאָרט!...

— אַוודאי זייט איר ביי אונדז אַ מאָלאָדטשיק! — באַרויקט אים פרומקע, אָנטועענדיק זיך דערביי אַ כוח נישט צו לאַכן. און די געפאַר איז גרויס. וואָרעם אָט שטייט שוין דאָס פּוילישע שכנים־פּאָרפאָלק, די באַל־צעראָוויאַקס — אין דער אָפענער טיר פונעם פאָדערהייזל און ער, פאַן באַלצעראָוויאַק — שניידט מינעס צו פרומקען...

אים, באַלצעראָוויאַקן, רופט מען גוטמוטיק צווישן די פּליטים „פּאַניע שוויענטי" — און טאַקע דערפאַר, וואָס ביי איטלעכן קער און ווענד איז די אָ פראַזע ביי אים אויף די ליפּן.

„פּאַניע שוויענטי" איז אַ מאַן אין די פופציקער, הויך און מאַכטיק, דער קאָפּ — ווו נישט ווו בלויז באַזילבערט מיט אַ פּאָר סיווע שטרייפן.

דאָס ווייב זיינס, מאַריאַ, עטוואָס יינגער פון אים — אַ קרעמפּע, דאָס פּנים רויטבאַקיק און פריש נאָך — מיט פולע, דיקלעכע ליפּן און ברוינע, גלאַנציקע האָר. ביידע — באַלייבטע, נאָר זשוואָווע, און מיט פייערלעך אין די אויגן. אויסגעשטראָנצטע אַצינדער, גרייט אַפּנים אין קלוב אַריין, אַ ווײַלע פּריטייעט זיך אין דער טירראַם און — שווייגן. בלויז די פּרצופים דערציילן, ווי מ׳איז אויפגעלייגט, ווען ס׳מאַכט זיך אַ לייטישע געלעגנהייט צו פאַרברענגען. ווער שמועסט — „פּאַניע שוויענטי״...

— אַלץ הייסט — אַ מאַלאַדטשיק, וואַסיוטקין ? !... — אַרונטערגעזעצט זיך דערווײַלע פאַרגנבעטערהייט אויף די שפּיץ פינגער, פּלאַצט ער אויס, ענדלעך — סאַמע יענעם אַהינטערן נאַקן. — און נישט בלויז אין קוזניע : דערויף, פּאַניע שוויענטי, בין איך שוין אַן עדות, טאָמער וואָלט זילקאַ, דער הונצוואָט, געפּרוווט לייקענען... ניין, כ׳וואָלט זיך קיין מאָל נישט געקענט שענקען, ווען כ׳זאָל נישט געווען נאָכלויפן די צוויי ביז אין נאָוואָטראַיצקאָיע — טאַקע אין וואָיענקאָמאַט... זאָגט, וואָס איר ווילט, נאָר באַלצעראָוויאַק האָט אַ ניוך, פּאַניע שוויענטי : פאַר וואָר, כדאי געווען צעקריגן זיך מיטן דירעקטאָר און וואַרפן אין אַ פּראָסטן מיטוואָך די אַרבעט !..

— פּאַ־אַ־דומאַיעש !... — ציט מאַריאַ און ציקלט דאָס פּאָפּולערע רוסישע וואָרטעלע, וואָס האָט פון די ערשטע, דאָרט — אין סיביר נאָך, איינגעבירגערט זיך ביי די פּליטים. — געהאַט פאַר וואָס זיך צו קאָכן, דער דירעקטאָרוווניאָ אונדזערער : האָסט אפשר ביינאַכט נישט אָפּגעאַרבעט — טאָמער ווייסטו !... און זילקאַ האָט שוין אויך געמוזט מיטטאַנצן יענעם נאַכטטאַנץ. כאָטש ווי קומט ער דאָ ? אים האָט מען דאָך יאָ באַפרייט פון דער אַרבעט !...

— גלייך דו ווייסט נישט, אַז אַ קאָמביינעיאָר אָן אַ טראַקטאָריסט איז אַקוראַט, ווי אַ טאָק — אָן ווייץ, פּאַניע שוויענטי ! — מוסרט איר באַלצעראָוויאַק. — נאָר די זאַך איז, וואָס דו מיינסט אַלץ, אַז אַרבעטנדיק, מאַכט מען אַ פעלץ דעם דירעקטאָר. אַ פייג קענסטו אויסקומען אָן רובליעס, אָבער ברעקן זיך מיט אַרבעט, דאָס יאָ — דווקא !...

— נו, פּאַני מאַריאַ איז אויך נישט פון יענע... — שלאָגט פרומע אים איבער די רייד.

— האָט מורא, פרומאַשקאַ, מע זאָל זיך חלילה נישט צעהרגענען... —

בייגט „פּאַניע שוויענטי" זיך אָן צום ווייבל און זיין מעכטיקער אָרעם נעמט ווייך אַרום אירע אַקסל. — ציטער נישט, פּרומאַשקאַ — סט׳גאָר־נישט פּאַסירן. נישט די אַמאָליקע יונגעטשקע יאָרן, פאַרשטייט זיך: ווי נאָר עפּעס אַ זאַבאַווע, פלעגט מען זיך קודם צעווערטלען. און וואַליאַי — געטאַנצט מיט אַנדערע! היינט אָבער — אַ ריזיקע: טשאָרט ווייסט זיי, די יונגע — טאָמער פאַרבראַקעוועט מען? ווי וואַסיוטקינען אין וואָיענ־קאָמאַט, אַ שטייגער... יאָ, די באַבעס אונדזערע האָבן מיך אָקאָרשט אָראָפּ־געפירט אויף אַ זייטיקע סטעזשקע, נאָר אָט האַלטן מיר ווידער ביים רעכטן: דו, זילקאַ, ביסט ווייט נישט אין אָרדענונג, וואָס מאַכסט טימאָ־פעיען צו קליינגעלט... זיכער — אין פירן ליבעס קען אים אַפילו מיין מאַרינקאַ פאַרשטעקן אין גאַרטל, אָבער וואָס שייך וואָיעווען... ניין, ער זאָגט נישט קיין ליגן, וואַסיוטקין! ווער ס׳האָט נישט בייגעוווינט דאָס סקאַנדאַלכל טאָקע, וואָס דער האָט זיי אויפגעשפּילט סאַמע אין וואָיענ־קאָמאַט דאָרט... אוי, ווייבעלעך, איכל נישט אויסהאַלטן; בלויז, אַז כ׳דערמאָן זיך!... — און, ווידער געלענט אויפן טיר־ביישטידל, האַלט ער קוים איין דאָס הירזשען. — ניין, דער רוח זאָל דאָס — אַ ריינע קאָמעדיע!...

נאָר דורכלאָזן אַ געלעגנהייט אָבער אַ מאָל אויפצושפּילן די אַ „קאָמעדיע" — דאָס קען ער נישט, באַלצעראָוויאַק... אוץ, פאַרטיק געוואָרן מיטן הירזשען, נעמט ער דערציילן:

— שטייט דער כוואַט אונדזערער און בושעוועט, און שפּרינגט דעם נאַטשאַלניק אין די אויגן. די צורה — רויט, ווי אַ בוראַק, דאָס אָדערל אויפן שלייף — אָנגעצויגן: אַ קאַנאַט, נאָר צום פּלאַצן!...

— „איר׳ט מיך יאָ שיקן אויפן פראָנט, סוקינע קינדער אַזוינע! ווער האָט אייך געגעבן דאָס רעכט?"... — רעוועט ער.

דער נאַטשאַלניק — גאָרנישט. לאָזט אויסרעווען... זעט וואַסיוטקין, מען שווייגט אים, איז דאַוואַי ערשט רעכט, און מיט מער חוצפּה:

— „סאָוויעטישע מענטשן זייט איר?! פאָלקס־שונאים זייט איר, און — גאָר!"...

איך כאַפּ אַ בליק אויף זילקאַן: בלאַס, ווי אַ גריל. פאַר אַן אייגן ווייב איז מען מיט אַזאַ פּרצוף נישט קענטלעך...

און ביים „פאָלקס־־שונא" איז פול געוואָרן ענדלעך דאָס מעסטל.

שפּרינגט אויף פון דער שטול. אַ קאַווקאַזער — דאָס בלוט קאָכט אין אים, פּאַניע שוויענטי! שפּירסט ממש: אַ זידלוואָרט פון די גאָרנדיקע — ברענט אים די לעפּצן. אויף אַזאַ פּאָסטן אָבער — פּאַניאַטנאַ? קען נישט לאָזן לויפן די צונג, ווי אַ וויאַטראַק...

אָבער שטעקן אין יעגאָריטשעס הויט וואָלט איך אַלץ איינס נישט וועלן; כאָטש אָן „גאָרנדיקע", נאָר שאַנעוועץ וועט ער נישט, דער נאַ־טשאַלניק. פאַרזעצן אין תפיסה און... אוי, דוראַק — טימאָפּעי!... — טראַכט איך און מאַך זיך דערווייל האַרץ איינצושטעלן זיך פאַר דעם באַלוואַן.

און אָט גייט ער שוין אויף אים, דער נאַטשאַלניק. כלומרשט געלאַסן, נאָר אינעווייניק, זעט מען — ער פלאַקערט... מיט איין האַנט — צאַפּ! וואַסיוטקינען פאַר דער קלאַפּע פונעם יומטובדיקן פּידזשאַק, מיט דער אַנדערער — אַ וויַיז־אָן אויף דער שטול, פון וועלכער ר'איז אַליין נאָר וואָס אויפגעשפּרונגען, און — זייעט איטלעך וואָרט דורך די ציינער:

— „אָט איז אייך, דיאַדיאַ משוגענער... אָט האָט איר מיין שטול: זיצט איר, פּאַזשאַלויסטאַ, הינטערן שרייבטיש און איכל שוין בעסער אַליין גיין — — — ק'טשאַרטאַוואַי באַבושקע, איידער האָבן צו טאָן מיט אַזאַ עלעמענט!"...

— אַ כאַכעניש!... — רייסט־איבער „פּאַניע שוויענטי" אַ ווײַלע, קוויקט זיך מיטן עפעקט. — נאָר מיט דעם, פּאַניע שוויענטי, איז נאָך נישט געענדיקט די שפּיל...

— אויף וויפל כ'געדענק — מישט זיך אַריין איצטער זלמן. — האָט אַ קאַפּעלע אַנדערש אָפּגעשפּילט זיך די „שפּיל"... נאָר גאָרנישט — אַזוינע „אומפּינקטלעכקייטן" פּאַסן זיך אויך צו זיין פּריערדיקן פּאַך: אַ קוילנגרעבער — פאַרשטענדלעך? שטייט נישט אָפּ אין דעם זין פון קיין יעגער... — פאַרקוועטשט ער רמזדיק מיט אָן אויג.

נאָר יעגאָריטש האַלט דווקא מיט „פּאַניע שוויענטי".

— דו, זילקאַ, לאָז באַקומען — אָט וואָס!... — אַ ביסל פאַרלעגן, נאָר אויפגעהייטערט פון יענעמס „אויפשפּיל", נעמט ער איין זלמנען: — וואָס גייט דיר אין לעבן? מ י ך ברענגט מען דאָך אויפן פייער און נישט — זעלמאַן באָריסאָוויטשן...

— כ'פאַרוועט זיך מיט אייך — דער הונצוואָט ווייסט אַ פייג, ווי

אַזוי ס׳איז זיך פּאַקטיש פֿאַרלאָפֿן... — מיט פרישן קוראַזש צוליב יעגאָ־ריטשעס ביישטאַנד, ווענדט באַלצעראָוויאַק זיך באַנייס צום „פּובלי־קום״: — אַצינד קען ער זיך חכמהן, אָבער דעמאָלט... נישט געווען בלויז קיין צייט אים צו מונטערן! נישט געשטאַנען אפשר און געטרייסלט זיך, ווי פּוטערמילך אין דער בויקע?... אַזוי וואַקסט ער ביי אונדז נישט קיין שלעכטער, אייער זעלמאַן באָריסאָוויטש, נאָר — אָן אַ ברעקעלע אָפּשיי פֿאַר דערוואָקסענע. עד, היינטיקע יוגנט!... — און — אָפּגעצוואָגן זלמנען, קערט ער זיך ווידער אום צו דער „פֿאָרשטעלונג״: — הכלל, וואָס — מיינט מען — טוט אונדזער וואַסיוטקין נאָך אַזאַ אָפּשניט אַ וואַזשנעם? אַ פֿאַרקוועטש דאָס היטל אויפֿן קאָפּ און געגאַנגען? קו געשאָרן, באַק געמאָלקן: דייקע — ניין!... פּריטשמעליעט בעת מעשה פונעם נאַטשאַל־ניטשאָקס ווענד, האָט ער באַלד אָבער זיך אויסגעטשוכעט. די מאָרדע — אָנגעבלאָזן, ווי ביי אַ קאַלעקוטסקן האָן, דערלאַנגט ער אַ קריי:

— „טאָוואַרישטש נאַטשאַלניק! פֿאַרפֿאָרט מיר ליבערשט אין די געדערעם, דערלאַנגט מיט אַ פּרענט איבערן קאָפּ, פֿאַרשמידט אַפֿילו, ווי ביי ניקאָלייקען — אין קייטן... טוט מיט מיר, וואָס איר ווילט, נאָר ר־ר־ראַדי באָהאַ, אָסיפּ מיכאַילאָוויטש, רופֿט מיך נישט — — — עלעמענט!״...

— כאָ־כאָ! — און: — אָך־כאָך!... — כאָטש מ׳הערט דאָך נישט צום ערשטן מאָל שוין די מעשה.

— פּססט!... — בעט זיך פרומקע און כיכטשעט אַליין אויך דערביי.

— אָך, וועלן מיר אויפֿוועקן ס׳קינד!...

— קום שוין, קום, טייוול! צעעפּנט די יאַפּע... וואָלט זיך כאָשט געהאַמעוועט: טאַקע פון וועגן אַ קינד!... — מוסרט אים מאַריאַ און שלעפּט פֿאַר דער האַנט. בעת די אויגן, מילדע און פריינטלעכע, קענען זיך קוים אָפּרייסן פונעם בעטעלע. — אַ שאָנקייט!... אַ מלאכל, פרומאַ — דיין קינד!

געמאַכט שוין אַ טריט פֿאָרויס — שטעלט ער זיך אָפּ, באַלצעראָוויאַק.

— אַלץ הייסט!.. — באַשטעטיקט ער אייפֿעריק. — בלויז נישט קיין היימישער עפּעס: אַ קאַווקאַזער מלאך, אַזוי צו זאָגן — פּעך שוואַרץ... מיר, פּאַניע שוויענטי, לייגט זיך דאָס אין גאַנצן נישט אויפֿן שכל: אַ, זילקאַ?ביידע — מיאוס, ווי די נאַכט, ווי קומט צו אייך אַזאַ טאָכטער?

אפילו צו מיר, דעם שענסטן פון צווישן די שכנים איז דאָס אויך נישט ענלעך אַ האָר... נו, האָץ מיר!...

— איכל דיר געבן — „שכנים"... קום בעסער נישט אַהיים נעכטיקן, דיבוק!... — שרייט זלמן אים נאָך.

— י־יאָאָ!... — גיט זיך אַ כאַפּ פּלוצעם פּרומקע און נעמט גלייך צוריקרופן דאָס פּאָרפאָלק: — קומט, בלייבט נאָך מיט אונדז דאָ, מירן באַלד מאַכן אַ כוסע!

און, ווי אַ נאַראָוונער פערד, שטייט ער ווידער אויף אַן אָרט, „פּאַניע שוויענטי".

— די כוסע וועט מען דיר אוודאי נישט שענקען. — פאַרזיכערט ער, אויסדרייענדיק בלויז דעם קאָפּ אויף צוריק. — נאָר אַצינדער — זעסט דאָך מיין לאַגע: ס'וויב שלעפּט, ווי אַ טראַקטאָר...

— טו אַ טובה, פּרומאַשקאַ — פאַרהאַלט נישט! — בעט זיך יענע תחנונים. — יעזוס מאַריאַ, ווי דאָס ווערט בלויז נישט מיד צו פּיסקעווען! און מ'זאָגט נאָך, אַז ווייבער... טפו, אַ באַלטון!...

אַ שלעפּ די „ערגערע העלפט" האָסטיקער פאַרן אָרבל, און — אַוועק ענדלעך אין קלוב.

— כאַטש שיק אין מאָסקווע אַזוינעם: יעי באָהו — אַ נאַראָדנער אַרטיסט!... — שמעלצט זיך וואַסיוטקין, און די הענט זיינע, וואָס קענען פּלוצעם נישט איינרוען, גיבן פון דער העלער הויט אַ כאַפּ דעם קאַשקעט און זאָטלען אים כוואַטסקע אָן צוריק אויף די אויערן.

— אַריינגיין אין שטוב אפשר — אַ? פראַווען יום־טוב, ווי ס'שיקט זיך?... — שלאָגט פאָר איצטער פּרומקע. — פּאָרט עפּעס קיין קוק נישט — אין דרויסן...

— אַז מיך האַרצט גאָר בכלל נישט צו כאַליען אין שטוב ביי דעם גילדענעם וועטער. — נעמט דיאַדיאַ טימאַ אָרויס פון פאַרלעגנהייט. — פון דער מאַמעס בויך אויס — געיאָגט זיך נאָך רחבות, נאָך רוים. אַ „זיבעלע" — אויב איר ווילט וויסן: דעזערטירט פאַר דער צייט... נו, נישט קיין היימזיצער, וואָס קען מען טאָן? פון מיין באַלעבאָסטע שוין אויך היינט באַקומען צוליב דעם — אַזוי, מ'קען זאָגן, אַ שטיקעלע יאָג; נאַדיעזשדאַ טראַווקינאַ, איר מעגט זיך פאַרלאָזן — ווייס איינעם צו רייבן דעם קריזש. בפרט, אַז זי איז ביים קוראַזש גראָד: דאָס מאַנעלע, אין

אַ גוטער שעה — אומגעקערט זיך מיט אָרדענס פון פראָנט... נאָר וואַ־סיוטקין ווייס נישט קיין חכמות: אָפּגעפּרייט זיך און — ווינקט צו דער טיר... ערשט — זי נעמט אויפזינגען, נאַדיעזשדאַ: — „געסט אין שטוב, אַ שמחה, און דער... נישט אַנדערש — פּרומאָס סטאָן לאָזט נישט איינ־זיצן אין שטוב?"... — נו, טראַכט איך מיר — וועסט שוין רייסן די פּלאַכטע! און גלייך אַזוי — צווישן אַלע: — נאַדיעזשדאַ פּאַוולאָווגאַ, ראָדנאַיאַ... צי האָב איך אייך אַ מאָל נישט דערגאַדזשעט? נישט שוין זשע קלעקט נישט ביים אַלטן וואַסיוטקין קיין פייער פאַר צוויי... אָבער צוליב אייך, האָלובושקאַ, פאַרלירן אַ פריינד? זעלמאַן באָריסאָוויטש וואָלט מיר דאָך זיכער נישט שענקען, ווען כ'זאָל בלייבן קאַלט צו זיין ווייבל!...

— זדראַוואָ! — קאַטשעט זיך זלמן. — אָט דאָס הייסט דערלאַנגט!

— אָבער אַזוי צו בלאַמירן אַן אייגענע באַלעבאָסטע דאַרף מען פון דעסטוועגן קענען! — מיינט פרומקע. — וועט גאָרנישט זיין אומגערעכט, כ'לעבן — אויב זי'ט אייך איבערשיקן צו מיר אויף קעסט!...

— לאָמיך זען, טאַקע, צי ס'איז כדאי כאָטש צו מאַכן דעם בייט?!

געזאָגט איז געזאָגט: אַ נו־קאָ, סיערדיעשנאַיאַ — דערלאַנג אַהער צו דיין „טראַכטיראָווקע", דערלאַנג!... אין מיינע אויגן איז אַזאַ „גרינער טיש" אַקוראַט ווי אָנגעמאָסטן פאַר אַ קערמעשל אַ מאַיאָון. אַ סכנה בלויז פאַר די מאכלים: דער אַפּעטיט, קינדערלעך...

נאָר מע הערט אים נישט מערער: מע לויפט פאַרנעמען דעם כיבוד פון שטוב.

---

די שיסעלעך מיטן געבעקס, מיט אוגערקעס, זויערקרויט — אויס־געסדרט מיט טעם לעם דער קאַלדרע, אויפן „גרינעם טיש", אויף דעם גרויסן... אָט איז אויך אַ טאַבורעטקע, אויף איר — אַ פלאַש „מאָסקאָוו־סקאַיאַ", טעפּעלעך־כוסות... איינע — באַצייטנס פאַרפולט מיט „באַוואַר־קע" — פאַר פרומקען. און לסוף — אַ לאַדישל טאַקע מיטן זעלביקן „מילכפּונטש", וואָס אין דער מאַמעס וווּנדער־פילטער געלייטערט, דאַרף דאָס ראָש פאַרוואַנדלט ווערן אין פריידעלעס „עולם הזה"...

— וואַליאַי, דיאַדיאַ טימאַ — פאַרזוכט! — רוקט זלמן אונטער דעם

„מאַנצבילשן“ טרונק. — נישט קיין קרישטאָלענע: ביעזשענסקע... — ווייזט ער אָן אויף די קווערטלעך. — מילא, אַבי צום געזונט!...

— נו, זילקאַ, זאָלסט קיין פאַראיבל נישט האָבן: ביי איך דאָרט, אין זאַפּאַד, לייגט מען קאָנטיק מער אַכט אויף דער כלי, ווי אויף דעם, וואָס — אין איר... — איילט זיך וואַסיוטקין זיי גרינגער צו מאַכן דאָס האַרץ, און די פינגער באַהעפטן זיך פאַר איינס מיטן קווערטל.

— נו, זאַ פאַביעדו — זאַ נאַשו, זאַ וואַשו!... — זאָגט ער געדעמפּט, אויף אַ באַס.

— יאָ, פאַר דעם נצחון, וואָס וואָלט אונדז געמעגט אָנקומען גרינגער!...

— אוי, פאַר אַ גיכן: כאָטש היינט!...

ווערט פייערלעך און שטיל אַרום דער טאַבורעטקע, ווו די באַלע־באַטים האָבן זיך אַ פּעדער געטאָן צו פאַרגרייטן אויף גיך כיבוד. דריי טעפּעלעך שטויסן זיך אָן מיט אַנאַנדער, צעקלימפּערן זיך מיט גוטן אָנזאָג אין דער פרישער מאַי־לופט און שפּרינגען באַלד אָפּ אויף צוריק, גלייך מע איילט זיך אין אַ פריידיקע שליחות. נאָר די הענט, וואָס הייבן הויך איצט די כוסות, צעגערן נאָך אַ ווײַלע אין דער לופטן...

אַריינגעקערט דער ערשטער האָט טימאָפעי. ס'האָט בלויז אַ באָרבל געטאָן ביי אים אינעם גאָרגל און דער האַלדזקנאָפּ האָט, ווי אַ צעדולטער, דערלאַנגט האַסטיק אַ שפּרונג, גלייך ר'וואָלט פאַרטראַכט פּלוצעם זיך אָפּרייסן און אַוועקפליען ערגעץ ווו, נאָר איבערלייגנדיק — פאַרקייקלט זיך ווידער צוריק אויף זיין אָרט.

אַ טשאַמקע מיט די לעפצן, מיטן קולאַק — ראַיעל און באַדאַכטיק אַ גלעט־צו די שנויצן, און פאַרטיק: זאָל מען נישט מיינען, טימאָפעי האָט „געשוואַכט“...

— הפקרות... — זאָגט ער געלאַסן, אַוועקשטעלנדיק דאָס ליידיקע טעפּעלע און פאַרבייסנדיק מיט אַ פיידע פּיראָג. — כ'מיין, פון וועגן דער „מאָסקאָווסקאַיאַ“ — מיין איך... אומזיסט זיך צעפּראַלט. פאַר היינט וואָלט אונדזער היימישער סאַמאַהאָן אויך געווען רעכט, און אַזאַ איידל געטרענקל — געדאַרפט אָפּשפּאָרן טאַקע פאַר דעם טאָג פון נצחון...

— דאגהט נישט, דיאַדיאַ טימאַ, זילקאַ האָט באַוואָרנט! — באַרויקט אים פרומקע. — געפאָרן אין סטאַוואָראָפּאָל איינקויפן זאַכעלעך פאַר דעם

„אוצר״ — נישט פאַרגעסן אויך דאָס... יאָ, אַ באַלעבאָס מיטן קנאַק, אונדזער זילקאַ, און זאָל ער נאָר קומען — דער טאָג!... נאָר — נעמט נאָך פון די אָלאַדיעס! — מונטערט זי, אונטעררוקנדיק נענטער צום גאַסט די שיסעלעך מיט געבעקס. — און, נישט שייך אפשר אייגנס צו לויבן, נאָר פאָרט... די וואַרעניקעס אויך, דוכט זיך, געראָטן; איז פאָזשאַלויטיע — געניסט! ביעזשענצעס טאַקע, אָבער אַזוי אָרעם איז מען נישט ביי אייך אין קאַווקאַז... נישט סיביר, כ׳לעבן, ווו מ׳האָט געדאַרפט טאַמלען פון וועגן אַ קרישקע...

— ווי באַלד אַזוי... — צעשמייכלען זיך ביים אַלטן די קנייטשעלעך אויפן פּנים, און ער נעמט זיך פלייסיקער פאַרן צוביים. בפרט נאָך, אַז זלמן טראָגט ווידער אונטער אַ קווערטל...

— איז טרינקען מיר פאַרן געזונט פון אייער באַרישניע, די „שלאָפּנ־דיקע צאַריעוונאַ״, ווען מיר האָבן אויך צו פאַרדאַנקען דאָס פיינע געטרענקל... — שלאָגט ער פאַר, טימאָפּעי.

— און פאַרן אומקערן זיך פון אייערע וואָיאַקעס! — ווינטשט־צו די מאַמע פון דער „צאַריעוונאַ״ — נאָר נישט — גלייך אין קיעוו, נייערט דווקא אהער צו, מיר זאָלן זיי אויך קאָנען באַגריסן „ס׳פּאַביעדאָי״ באַגלייך מיטן טאַטן...

— אוי, ווי זעט מען זיין שוין, די סאָקאָלן! אפשר פאָרט: ס׳קומען דאָך בריוו... — רייסט זיך אַרויס ביי אים פון דער טיף, און כמורעט בעת מעשה די ברעמען, ס׳זאָל עפּעס נישט אויסקומען: וואַסיוטקין איז אַ באַבע, וואָס זיפּצט. — איין דוניאַשקאַ, וואָס שווייגט. פון פּאַרטיזאַנקע — פּאַניאַטנאָ: וואַרט נישט קיין פּאָסט!... אַ געפינס, דורך מאָסקווע אַ מאָל, אַן אַלט־געבאַקענער גרוס. גלייבן, יאָק גלייבן, אָבער טרייסטן זיך קען מען... — און, נישט צו פאַראומערן די צוויי דאָ, וואָס ס׳פעלן זיי אַליין נישט קיין צרות פון וועגן די איבערגעבליבענע אין דער היים, פּרוווט ער שוין איצטער זיך ווערטלען: — אַ שאָד, פּרומאַכאַ — דו קענסט נישט וואָראָזשען. מען וואָלט באַלד אויסגעפונען עפּעס וואָס וועגן זיי...

— מעגסט זיך פאַרלאָזן, ווען פּרומע זאָל קענען וואָראָזשען, ברענגט זי אונדז אַלע סאָלדאַטן, געזונטע און פרישע — אַהיים פון די פראָנטן!...

— כאַפּט זלמן אונטער אינעם זעלביקן טאָן. און — אָנווייזנדיק אין מיטן

דרינען אויף דער מילך־כוסע: — כיטרע — מיין ווייבל: אַט, וואָס מע כליעפּטשעט! און אונדז פּאָיעט זי מיט „מאָסקאָווסקאַיאַ". — וויל אַפּנים פאַרשנאָשקען...

— זעסט דאָך: אַ מ אַ מ ע... קען נישט לאָזן זיך וווילגיין. — זאָגט יעגאָריטש באַטייטיק. — נישט דאָס, וואָס אַ מאַנצפּאַרשוין: געוואָלט און — געטאָן!...

— גוט, וואָס אימעצער ווייסט כאָטש! — לאַכט פרומקע.

— נו — יאָ. מכוח דער ווייבערשער דאָליע וועל איך מיט אייך זיך ניט שפּאָרן! — גיט זלמן זיך אונטער און גיסט אָן פון ס'ניי די כוסות.

און טימאָפעי יעגאָראָוויטש מאַכט נישט קיין שהיות: ער טרינקט. הייבט פאַר איינס טאַקע דעם כוס פאַר די מ אַ מ ע ס, און וואָס דאָס מיינט פאַר אַזוינע, ווי זלמן־און פרומקע, ווייס צום בעסטן אַ וואָגלער — ווייט פון טאַטע־מאַמעשן קאַנט...

באַלד קומט אויף די ר״י אויף וואַרעמס, וואָס פרומע האָט געהאַלטן ביז איצט אין דוכאָווקע, און פון „גרינעם טיש" נעמט גלייך יאָגן אַ פאַרע: פליטשן געבראָטן חזיר־פלייש, אַ הינדל פון אייגענער האָדאָוואַ־ניע, קאַרטאָפל — געפּרעגלט רוסיש־מעסיק מיט ציבל און סאַלע, און דאָס טעגלעכע ברויט, פאַרשטייט זיך.

— לכבוד אַזאַ סעודה הייסט גאָט אַליין מאַכן אַ שנעפּסל! — מיינט זלמן. ווי אַ „שר־המשקה" איז ער גאָר טיכטיק: גיסט נישט קיין פולע — צו ביסעלעך; און ס'באַקומט זיך אַזוי אַרום מערער טאָסטן.

דיאַדיאַ טימאַ שנעפּסלט, ווי אַ געניטער, פּאָסמאַקעוועט זיך בעת מעשה מיט די מאכלים, און פאַרגעסט נישט דערביי אויך צו לויבן די „כאַזיאַיושקאַ" פון וועגן דעם כיבוד.

— נו, פאַרן אויסבויען פון דאָס ניי די עלעקטראָסטאַנציע, וואָס די מערזאַווצעס האָבן אָקאָרשט צעשטערט!... — ווינטשט ער צו, זלמן.

— יאָ, פאַרן דערפאָלג פון די פרייוויליקע אַרבעטסטעג, וואָס ווערן געשפּענדט טאַקע פאַר דעם געביי! — אַן אויפגעלייגטער — וויקלט וואַסיוטקין פונאַנדער פאָדראַבנע דעם טאָסט. — און, ספּאַסיבאָ אויך פאַר די בעזשענצעס מיטהילף דערביי... אָט האָבן מיר מיט געאייניקטן אָנשטרענג עפּעס וואָס שוין דערגרייכט פאַר דער בויונג, כאָטש ס'בושע־וועט נאָך די מלחמה.

— און — ריכטיק! — כאַפּט פרומע אונטער, מיטן שפּיץ פינגער אַוועק־ווישנדיק פונעם מוילווינקל אַ טראָפּעלע פון דער מילך־מישונג, וואָס זי טרינקט דאָ שטאָט וואָדקאַ. — אַ פאַלק, וואָס האָט זיך איין מאָל דער־שלאָגן צום ליכט פון אָקטיאַבער, וועט קיין שום שונא אויף לאַנג נישט צוריקשטויסן צו „קעראָסינקעס"...

— אוי, אַ קאָפּשטיק: קלוג, ווי דער ליכטיקער טאָג, דיין פרומאַ! — פאַרגייט ער זיך, דיאַדיאַ טימאַ. — כאַטש נעם און קלייב אויס אין ווער־כאָווני סאָוויעט אַזאַ באַבע... דו, זילקאַ — מייך נישט! ביי אונדז — נישט אומזיסט זינגט זיך:

„...מאַלאָדים וויעזדיע או נאַס דאַראָגאַ,
סטאַריקאַם וויעזדיע או נאַס פּאַטשאָט!"...

זלמן שווייגט. שוועבט גראָד נישט אַזוי הויך אין די דאָיקע הימלען, אָבער ס׳ווילט זיך אים פּשוט נישט פאַרשטערן זייביידן די פרייד...

— זעט איר, דיאַדיאַ טימאַ, — לענקט איצט אָפּ דווקא פרומקע — מירן דערוויייל — איך און זילקאַ — מסתמא שוין ווייט ביי אייך נישט דערפאָרן: נישט פון די גאָר יונגע, און אויפן כבוד פון באַיאַרטקייט נאָך לאַנג זיך נישט צו דערוואַרטן...

— נו, דאָס — אין קאַטאָוועסן... — אָפּרייסנדיק זיך איבער געוואַלד פונעם אויסגעליידיקטן טעפּעלע, מורליקעט וואַסיוטקין, ווי אַ קאַץ נאָך אַ גוואַלדאָוונער פאַרציע היימישער סמעטענע. — איינס איז זיכער: קענעוודיקייט — אַ גרויסע זאַך, האָ־האָ, אַ גאָר גרויסע... זילקאַ — אויך אַן אָפענער מוח. נאָר אויף אים, זעסטו, איז ווינציקער חידוש: אַ מאַנצ־פאַרשוין — נישט צוגעבונדן צום פּיעקעליק, ווי אַ באַבע. דו אָבער — פרומאַכאַ: וואַזשנע, גאָר וואַזשנע! אַ סך מסתמא געלערנט אין שקאָלעס...

— געשניידערט, דיאַדיאַ טימאַ, געשניידערט! — מאַכט זי צו נישט זיין השערה. — אַ צוועלפיאָריקע געמוזט גיין שוין צו מענטשן לערנען אַ פאַך און אויך שכל, ווי ס׳זאָגט זיך. הם... שקאָלעס מיינט איר, פעטערל: שקאָלעס קאָסטן גראָב געלט ביי אונדז, און פון וואַנען נעמט אַ קבצן די גרייצערס? איר אַלע דאָ ווייסט נאָך גאָר ווינציק, ווי טייער קאָרן גילט אין אַנדערע לענדער!...

דערלאַנגט אים, פרומאַשקאַ — אַ געזונט אויף איר פּאַטלאַטן קאָפּ!...

— קווענלט ער אין זיך, וואַסיוטקין, נאָר לפנימדיק — פּראַלט ער ווײַטער דעם זעלביקן וועג.

— אָט וואָס... — טוט ער אַ פאַרשאַרץ דעם קאַשקעט, אַזש סע שפּרינגט אַרויס פון באַהעלטעניש זײַן גרויער האָר־טשוב און באַפּלאַ־טערט שקאָציש ביי אים דעם שטערן. — און וועדליג אייערע — קליינמאַן מיט וורשאָניאַקן — דערציילן, קומט אויס: לויטער פּאַנעס ביי אייך דאָרט. נישטאָ אַזוינס, ווי נויט־באַדערפיקייט. דער מינדסטער עסט רענדלעך אונטער דער יויך... היינט גלייב, וואָס מענטשן באַלאַקען!...

— געפונען, ווי אַזוי צו פאַרדריפּען אַ לייטיש וואָרט: מענטשן!...

— מישט זיך אַריין איצטער זלמן. אַזוינע קענען דיר איינרעדן — אויפן הימל אַ יאַריד: גיי, הייסט עס — זיי בודק!...

— און איר, פעטערל, דאַוואַי — שאַרן דאָס מיסטבערגל צו אונ־דזער טיר: סטייטש — „אייערע?!"... — האָט אויך פרומקע אַ טענה. — לאַנדסלייט טאַקע. דאָס שטימט! נישט מער, די פאַראָדע, דיאַדיאַ טימאַ — גאָר אַנדערש. דעם יחוס געהערט דאָך פון זייער אייגענעם מויל: פּאַנעס ביזן טיפסטן געביין... און מיר — וואָס? געהאָרעוועט, געמיט זיך, און קוים געקאָנט פאַרבינדן אַן עק מיט אַן עק... נו, „פּאַנעס"... — חוזקט זי, פרומע. — שטעלט אייך פאָר, דיאַדיאַ טימאַ: אַפילו נישט — דאָס!... זייער מאַכן זיך וויכטיק דערמאָנט מיר אַ מעשה מיט אַ באַקאַנטן אונדזערן. אָ, דער פלעגט נישט קענען פאַרליידן! האָט שוין געוווסט, ווי צו פאַרמאַכן אַזוינע דאָס מויל...

— באַריקן — מיינסטו?... — טרעפט זלמן און סקאַליעט באַ־צייטנס די ציינער: — יענעמס שפּיצלעך — אָהאָ!...

— אַלץ הייסט?! — שטימט זי צו, פרומקע. און צו יעגאָריטשן: — באַריצקי — זיין פולע פאַמיליע, נאָר אויס ליבשאַפט פלעגן מיר דאָס פאַרציען אויף: „באַריק". געוועזן באַנאַנד מיט אונדז אין אוקראַינע. און איצטער — ווער ווייסט?... רויטהאָריק — מיט זומער־שפּרענקעלעך אויפן פּרצוף, אַ ליבער יאַט, און — פּיק קלוג... בטבע אַ גוטמוטיקער דווקא, פלעגט איינס אַרויסבערענגען אים פון די כלים: קוים אַנטרונען פון פּוילן, האָבן געוויסע לייט גלייך גענומען זיך אויספּיינען מיט דעם ניט געשטויגענעם עשירות, וואָס מ'האָט כלומרשט איבערגעלאָזט „אין דער היים".. און ווייסן ווייסט מען דאָך: ווער ס'האָט אין דער אמתן

פאַרמאָגט עפּעס וואָס אין זיין לעבן, פֿראַלט זיך נישט דווקא, און שווייגט...
נעמט זיך אַ מאָל צונויף לעבן אונדז אַזאַ מין קאָמפּאַניע „געהאַטניקעס"
און, דאַוואַי איבערשטייגן איינס ס׳אַנדערע מיט באַרימערייען:

— „ווו נעמט מען בלויז די טואַלעטן, וואָס איך האָב געלאָזן אין
שטוב"... — דערעפֿנט איינע גלאַטצונגיק דעם פּלויש־פּאַראַד. — „באָזשע,
מאָי באָזשע! — מיין דער׳שיינען פֿלעגט דאָך אַלע מאָל וואַרפֿן זיך אין די
אויגן: — אַך, פּאַני יאַמפּאָלסקאַ? וואָס פֿאַר אַ שיק!"...

— „און מיין ביזשוטעריע?" — זעצט פֿאָר באַלד אַ צווייטע. —
„אַלץ מתנות: פֿון אים"... — ווייזט זי ערפּאַרכטיק אָן אויף איר שפּיי־
זער. — „און טאָמער מיינט מען: געשמילץ אפשר?" — ווערט זי אַ בעלן
צו דראַפּען זיך העכער און העכער. — „זעלטענע מייסטער־שטיקער, וואָס
גייען איבער אין זיין משפּחה פֿון דור צו דור"...

— „ווער דערמאָנט שוין אַזוינס, ווי צירונג!"... — זיפֿצט אָפּ פֿאַר־
ליטן אַ דריטע. — „אָבער אַזאַ בילדער־קאָלעקציע ביי אונדז דאָרט...
מיר זענען ביידע קונסט־ליבהאָבער." — באַווייליקט זי אַריינצונעמען
איר לעבנס־באַגלייטער אין דער בכבודיקער שותפֿות. — „איטלעך בילד
— אַ פֿאַרמעגן: טאַק, מאָיאַ פּאַני — טאַק!"...

— „ווען ס׳האַנדלט זיך בלויז וועגן בילדער"... — קען מען אויך
דער נישט פֿאַרגינען. — „נאָר דאָס מעבל אונדזערס. נישט קיין מעבל —
אַנטיקן פֿון דער וועלט! מיין גאָטזעליקער מאַן האָט פּיינט געהאַט שאַכטע־
די־בראַכטע. פֿלעגט טענהן: איך צאָל, און פֿאַרלאַנג!"

אַפֿילו אַ מאַנצביל, וואָס וויל נישט, אַפּנים, אַז בלויז די „דאַמעס"
זאָלן האָבן דאָס וואָרט — לאָזט שוין אויך הערן זיין וואָגיקע שטים:

— „און די טעפּעכער אונדזערע?"... — פֿאַרגייט ער זיך פּלוצעם,
נאָר ס׳פֿעלט אים באַלד אויס דווקא „שטאָף". — „אַ, גוסטאַ: די טעפּע־
כער!"... — בעט ער זיך רחמים ביים ווייבל.

נאָר איידער זיין עטוואָס פֿלעגמאַטישע גוסטאַ באַוויזט אַריינצו־
שטעלן אַ וואָרט — ווי מע פֿאַרשטעלט איר די וועגן: אַ דאַמעלע —
דאַר, ווי אַ שפּאָן, יאַוועט זיך גיך אָפּ מיט לשון:

— „און איכל שוין גאָר כיבע שווייגן: אַזוינע פּאַלייען, ווי מיינע —
לוקסוס! און דאָ — וואַלגער זיך מיט אַלע יאַכנעס צו גלייך!"...

און אַזוי דער גאַנצער ווויל געבוירענער קלאַן.

ביז אונדזער באַריק, וואָס האָט די גאַנצע צייט שווייגנדיק באַטראַכט די „רייכע געזעלשאַפט" — באַריק קען שוין נישט לענגער... טאַרמאַ־שענדיק אייפעריק זיין געקרייזלטע, פלאָם פייערדיקע טשופּרינע — דערגאַנצט ער אינעם זעלביקן טאָן:

— „און, געוואַלד — ווו נעם איך מיין „עלעגאַנטן" קאָפּ האָר?!... פעך שוואַרץ איז דאָס געווען: סמאָלע!"

— אוך, וואַרנישקעס זאָלסטו מיר עסן, פרומאַכאַ!... — און וואַ־סיוטקין, וואָס צייט אַ לענגערער ווײַלע שמייכלט ער שוין גאָר ברייטלעך אַריין אין די שנויצן, נעמט איצט ממש זיך קאַטשען: — אָך, מאַטושקי־מאַ!... נאָר אַצינד איז געענדיקט: יעי באָהו — גענוג פאַר מיינע גערע־רעם, טייוועליוק, וואָס דו ביסט!...

— נו, גוט; גענוג איז גענוג. — דערבאַרעמט זיך פרומקע. — דו לייג אָבער אַכט, זילקאָ, ווי טימאָפעי יעגאָריטש ווייסט עס גענוי — צוצונעמען ביי איינעם דאָס וואָרט אין דער פּאַסיקער רגע!... געזעסן די גאַנצע צייט און געשטיקט אין זיך דאָס געלעכטער: כאַטע, פּאָקרישקע — שאַ! ערשט אַז כ'האָב שוין פאַרענדיקט... באַלד וועט דיאַדיאַ טימאַ לאָזן צונעמען ביי זיך דעם תענוג אויסצוהערן אַ מעשה!... נאָר נישט די מעשה אַליין בין איך אויסן: געוואָלט אויסברייטן אַנטקעגן די צווײ, וואָס מיט זייער „פּאַנסטווע" איז אַקוראַט, ווי מיט אונדזער באַריקס „שוואַרצן" קאָפּ האָר... ווייל פאַראַן אַזוינע, וואָס ווייסן פון דער היים אויס זייער ייחוס: איינער — אַ פּאַסיק־שפּילער, דער אַנדערער — אַ יאַבעדניק. שאַנדער־באַנדער־געזינדל, ווי מ'רופט עס ביי אייך: „שפּאַ־נאַ!"... קלאָר, דיאַדיאַ טימאַ: די נאַציע — נישט זי פאַראייניקט, נישט זי צעשיידט. אָט, וורישאַניאַק טאַקע, דער זעלבער... — אַ יידנפרעסער — צו זוכן זיין גלייכן! אָבער חברן חברט מען זיך דווקא נישט מיט קיין פּאָליאַק: מיט מענדל קליינמאַן שלאָגט מען צוזאמען די קעפּ. און פאַר וואָס? ווייל ביידע — די זעלביקע אורקעס, וואָס זוכן זיך בלאָטע פּרנ־סות, און אין צווייען — פאַרשטייט זיך — איז שטאַרקער. פּשוט: איט־לעכער ציט צו זיין מין, און יידן, צי טערקן, אַלץ איינס... נעמט אויך פאַרקערט — אַזוינע באַלצעראָוויאַקס, למשל, אַ יידישע טערעסאַ זריל, צי נאָך אַנדערע... און איינער — אַן אוקראַאינער דווקא, וואַסיוטקין — איז אייך אויכעט מסתמא נישט פרעמד. — דערגאַנצט זי נאָך מיט אַ

שמייכל. — נישט געפונען אפשר דעם וועג צו אַנאַנדער? אַ נו־קאַ, פּרוּווט שענקט זיי אַלעמען אַוועק, אַ ווראַניאַק!... און ווי די אייגענע טערעסקאַ זריל טאַקע פּלעגט דראַלן אין הונגער־צייטן אַפילו, אַ טאָק ווייץ — מע זאָל זיך חברן מיט אַ קליינמאַן, יעדן זונטיק צוועלף קילאָמעטער געוואָר ווערן מיך אין שפּיטאָל, און קיין מאָל נישט מיט ליידיקע הענט — דאָס ווייסט איר דאָך אויך. דאָס אייגענע — מאַריאַ באַלצעראָוויאַק... אַזוינס פאַר־געסט זיך נישט, ניין! וואָרעם נאָך אַ וואָך אַרבעט איז גאָרנישט קיין קלייניקייט: צו פוס — אַהין און צוריק — אַזאַ געגנגל!... וואָס שייך אָבער אַ קליינמאַן און דאָס גלייכן: אַזוינע „שטאַמברידער" טרעט איך אייך אָפּ פאַר אומזיסט; כ׳מיין, דאָס זעלביקע פון זלמנען צו הערן...

נאָר זלמן, וואָס — איבערהיפּערנדיק קאָנטינענטן און אָקעאַנען, האָט די מחשבה אים גראָד פאַרטראָגן אין אַנדערע ערטער — זלמן האָט פאַרפעלט בעת מעשה אַ היפּשן טייל פונעם שמועס. געשוועבט האָט ער אין די עולמות פון זיין „יידישן צענטער", בעת ס׳האָט דערגרייכט צו זיין אויער פרומעס אומדירעקט צו אים געווענדטע פראַזע. איבערפרעגן איז עפּעס נישט געווען שיקלעך... מסתמא אין אָרדענונג, — האָט ער אויף גיך איבערגעלייגט — אַנדערש וואָלט מען זיך נישט געעדותט מיט אים. און — צוגעשאָקלט פאַרלעגן:

— אַז פרומע זאָגט, ווייסט זי...

— אַמעריקאַ האָסטו מיר דאָ נישט אַנטדעקט, פרומאַ — סערדצע!... מיינסט, ס׳דאָרף ווייסט נישט, מיט וואָס סע שמעקט אַזאַ איינער? — קלערט אויף ענדלעך געלאַסן וואַסיוטקין, און אין דעם וואָרט: „דאָרף" — אַזאַ ברייטקייט און חשיבות, גלייך פאַר אים מיינט דאָס נישט מער און נישט מינער, ווי — וועלט... — יאָ, און ווו האָבן זיי עס געצויגן היינט — סאַמע קאַיאַר — די פאַרשוינען? — דערמאָנט ער זיך פּלוצעם. דער הונט האָט משוגענערווייז גענומען זיך רייסן ביי אונדז דעם גאָרגל, נאָר צו צעפּליקן די קייט: טראַווקינאַס „סיערקאַ", איר ווייסט דאָך — דערשנאַפּט איינעם פון ווי ווייט... ערשט — כ׳כאַפּ אַ בליק דורכן פענצטער: זיי טאַקע, די זעלביקע. אויסגעפּראַנטעוועטע — הייבן די לעפל. און ווייסן ווייסט מען: אַבי די צוויי גיבן זיך אַ ריר, וועט שוין ביי אַן אָרנטלעכן מענטשן נישט אַריינקומען די ברכה. אָבער אַצינד גראָד?... די תבואה־טאָקן — נאָך ליידיק, נישטאָ וואָס צו שלעפּן; איז וווהין טראָגט עס זיי, די בעזדיעלניקעס?...

— אין ראַיאָן כיבע... — זאָגט זלמן און דערזאָגט נישט.
און פרומע הייבט בלויז צאָרנדיק די ברעמען.
נאָר וואַסיוטקין דערטראַכט זיך אויף אָן זיי:

— פאַניאַטנאָ... — וואָרטשעט ער. — מ׳דאַרף פאַרשאַכערן באַצייטנס דעם קינפּטיקן שניט: באַזאָרגן זיך מיט אַן אָפּנעמערל, אַן אָרטיקן אַזוי־נעם, צום רומל. און — פאַרטיק דער „הייליקע־טראָיצאַ״־קאָמפּלעט!... איר מיינט, ליבינקע — אַנדערע פעלקער האָבן אַ פּאַטענט אויף קאַנאַ־ליעס? — לאַכט ער סאַרקאַסטיש. — אַ נו־קאַ, פּרוווט אַ נישטער טאָן, וועט איר נאָך ביי אונדז אויך געפינען גענוג פון דעם מין. נישט מער — אַנדערש ווי איז דווקא אַזוינס „אויפן פערד״, בעת ביי אונדז... נאָר גאָרנישט: וואָס שייך אַ קליינמאַן, אַ וורואָניאַק, קוקט מען שוין גראָד דורך די פינגער. ווי לאַנג דאָס וועט בכלל נאָך טאָפּטשען די קאַווקאַזער מאַטושקאַ־ערד! ווועלן באַקומען זייער ערלעך אויסקומעניש אין דער היים שוין, אין פוילן...

— גוט כאָטש, וואָס אינעם איצטיקן פוילן וועט מען אַזוינע נישט פּעסטען!... — באַמערקט פרומע גלייביק, און אינעם פּלוצעם שטרענג געוואָרענעם טאָן — אַ שטאָלצע, אַ הייטערע נאָטקע.

און זלמן זאָגט גאָרנישט. אַ שאָד אים דווקא, וואָס אַזאַ מין אַרבעט, צו גלייך מיט נאָך אַנדערע, גאָר נייטיקע און פּאָזיטיווע, וועט שוין דאָרטן געמאַכט ווערן אָן אים, דעם זון פון בערל לאַטוטניק... אָך, וויפל מי דאַרף נאָך קאָסטן, ביזקל מ׳וועט אין זיין יידישן היימלאַנד שטיין פּאַר אַזוינע פּראָבלעמען? און ליידער אויך — בלוט נאָך און טרערן גענוג! אַ יש מאין כמעט נאָך. פאַרשטייט זיך — שווער! און די עבודה פון אַ זלמן בן בעריש וועט זיין, דערוויילע: טריקענען זומפּן מסתמא, צי בויען ישובים אויף פאַרוואָרלאָזטער, וויסט געוואָרענער ערד. און אפשר — טראָגן לאַד־משאות אין פּאָרט? און טאָמער — באַשיצן זיך גאָר פון שונאים?...

אמת, ערשט נישט לאַנג צוריק זענען אָנגעקומען בריוו פון באַקאַנטע. מע שרייבט פון דאָרטן:

„...מיט די אַראַבער איז אונדז היינט צו טאָג דווקא גוט: מיר לעבן, ווי ברידער. אין די אָוונטן שעכט מען לויט זייער מנהג אַ שעפּס און ס׳ווערט געפּייערט אַזאַ מין שלום־מסיבה, וואָס מען רופט דאָס אָן: „סולחה״.

אַבי די ענגלענדער זענען פאַרטאָן לעת עתה מיט זיך און האָבן גראָד בילכערע דאגות, ווי אָנרייצן אויף אונדז די קוזינען!״...

פאַרשטייט זיך — דאָס אייביקע העצן... — זיפּצט זלמן און די טראַכטענישן לויפן ווייטער ביי אים זייער וועג. — ווען נישט די „פאַר־זאָרגערס״, וואָלט מען שוין אפשר געפונען אַ בשותפותע שפּראַך מיט די שכנים. נאָר ביי אַזאַ מצב...

שלום מיט די שכנים — דאָס סאַמאָראָדנע וויכטיקע פאַר אונדז דאָרט, דאָס ערשטע! — פאַרזינקט ער אַלץ טיפער אין די רעיונות. — אָן דעם איז פּשוט קיין לייטישער קיום נישט מעגלעך פאַר קיינעם. אלא וואָס? מ׳לאָזט נישט, מען העצט... איז דאָך ערשט רעכט נייטיק — די אמתע גאולה במהרה בימינו!...

און ווער ווייסט ווי ווייט די געדאַנקען וואָלטן אים נאָך פאַרטראָגן ביים „בויען״ זיין היימלאַנד?... אַ רגע, און ער, זלמן בן דוב, וואָלט שוין געהאַט אויפגעשטעלט באַריקאַדן — דאָרט, אינעם לאַנד, „ווו די צעדער״...

נאָר אָט שטייען ווידער די כוסות פאַרגרייטע, און פרומקע איז דאָס מאָל די ערשטע צו הייבן איר טעפּעלע „מילכפּונטש״ פאַר די סאָוועטישע פרויען, וואָס „זייערס גייט געגנוג איבער פון וועגן דעם זיג״...

— אַזאַ טאָסט — מיינט זלמן — איז אַ סגולה צו הייבן אין איטלעכן היימלאַנד, און אסור, צי עמעצער וואָלט געדאַרפט זיך פילן פון דעם געטראָפן אין זיין „פינטעלע נאַציע!״

— באַ!... — פּאַטאַקעוועט דיאַדיאַ וואַסיוטקין און, אָפּפילנדיק נאָך אַ מאָל דעם בראַנפן־טעם אויף די ליפּן: — הם... נישט קיין נאַריש געטרענקל. — נעמט ער פון ס׳ניי זיך צעגאַרטלען. — כ׳וואָלט מיינען: „מאַסקאָווסקאַיאַ״, צי „בוריקעס־ראָסל״, אַבי וואָדקאַ — וואָס איז דער מער?... — און, אַ קלאַפּ טוענדיק זיך מיט אַלע פינף פינגער אין שטערן:

— קומט אויס, קרויטקאָפּ איינער, אַ וועלט איז פאָרט נישט משוגע!

— נו — לאַכט זיך פרומקע פונאַנדער. — פאַר אַזוינע פּיאַניצעס, ווי איך, איז אַפילו שאַמפּאַניער אַליין — פון די קנאַפּע מציאות. סאַמאָגאָן אָבער, שוין טאָקע גאָר אַ פּאַסקודסטווע: בררר!...

— וואָס אַזאַ ניכטערע באַשעפעניש, ווי דו, קען שוין פאַרשטיין אין אַזוינע ענינים! — מאַכט זלמן צו נישט איר אַריינמיש. — עפּעס אַנדערש, דיאַדיאַ טימאַ, מירביידע — אַ?...

— ווי דען!... — האַלט יענער איצטער מיט זאַלקען. — און וואָס שייך דער „פּאַסקודסטווע״... זיי מוחל, חברל — פּרומקאַ, אָבער דאָס מאָל האָסטו אַ האָר נישט באַקלערט דיינע רייד. אַזאַ חכמהלע, ווי דו, דאַרף דאָך וויסן, אַז נישט אַזוי וויל מיטן זעלביקן סאַמאָהאָן טאַקע, ווי שלעכט ס׳איז אָן אים. אומזיסט, מיינסטו, זאָגט זיך: „אויב ס׳פעלן אויס קאַרפּן, איז הערינג אויך פיש?״... דו זאָג אַליין, פּרומאָטשקאַ־סערדצע, וואָסער פּנים קען האָבן אַ יום־טוב אָן אַ טשאַרקע! נו, זעסט שוין... אמת, אַליין דאָס טרינקען — נישט שטענדיק אויפן זעלבן „פּאַסאָן״... פריער, אַ שטייגער, געדענק איך, ביים צאַרס אייבערשאַפט, אַז מע פלעגט אויסטרינקען, איז דער סוף אַלע מאָל געווען מאַרנע: אָנגעבויקערט די ביינער דעם ווייב, צי אַ פרעמדן, אָדער, אין בעסטן פאַל, צעבראָכן אַ פּאָר כלים אין שטוב. געוואָלט, הייסט עס, פאַרטרינקען די צרות, און שיכורערהייט אַ נייע צרה גענומען זיך גאָר אויפן קאָפּ... נאָר נאָך דעם „אָקטיאַבער״ אונדזערן — אַליין דאָס טרינקען אַן אַנדערס. איכל נישט זאָגן: באַלד נאָך דער איבערקערעניש זענען אַלע פּלוצעם געוואָרן מלאכים. דאָס — ניין! אָבער פּאַר בויאַנעווען גייט מען אונטערן ריגל און שכרות איז נישט מער קיין פאַרענטפער, אָט וואָס!... אַחוץ דעם: דאָס לעבן, טייערע — אַן אַנדערס, טאָ פאַר וואָס זשע זאָל אויך דאָס טרינקען נישט האָבן קיין אַנדערן קוק? מע טרינקט — אויס ליבשאַפט צו ווייב־און קינדער, אויס פריינדשאַפט צום שכן, צום היימישן גאַסט, און אַז ס׳קומט אויס, זעט איר דאָך, איז אַ ביעזשענעץ ביי אונדז אויכעט נישט פרעמד; מע „שוואַכט״ אויס גליקלעכקייט צו לעבן אין אַזאַ ווייט און ברייט לאַנד, ווו אַזוי פיל פעלקער לעבן ענדלעך בשלום... און נישט זעלטן האָט אונדזער טרינקען אויך דעם באַטייט פון אָפּפייערן אַ נייעם נצחון; אַ מין סאַלוט פּשוט פּאַר אונדזערע קעמפער — עלעהיי וואָלט מען עס בלויז נישט געדאַרפט!... איטלעך מאָל, ווען ס׳קומט אויס צו נעמען אַ קווערטל, ווי בוימל אויפן וואַסער, שווימט ער אַרויף, דער פאַרגלייך: אַ זיסע וואַרעמקייט אין די געדערעם, אַ מין פליען אין הימל אַריין?

דאָס — יאָ! נאָר דער חשק צו בושעווען, סתם מאַכן שאָדוינעס — ניין, נישט אַ האָר! פאַרקערט. עפּעס זעסטו גאָר זאַכן נאָך בולטער, קלאָרער, עפּעס ווערן די׳ר מענטשן נאָך ליבער און נענטער, — איינגעבאַקן ממש אין האַרצן...

דאָ מאַכט ער פּלוצעם אַ פּויזע, וואַסיוטקין. שפּאַנט אָן גזלעוואָיסקע די ברעמען:

— נאָר זאָל אייך אַ מאָל נישט איינפאַלן: איר מיינט אפשר, ווי באַלד אונטערן גלעזל... אַלץ איינס — נישט וועגן אייך דאָ די רייד! ווי קען מען גאָר ליב האָבן אַזוינע? אוך, פיינט האָב איך טאַקע, כ׳וואָלט אייך גע־פרעסן אָן גאָפּלען — מיט ציינער מיט הוילע!...

— אַ בער, דיאַדיאַ טימאַ: אוי, סאַראַ סטראַשנער, מ׳קען שטאַרבן פון מורא!... — נעמט פרומקע אַרום דעם ברולע, דעם סטראַשנעם און גורעט זיך איין מיטן פּנים אין זיין שאַרסטקער, אָפּגעצויגענער מאָרדע.

— כ־כ־כאַפּ!!! — פאַרמעסט ער זיך צו פאַרשטשעמען דעם שפּיץ פון איר פאַרריסענער נאָז אין די ציינער. — נעם זי צו, זילקאַ! — וואָרנט ער. — אַ בער איז אַ בער, איך קאָוויר נישט; טאָמער צאַפּלט זי צו פיל אַרום, בלייבט זי באַלד ביי מיר אָן אַ קורנאָס!...

— ווער ס׳האָט שוין מורא פאַר אַזוינע אַלטינקע ציינער!... — רייצט זיך פרומע און אַנטלויפט פון דעסטוועגן צו זלמנען. און דער שפּרייט אַנטקעגן דעם אָרעם, נאָר דראָעט דערביי מיט אַ פינגער:

— נו, זאָלסט נישט מיינען: אַלט, אָבער — אייזן!...

— — — אַ שאַ!... — מיט אַ וועש־שטיקל — פון די פאַרלאַטעטע, צעפּאָכעט פרומע זיך פּלוצעם איבער צוויי הינער, פריש צוגעקומענע צו איר סטאַדע, וואָס אין איינעם ציילט זי שוין איצטער פופצן באַפּע־דערטע שטיק. נאָך נישט איינגעלעבט, קאָנטיק, אין פרעמדן געזינדל — האָט דאָס „פּאָרל״, אַן אָפּגעזונדערטס, זיך דווקא פאַרקליבן אַהער. מע פלייסט זיך צו כאַפּן אַ בראָקן און מע קודאַכטשעט, אויף וואָס די וועלט שטייט... און פרומע האָט זייער נישט האָלט, מ׳זאָל איר אויפוועקן מיט גוואַלדן דאָס קינד.

— געזען — אומפאַרשעמטע?... — נעמט זי טרייבן די זלידניעס. — מ׳וואָלט געקענט מיינען, דאָס געפינט זיך נישט אין אַ תבואה־סאָווכאָז און זעט נישט אָן גאָר קיין זיערנע...

נאָר באַלד איז איר עפּעס געוואָרן פריקרע פאַר די קודאַכוניעס. פריש אַרויסגעריסן, נעבעך, פון דער היימישער גזשענדע... — האָט זי אַ טראַכט געטאָן, און אויפגעהערט טרייבן... אַריין אין שטוב און, אומקערנ־

דיק זיך מיט אַ ליימענער שיסל, פול געמאָלענער קוקורוזע — פאַרנאַדיעט די עופות פאַזע דעם הייזל, אין סטעפּ.

...„אי ביערעג ראָדנאַי צעלויעט וואָלנאַ"

— האָט זיך דערטראָגן אַהער צו, נישט פונעם קלוב דווקא, נייערט גראָד פון אַ כאַטע — און פרומקען איז געוואָרן אי גוט פון דעם ליד, אי טרויע־ריק. גלייך די „כוואַליע" זאָל קושן איר אייגענעם היימברעג...

מאָדנע, ווי אַל דאָס דאָיקע פירט מיט אויסטערליש אומבאַגרייפלעכע וועגן אַ ה י ן צ ו... אַן אומגעלומפּערטער „וויאָ!" פון אַ לאַנדסמאַן בעתן אונטערטרייבן אין קאַווקאַז דאָ אַן אָקס גאָר — ברענגט צו טראָגן דעם אָפּהילך פון היימישע פערדמערק; אַ פּענעץ ברויט דערמאָנט אַזוי דייט־לעך, ווי אָפט זי איז אַריינגעפאַלן אין שטוב אַ צעיאַכמערטע און, טויט הונגעריק פון אַרומהאָוועןן אין לופּטיקן דרויסן, פלעגט זי ביים טיר שוין מאָנען אַן „אָקולעק" ברויט ביי דער מאַמען, און נאָך נישט פאַרשטאַנען, הלמאי דאַרף מען עס זיפצן, בעת מ'שניידט אָפּ אַ מוציא...

אַן אַנדער מאָל, בלויז דער סמאָלינע־ריח פון אַ בוריאַן־שייטער, וואָס אַ וואַנדראָווניק האָט געצונדן אין סטעפּ די וועלף צו פאַרטרייבן, און ווי־דער — אַ פאַרטרוילעכער ווינקל פונעם אומפאַרשווינדלעכן היימבילד: נאַכט־עסקאָפּאַדעס מיט פאַסטעכער, מיט בראָטן קאַרטאָפליעס אין פייער, וואָס אין דער היים וואָלט אַזוינס זעלטן ווען אָפּגעגאַנגען איר גלאַטיק, ווען נישט אַ יינגערע שוועסטערל — זיסל, וואָלט געשטאַנען גרייט טאַקע אונטערצושטעלן אַ פלייצע...

אָפילו אַ „פּשאַ־קרעוו" האָט געהאַט איצט פאַר פרומקען זיין טעם און ריח און עלול געווען אַרויסצורופן אינעם געדעכעניש איבערלעבונ־גען, בילדער...

נישט איין מאָל פרעגט ביי זיך פרומקע: וואָס מיינט דאָס אייגנטלעך — פאָטערלאַנד? היימלאַנד?...

אפשר — טאַטע־מאַמעס הייזקע אין אַ זייטיקן ליקל?... די גאַס, ווו זי האָט אין שבת־נאָכמיטאָגן, אין פאַרנאַכטן, שפּאַצירט מיט חברטעס העט, ביזן בריקל? די הרעבליע, וואָס קריעס פלעגן פרילינג־צייט אָפּט מאָל צעשטערן און אַ האַלב שטעטל האָט געמוזט שלעפּן די בעבעכעס פון די פאַרגאָסענע שטיבער?...

קען זיין, אויך דאָס לאָפּוך־געבלעטער, וואָס באָבע האָדל האָט נאַרייעט צו קאָפּ־ווייטאָג?... עמעצנס אַרבעס־שויטןביים וועגראַנד, וואָס מ'קען זיי גאָרנישט פאַרבייגיין אָן צו כאַפּן אַ נאַש? די קאַרטאָפליעס, וואָס מע פלעגט אַרויסכאַפּן פונעם פייער האַלב רויע און לעקן פון זיי די פינגער?...

דערצו יענע כאַבער־קרענץ נאָך — געפלאָכטן ערגעץ ווו אין אַ מעזשע און די קי אויך מסתמא, וואָס פלעגן נישט פאַרפּאַסן אַ מינדסטע געלעגנהייט אויף צו פאַרקריכן אין שאָדן...

נישט אַנדערש, נאָר אויך דאָס דאַכשטיבל אירס אין דער גרויס־שטאָט? און דער קאָשטשושקאָ־דענקמאָל אַוודאי, וואָס האָט אַזוי שיין זיך געהויבן סאָמע אין מיטן אַ פּלאַץ אין דער זעלביקער היימשטאָט, און וואָס סע גרוילט אַזוי צו דערמאָנען, ווי די דייטשע „קולטור־טרעגער" האָבן עס קורץ נאָך זייער אַריינפּראַלן באַפוילן — מיט דינאַמיט אויפצורייסן דעם קאָלאָס...

קומט אויס, אַפילו דער „וויאָ!" און „אָקולעק" איז — היימלאַנד? און „פשאַ־קרעוו" גאָר — אויך? קאָמיש... — האָט זי געשטוינט. און וואַרעמע כוואַליעס פלעגן איטלעך מאָל פון דאָס ניי אַ שפּאַר טאָן צום האַרצן: עך, היימעלע — היים!...

די הינער קודאַכטשען און פּיקן פון שיסל די קערנער און אין איר, אין פרומקען, טוט עפּעס באַנייס זיך אַ צאַפּל, און ווידער אַ מאָל אַ הייב און אַ פאַרטראַג — אַהין צו...

און ווי וועט דאָס זיין, אַז די באַן וועט שוין קייקלען די רעדער אויפן פּ ו י ל י ש ן ערדגרונט? און וואָס וועט מען אָנטרעפן דאָרטן?...

צו ערשט, פאַרשטייט זיך — רוינען. קופּעס בראָכוואַרג וועלן שטעכן די אויגן. נאָר אַפילו — פאַרוויסטע, זענען עס דאָך ה י י מ י ש ע ערטער, און לויטן האַרצצאַפּל וועט מען זיי זיכער דערקאָנען...

שפּעטער — באַגעגענישן. זעלטענע, קאַרגע... ווו נישט ווו — איין נישט דערברענטער משפּחה־שפּליטער, אַן איינציקער שכן, אַ פריינד... און — דער אַש פון טיף פאַרוואַרצלטע, ברייט פאַרצווייגטע יידן־שטאַמען גאַנצע, וואָס דעם רוצחס בראַנד האָט פאַרטיליקט אָן איבערבלייב און אויף אייביק...

נאָר דאָס עופהלע האָט איטלעך מאָל פון דאָס ניי געמאָנט ביי דער מאַמען באַזינונג און אירעט וועגן האָט פרומע ווידער אַ מאָל מיט אַלע כוחות געמיט זיך איינצונעמען דעם ווייטיק.

— — — פאַרטיק מיט די קודאַכוניעס!... — האָט זי צו וויסן געטאָן און, אַוועקשטעלנדיק אין אַ זייט די ליידיקע שיסל, אָפּגעטרייסלט פון קערנערשטויב די פינגער.

נאָר זלמן מיט וואַסיוטקינען זענען פאַר דער אָ צייט אַזוי פאַרקראָכן דערווײַלע אין שמועס, כאָטש נעם און שיס איצט צו ביידן. און די מאכלים אויפן „גרינעם טיש" וואַרטן אומזיסט אויף אַ תיקון...

— אין אַ שיינער קאָמפּאַניע בין איך אַריינגעפאַלן. מע רעדט דאָך מער, ווי מע טרינקט דאָ!... — זאָגט זי, פאַר איין וועגס טאַקע אַ צי טוענדיק זיך נאָך די כוסות. — נו, טייערע, מע האָט שוין געהויבן פאַרשיידענע טאָסטן, נאָר דורכגעלאָזט איינעם, פאַר מיר און פאַר זילקאָן זייער אַ וואַזשנעם...

— נעמסט מיר אַרויס די ווערטער פון מויל! — שלאָגט איבער זלמן. — די גאַנצע צייט טראַכט איך וועגן זעלביקן און האַלט זיך איין פון דעסטוועגן: ניין, זאָג איך זיך — כאַפּ נישט! ד ע ר טאָסט מוז קומען פון דיאַדיאַ וואַסיוטקין. נאָר וואַרט היינט, וואַרט מאָרגן...

— מע פאַרגיט רעטעניש צו טרעפן?... — איז יענער פאַרלעגן און, אָנשפּאַנענדיק אויף זיין שטייגער די פּוטשקעלעך ברעמען, פלייסט ער זיך צו דערטראַכטן. נאָר באַלד לאָזט ער דאָס לויפן:

— נו, ציט שוין נישט, דיאַוואָלעס — זאָגט!

און פרומע לאָזט אַרויס די קאַץ פונעם זעקל:

— נו, און פאַר אונדזער אומקערן זיך אַהיים, צי שטייט אייך נישט אָן צו טרינקען — אַ, דיאַדיאַ טימאַ?... — פרעגט זי און זשמורעט די אויגן; גלייך אַליין פונעם וואָרט „אַהיים צו" שלאָגט איר אַ זון אַנטקעגן...

דאָ האָט וואַסיוטקין פאַרלוירן דאָס לשון: אָט, צו וואָס זיי שטרעבן — אומ'דאַנקבאַרע!... — און דורך די פאַרפרעסטע לעפצן, בפירוש ווידערווילִיק — בלויז אַ סטאָיש־פאַרליטענער:

— מ־דאַאַ...

— קוק אָן אַ מראה!... — לאַכט זלמן. — דערהערט אַ וואָרט און פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ סטויפּ זאַלץ. — וואָסי, ועסט נישט אַרויסלאָזן?...

— אידי טי ק'טשאָרטו! אַ זאַך אַן ערנסטע, און דער — מיט וויצן... דו לאָז כאָטש צעקייען!

— צו קייען פעלט אונדז דערוויל נישט: דער סאָווכאָז אייערער — שוין נישט ביים דייטש אין די לאַפּעס, די אָטריאַדן, די רויטע, צו דאַנקען... איז לאָזט אָפּ, טימאָפּעי יעגאָראָוויטש, די וואָנצע! — זאָגט פרומע גע־לאַסן, בעת פריילעכע פלעמלעך בלינצלען ביי איר אין די אויגן. — און באמת. וואָס איז בכלל דאָ דער מער?...

נאָר די מראה ביים קאָוואַל וואַסיוטקין פון רגע צו רגע אַלץ פינצ־טערער, בייזער: ווי באַלד פרומאַ נעמט שוין אויך אויף דער העצקע...

— מע מאַכט זיך גאָר תמעוואַטע, מע פרעגט נאָך... — דערלאַנגט ער אַ וואָרטש.

ווערט שוין אויך פרומען מאַרקאָטנע:

— אַז איך באַנעם נישט, פאַר וואָר!... נישט געוווּסט, דיאַדיאַ טימאַ: פריער, שפּעטער — קומען וועט זי, די צייט?...

איצט זעט ער איין: מיט אַן אמת, מע פאַרשטייט נישט אַ האָר! מיינען טאַקע — ביים בלויזן געדאַנק, אַז מ׳וועט דאַרפן זיך שיידן, וואָרט ער נישט ביז צום געזעגענען, נאָר פאַרגייט זיך שוין איצטער, ווי אַ בערעזענע בערוועגע? איז, זאָגט ער — נישט דאָס!...

— נאַ, אַצינד דאַרפן מיר טרעפן. נעמט נקמה, דער שוט!

— איכל נישט ציען, טשאָרטעס, ווי איר! — וואַרפט יענער זיי צו אַ גזלנישן בליק. — נישט איינגעפאַלן פשוט ביז אויפן היינטיקן טאָג, אַז אַזוינע ווילע פאַרשוינען, וואָס האָבן יאָ דערגרונטעוועט דעם זין פון אַזאַ הימלאַנד, ווי אונדזערס, זאָלן קענען גאָר פּועלן ביי זיך: קומט אַ געלעגנ־הייט, איז אַ הייב די פליגלען און היידאַ, ווי גענדז ווילדע — געוויזן דעם עק!... נעכייבי „וואָראָניאַק עט קליינמאַן". אָבער איר?!... אַחוץ דעם נאָך: וואָס איז דאָס רייסעניש צוריק אין דעם פּוילן, פרעג איך? צו די רואינען און...

אויפן שפּיץ צונג איז אים געלעגן דאָס וואָרט: „קברים", נאָר זלמן האָט אים, פון אונטער פרומעס אַקסל אַפּער, געטאָן אַזאַ מעסט־אָפּ מיטן בליק, אַז יעגאָריטש האָט שוין פאַרשטאַנען: פון וועגן פרומקאַ, דער מאַמע און זייגערין — מוז ער וועגן־מעסטן די רייד. — און בכלל... — טוט ער באַלד דערויף אַ פאַרדריי קונציק דעם דישל: — איינגעאָטעמט אַל דאָס פרישע און פרייע ביי אונדז דאָ, ווי וועט איר קאָנען איצט אַנדערש, האַ? — אמת, נישט דאָס פּוילן פון פריער, אָבער ביזקל וואַנען

מ׳וועט דאָרט אַרויסקריכן ענדגילטיק פונעם אַלטינקן זומפּ... — נעמט ער טאָלקעווען. דאָס קול — אַלץ ווייכער ביי אים און מילדער, און בלויז די אויגן קוקן נאָך כמאַרנע פון אונטער די ברעמען: — טייערע מיינע, געבליבן נאָך אַ וועלכע פּאָר יידנפּרעסער אין יענע היים, אָדער נישט? איר מיינט טאַקע, ס׳איז מעגלעך אַזוי, פּאַר איין מאָל אָפּצוהאַקן אַלע זיבן קעפּ ביי דער שלאַנג?... אַוודאי וועט מען זיך ספּראַווען. איר מעגט זיך פאַרלאָזן! אָבער ביז וואַנען וואָס ווען?... — איז טימאָפעי יעגאָריטש גרייט צו פרעגן אַזוי אָן אַ סוף; נאָר פּרוווט מען אים אָפּענטפערן, איז ער גאָרנישט קיין בעלן לאָזן עמעצן אַריינשטעלן אַ וואָרט. — און מיר איז פשוט אַ שאָד. נישט שוין זשע — נאָך דעם, ווי איר זענט אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון אַזאַ מבול...

נאָר דאָ האָט דער „אוצר" געעפנט די אויגן, און די ערשטע צו פאַרנעמען אַזוינס איז, פאַרשטייט זיך — די מאַמע...

— אַ־אַ־אַ — זיך אויסגעשלאָפן! — פּאָרעט זי זיך באַלד ביי דער קליינער. — און „פישעלעך געכאַפּט" האָט מען אויכעט? אוודאי, ווי אַזוי זשע נישט כאַפּן? ביי דער מאַמען די אָרעמס געשפּרייטע — וועט פאַר־דעקן די חרפה... אָט וועט מען אַ לויף טאָן אין שטוב זיך פאַרריכטן, און היידאַ אין קלוב טאַנצן!... דעם דיעדושקאַ, זעסטו, איז אויך שוין נמאס געוואָרן דאָס וואַרטן. אָך, און אַ בייזער איז ער ביי אונדז, פריידעלע, אַ שרעק, סאַראַ בייזער: לאָזט נישט אַהיים צו דער באָבעשי. וויל נישט — בשום אופן... — שטשעבעטשעט פרומקע, בעת אינעווייניק בויערט עס, דויבעט: „ווו, פריידעלע, האָבן אַזוינע, ווי מיר, באָבעס און זיידעס? יתומים — אַלע אונדזערע דערוואַקסענע דאָ, אָן טאַטעס גאָר און אָן מאַ־מעס מסתמא: יתומים!"...

מיטן קינד אין די אָרעמס, פאַרבייגייענדיק — בייגט זי זיך אָן איצט צום אַלטן.

— אָט וואָס מען טוט צו אַזאַ דיעדושקאַ!... — זאָגט זי — און אַ פּוכקע בינטעלע פינגער, געפירט פון דער מאַמען, כוואַשטשעט אים לייכט אין די סקולעס.

דער „בייזער דיעדושקאַ" פאַרכאַפּט דאָס פּיטשעמאָנטשיקל לאַפּקעלע, פאַרהאַלט עס אין זיין קאָוואַלסקער דלאָניע און ציט־צו צו זיך מאַמע און טאָכטער.

— אָט, וואָס מ׳טוט צו אַזוינע צוויי חוצפּהניצעס!... — זאָגט ער און קושט אָפּ אויף גיך די „צוויי דורות״.

— גאָט איז מיט אייך, דיאַדיאַ טימאַ: אַ „געבונדענער״ גייט איר אַרויסצאָלן רעשטע? ווען נישט ס׳קינד אויף דער האַנט... און דער קוועלט נאָך! — ווייזט זי אָן מיט אַ קאָפּווּנק אויף זאַלקען. — זעט, מ׳איז געפּאַנ־גען ביי אַ בייזן קאָשטשיי, און...

און זלמן לאָזט מיט אַן אמת זיך ווילגיין. זיצט און כיכיקעט — האָט נישט בדעה צו העלפן.

— געקראָכן אין שאָדן — זאָגט ער — באַצאָל!...

זעט שוין פּרומקע: נישטאָ קיין פאַרבינדעטע; אַליין מוז מען אויס־קויפן זיך פונעם פּלען.

— נו, דיאַדיאַ טימאָשקאַ... נו, גוט שוין, איכל נישט מערער... — און, גלעטנדיק מיט די ליפּן פריידעלעס בעקל: — דער דיעדושקאַ ביי אונדז — אַ ליבער, אַ ווילער. אַ מלאך מיט הערנער!... — לאַשטשעט זי זיך צום אַלטן.

נאָר ווער ווייסט, צי דאָס וואָלט געהאָט די ריכטיקע פּעולה,, ווען נישט טאַקע פריידעלע: די קליינע פאַרשטייט נישט קיין חכמות — נעמט באַלד קייקלען דריבנינקע טרערן...

אַנטקעגן וואָס וואַסיוטקין קען פון שטענדיק אָן אַמווינציקסטן ביי־שטיין, דאָס זענען ווייבערשע טרערן... און טאָמער ליגט נאָך אַזאַ ווינערקע אין די וויקעלעך, איז לגמרי אויס מיטן מאַנצבילשן שטעל!

— דיר צו ליב, זעלמאַנאָוונאַ פרידאַ. נאַ, ווייס דאָס איידעלע האַרץ פון אַ זיידן! — זאָגט ער און לאָזט לויז דעם אָרעם.

— דער אמתער מלאך, נישטאָ נאָך אַזאַ איינער! און גוט, וואָס — נישטאָ... — פּיכטיעט פּרומע, אַנטלויפנדיק מיטן „אוצר״ אין שטוב.

און זלמן כאָכאָטשעט:

— קאָפּוט, טימאָפעי יעגאָראָוויטש — קאַאַ־פּוט! איר זעט — אַ מין! קיין געוווּנענע וועלן מיר שוין פון זיי נישט אַרויס... נאָר מירן מסתמא ווידער אַ מאָל איבערכאַפּן — צו לינדערן דעם שמאַרץ...

— איבערכאַפּן, איז — איבערכאַפּן. — באַוויליקט וואַסיוטקין.

אויסגעטרונקען, אונטערגעלענט ס׳האַרץ מיטן נאָך וואַרעמלעכן צובייס — ציט ער אַרויס פון קעשענע די יום־טובדיקע פּאַטשיילקע.

— נו, געגוג אונדז דערוויילע, מע וויל דאָך כיבע נישט פּלאַצן... — באַשליסט ער; און מיטן נאָזטיכל — באַלעבאַטיש־מעסיק — אַ וויש די גאָמבע. — נאָר דער שמועס ביי אונדז, זעלמאַן באָריסאָוויטש, נישט קיין פּאַרענדיקטער. און איך האָב נישט גערן אַזוי: אַריינגעשרויפּט אַ גווינט און געוואָרפן די אַרבעט. ביי מיר: געשטעלט אַ פּוס, איז געגאַנגען!... נו, האָב איך געזאָגט — וועגן ייִדנפּרעסער, וואָס נאָך פּאַראַנען אין פּוילן. און אויסן בין איך: ווי לאַנג איין משוגענער הונט טליקעט זיך אַרום אַן אַ מוילקאָרב, צו וואָס, ליבינקע — איינשטעלן די ליטקעס?... — האָט ער געטענהט, און — מאָדנע. דער טאָן — ווידער אַן ערנסטער, שטרענ־גער, נאָר די אויגן, וואָס האָבן ביי אים אַ טבע צו שפּילן אַ ברוגז־טאַנץ — דווקא די אויגן זענען איצט געווען ווייך, ווי אַ האָניק־טייגל און ס׳איז זיי מער נישט געגאַנגען אין לעבן אַריינצופירן די וועלט אין אַ טעות. — איך מיין דאָך נישט, סתם איך צו שרעקן... — האָט ער ווייטער געצויגן. — ס׳הייסט אויך נישט — ס׳מוז געשען, ווילדע הינט זאָלן ס׳שעפּעלע דווקא צערייסן. ס׳זאָל נישט — צום טייוול!... אָבער ס׳קאָן געשען? סע קאָן! זאָגט מיין פּשוטער שכל... אויך, און פּאַרטערפּנעט געוואָרן — זאַראַזאַ! — האָט ער אויסגעזידלט זיך ראַפּטעם און, רייבנדיק דעם פּוס, דעם פּאַרשטאַרטן, זיך איינגעמאָסטעט באַקוועמער מיט דער פּלייצע צום מויער צו.

נאָר כאָטש דאָס אַריינמישן זיך פון דעם שלאָפן פּוס האָט ווידער אַראָפּגעפירט פון וועג אויף אַ ווײַלע, האָט ער אָבער אַלץ נישט אָפּגעלאָזן, וואַסיוטקין:

— מע וויגט זיך איין מיט אַ לידל: דאָרט — געבוירן, דערצויגן. מעגסט מיר גלייבן, זילקאַ, נישט דאָס איז דער עיקר — נישט דאָס!... נעם כאָטש מיך: מיטן לעצטן עשעלאָן וועוואַקוירט געוואָרן פון היימישן קאַנט. איינ־געשפּאַרט זיך אַ לענגערע צייט, ווי אַן אייזל, נישט געוואָלט. אַ קלייניקייט עפּעס: אַרויסרייסן אַ באַיאָרטן טאָפּאָל פון דר׳ערד, איבערפּלאַנצן אים אין אַן אַנדערן וואַלד און מיינען — ער קאָן נאָך שלאָגן וואָרצלען ערגעץ ווו אונטער דער זון? נישטאָ אַזוינס... — האָב איך געטראַכט. נאָר פּריקאַז איז פּריקאַז. געלאָזט זיך סוף־סוף פּאַרפירן אַהער... און, אָט: איך שטיי פּעסט מיט די פיס אין דעם „פּרעמדן" אָרט, באַ! כ׳שפּאַן אַפילו פּאַרויס... ס׳באַקומט זיך — אויך דאָ קען מען אַריינבר׳ענגען אויפטועריש־קייט אינעם פּאַך; אויך פון דאָ פּאָרט מען אויף שלאָגלער־קאָנפערענצן. און וואַסיוטקין

איז שלאָגלער — ער פּאָרט... — טאַקע געווען אַ נאַר! וואָס זשע, קאַווקאַז נישט די זעלביקע סאָוויעטישע מאַטושקאַ־ערד?... — האָט ער אַריינגעצ־טייטשט, דאָס פּנים — אַלץ ליכטיקער, מילדער, ווי זיין לויבגעזאַנג צו דעם היימלאַנד, אין וועלכן ער קוואַפּעט זיך דאָ אַריינצובירגערן דאָס ווילע פּליטים־פּאָרפאָלק. און אָט ווייזט אים אויס, וואַסיוטקינען: אַ וואָרט צו אַ וואָרט און ער טרעפט באַלד אין פּינטל. — און איך מיין, רעביאַטקי, אַז אין דעם ליגט דער סוד: דער סטראַי איז וויכטיק און נישט דאָס וויג־ליד — אָט וואָס!...

נאָר מיט אַ מאָל איז ער געבליבן שטעקן, פאַרהאַקט זיך.

— טפו, דיאַוואָלעס — צווינגען אַ מענטשן אַוועקצולייגן אַ רעדע!..—

האָט ער דערלאַנגט פּלוצעם אַ צוואַג און ערשט איצטער געכאַפּט זיך, אַז דער צוהערער ביי אים איצט — בלויז איינער, וואָרעם פרומע, אַ גוטע ווילע אין שטוב שוין, איז אַלץ נאָך נישטאָ צוריק.

צו וועלכע באַרגשפּיצן האָט ער אָקאָרשט געקלעטערט? פון וואָסערע הימלען אַראָפּגעפאַלן אַהער צו?...

ער איז געווען צעטומלט, וואַסיוטקין. אַ פּיר געטאָן מיטן בליק איבער דעם ליידיקן בעטעלע, איבערן „גרינעם טיש" מיט די רעשטלעך שוין לעבלעכן כיבוד — און גוט נאָך, וואָס ר׳האָט אויסגעמיטן צו כאַפּן אַ בליק אויף זיין צוהערער גופא...

טאַקע: וואָס איז מיט זלמנען?... וועלכער כישוף באַצווינגט אים צו זיצן, ווי אַ גולם, און לוישן די שטילקייט? צייט ווען ער שווייגט שוין, וואַ־סיוטקין, און אים, זלמנען, ווייזט אַלץ אויס: דער חלל — אַ גאָלדענע בין — זומט נאָך און זומט מיט רייד דאָ...

נישט דאָס, טימאָפעי יעגאָראָוויטש זאָל האָבן אים איבערצייגט מיט זיי טענהן. אַוודאי נישט דאָס. נייערט גראָד יענעמס ליבשאַפט צו זיין אייגענעם היימלאַנד — אַ ליבשאַפט אַזאַ מין פולבלוטיקע, אַזאַ אומגעהייער שטאָלצע און דערהויבענע און אויסטערליש פאַרגלייבטע... דאָס פּילן זיך היימיש אין איטלעכן ווינקעלע פון זיין גרויסער און ברייטער „ראָדינאַ" — אומעטום, ווו אַ צייטווייליקער שטורעם איז מסוגל צו פאַרוואַרפן אַ מענטשן...

וואַסיוטקינס ליבשאַפט צו זיין פאָטערלאַנד האָט געהאַט אין זיך די לויטערע, אימפּעטיקע שפּרודלדיקייט פון אַ פאַרהוילענעם באַרג־קוואַל, און עפּעס פון די זאַפטן, וואָס ריזלען אין דינע געוועבן פון זאַנגען און גראָזן,

אין ברייט פאַרצווייגטע וואַלד־ און סאַד־שטאַמען: תמציתן, וואָס אין זיי איז אפשר פאַרבאָרגן דער אור־סוד פון פערמאַנענטן באַנייען זיך, בליען און רייפן... די דאָזיקע ליבשאַפט איז עס געווען אויך מסתמא, וואָס האָט דעם „באַיאָרטן טאַפּאָל" אויפגעהאַלטן אַזוי יונג און באָיקע ביזקל אין גרויען האַר־טשוב אַריין...

אָ, וויפל צייט דאַרף נאָך נעמען, ביז וואַנען ער, זלמן בן דוב, וועט נישט בלויז שכלדיק באַוויליקן, נאָר טאַקע בפועל ממש אַזוי אַריינוואַקסן מיט די קאָפּיטעס, אַזוי איינלייבן זיך אין ז י י ן היימלאַנד, ווי אַ יעגאָריטש וואַסיוטקין ?...

דער עלנט פון אייגענער אויסגעוואָרצלטקייט — לעת עתה, דאָס ווילגעפיל פון אַ קאָוואַל וואַסיוטקין באַגליקט צו זיין מיט אַ „ראָדינאַ". וואָס איז אַזוי אים צום האַרצן... אויך — יענעמס גוטמוטיקער אייפער צו טיילן דאָס היים־גליק מיט אים, מיט דעם פרעמדן: אַלץ דאָס אין איינעם איז עס געווען, וואָס האָט אי געפּלעפּט, אי אויפגערודערט זלמנען ביז צום אָפּנעמען ביי אים דאָ דאָס לשון...

נאָר שווייגן מיינט דאָך — אַריינפירן אין אַ טעות דעם ווילן וואַסיוט־קין, און דאָס קען ער נישט, זלמן... די פראַגע איז בלויז: ווי אַזוי גיט ער אים צו פאַרשטיין זיינע פּלענער אויף ווייטער? ווי אַזוי — אַרויסברענגען, אַז פאַר אים אַליין, פאַר זלמנען, מיינט פוילן אַצינד בעיקר די סטאַציע אויפן וועג צו אַן אַנדער — זיין אייגן היימלאַנד?... צי וועט ער באַגרייפן? ווי באַלד די ייִדישע פרומקע קען נישט תופס זיין?...

און פּלוצעם קומט אים אויפן רעיון זיין פּאַטערס פאַרלעגנהייט, בעת דער שטעטלדיקער בעדנער און באַלעבאָס פון זייער דירה — מאַטושטשיק, האָט אַ מאָל אויף טשיקאַוועס אַ פרעג געטאָן ביי „בערקאָ לאַטוטניק", ס'הייסט, טאַקע ביים טאַטן — הלמאי סטאַרען זיך יידן, סאַמע אין אַ ווינטערטאָג, צו דערביוען עפּעס טשודנע אויסלענדישע פרוכט? אַז נישט פון וועגן לאַקאָמסטווע — דאָס ווייסט ער. אַ טעם דאָס קאָן האָבן? פאַר־דאַרט־פאַרקוואַרט, מיט אַ היימישן, זאַפטיקן עפּל — ווי קען זיך דאָס גלייכן!...

וואָיטשעך מאַטושטשיק, אָדער פּשוט: „קום" וואָיטשעך, ווי מ'רופט אין זייער שטעטל דעם בעדנער, איז פון די אָרנטלעכע פּאָליאַקן, וואָס סתם אַזוי, צוליב אַנדערש־גלייביקייט, פיינט האָבן אַ יידן — וועט מען ביי

אַזוינע נישט פועלן... דערצו — אַ האַרציקער שכן, אויסגעקאָכט מיט דעם „בערקאָ" און אַ געשווירענער קליענט זיינער. גיכער וועט ער זיך לאָזן אָפּגאָלן אַ וואָנצע, איידער אַוועקטראָגן אַ שטאָך אַרבעט צו אַן אַנדערן בעל־מלאכה. און בכלל אַ גויעצל מיט שכל, וואָס גאַוועדנען מיט אים איז גלאַט אַ מחיה... האָט טאַקע דער טאַטע נישט אין קאַטאָוועסן געפּלייסט זיך, אין זיין געבראָכענעם פּויליש, אויסצוטייטשן יענעם דעם מנהג פון חמשה־עשר־בשבט, און אַלץ געווען מוטל בספק, צי האָט דער „קום" כאָטש פאַרשטאַנען...

— „אַלץ צוליב דיין שלעכטער פּוילישער „עברי"... — האָט דעמאָלט באַמערקט טאַטע־מאַמעס מיזינקע, וואָס איז דווקא אַ קענערקע אין דעם לשון.

— „נישט דאָס"... — האָט זיך רעכטפאַרטיקט דער טאַטע. — „נאָר גיי, גיב צו פאַרשטיין אַ בעל־הבית דעם ברטנורא!"...

יאָ — „ברטנורא"!... זלמנען איז איינגעפאַלן — די זעלביקע שווערע הלכה שטייט־פּאָר איצטער אים, דעם זון פון בעריש לאַטוטניק.

— אַ געוויקלט קינד זייט איר ביי אונדז, טימאָפּעי יעגאָריטש וואַ־סיוטקין!... — פאַרשטעלנדיק די גערירטקייט מיט אַ הלצהלע, רייסט זלמן איבער ענדלעך דאָס שווייגן — נישט בלויז אַ בריה אין אַרבעט, נייערט דער אמתער ספּעץ טאַקע אויף דרשנען... — נאָר באַלד צערינט די געמאַכטע קאַטאָוועסדיקייט און די רייד קומען וואָגיקע, ערנסטע: — אַוודאי ווייסן מיר אָפּצושאַצן דעם איידלמוט פון מענטשן, וואָס זענען אונדז בייגעשטאַנען אין צייטן פון סכנה. די דאַנקבאַרקייט צו אַזוינע, ווי איר, וועלן די בעסערע פון אונדז מיטנעמען מיט זיך אויף אַלע וועגן און אויף אַ גאַנץ לעבן, ווי ס'זאָגט זיך. זיכער וועלן אויך נישט פעלן קיין קליינמאַנס און וורזאַניאַקס, וואָס זאָלן אייך שעלטן...

נאָר פון אַזוינע רייד עלעך צערופּעט זיך ביי וואַסיוטקינען דאָס אָדערל אינעם שלייפוויכקל און אַ גרימיק שמייכעלע פאַרהייבט ביי אים קאַסאַקע די וואָנצע.

— ס'הייסט — אַלץ גוט, וויל, פיין, נאָר בלייבן דאָ זאָלן אַנדערע! — שיסט ער אויס האַסטיק, מיט כעס. — איכל זיך בעסער אומקערן אין מיין איינגעזעסן אָרטעלע...

— מ'דערקאָנט באַלד אין אייך דעם אומפאַרטייאישן... — פּיקירט

זלמן און ס'פּאַלט אים נישט איין גאָר, אַז דאָס וואָרט: „אומפּאַרטייאישער" גראָבט אויף אין וואַסיוטקינען אַ פּאַרהוילענע, טיף עדערדיקע גריזאָטע. — אַ גוטער באָלשעוויק — דערגאַנצט ער באַטייטיק — דאַרף ווערן, מ'זאָל זיך אומעקרן אין די „איינגעזעסענע אָרטעלעך", כדי מיט אַלע כוחות און וואָס גיכער אויסצוטריקענען די אַלטע באַגנעס און פּורעמען דאָרטן דאָס לעבן וועדליק מוסטערן נייע. און ביי אייך וואָס באַקומט זיך? די וואָראָ־ניאָקס און קליינמאַנס ווינטשט איר אַ גוטן שליטוועגס און עפּעס לייטישערס האַלט איר צו פּאַר אַ פּאַלע... און איך מיין, ס'איז נישט ריכטיק. וואָסי, דער זכות איבערצופּורעמען אַן אייגן פּאָטערלאַנד — בלויז אויף דער זייט פון אַ יעגאָריטש וואַסיוטקין? פון וואַנען אַזאַ נישט פּאַרגינערישקייט?... אדרבא, זאָל מען זיך אויך דערשלאָגן! — און פּלוצעם, ווי האַמעווענדיק אַליין דעם היציקן לויף פון דערווייז־רייד, אַרויסגעזאָגטע אָקאָרשט אַזוי האַסטיק, כמעט אין איין אָטעם, האָט זלמן פּאַררוקט אַ האַנט אין דער הויזן־קעשענע, צווישן כלערליי שמאָכטעס אָפּזוכנדיק דאָרט דעם טאַביק־בייטל.

אָפּגעטיילט אַ בלעטעלע פון דעם פּאַרגרייטן שטויסל אַקוראַטנע צע־שניטענע צייטונג־פּאַפּירלעך און, אויסגלייכנדיק די פּאַרבויגענע קאַנטן — צעעפּנט ער פּאַר טימאָפּעיען דאָס זעקעלע. נאָר יענער לענט אָפּ, ווי גע־ווייגטלעך:

— צו שוואַך דיין „זאַוואָדסקער"... — פּסקנט ער זאַכקענעריש און ציט בעת מעשה פון בוזעם־קעשענע זיין הילצערנע טאַבאַקערקע.

די פינגער גיבן אַ פּייקל נצחונדיק איבערן דעקל פון שקעטעלע, ווי דער פיין געשניצטער קוויט־דעסן — אַ קונסטשטיק פון אַ יאַטל אַ העלפער ביי אים אין קוזניע — פּאַרכאַפּט דאָס אויג מיט דער האַרמאָנישער פּשטות פון פּאָרעם און באַשיידונג.

— וואָט — היימישע פּראָדוקציע!... — גרויסט זיך וואַסיוטקין און, אַליין נישט וויסנדיק פּעוונע, ווען ס'גילט אין אַ גרעסערער מאָס די אָ לויבעניש: דעם יאַטלס שניצעריי אויפן דעקל, אָדער זיין אייגענעם טאַבאַק־געמיש, וואָס אינעווייניק, אינעם שקעטעלע — נעמט ער אָנשטאָפּן געלאַסן די פּיפּקע.

פּאַראַן זאַכן פון טאָג־טעגלעכן געברויך, אויף וועלכע מ'זעט דווקא גערן דעם פּאַבריק־צייכן, נאָר וואָס אָנבאַלאַנגט רייכער־מאַטעריאַל... ניין,

אַ דאַנק פאַר די פּירמאָווע שאַלעמויזן: ער, טימאָפעי וואַסיוטקין, וועט קיין „זעגמעל״ נישט שטופּן אין זיין לייטישער פּייקע.

דיאַדיאַ טימאַ דערלאַנגט דעם ערשטן צי מיט אַ מינע, ווי אַ יונגער קאָזאַק וואַרפט זיך אַריין אין אַ טענצל מיט זיין פּאַרטנערקע. נאָר די געדאַנקען דערביי — געמישטע: אי ליבלעך, אי סומנע...

מאָדנע, ווי דער זילקאַ דערמאָנט אים זיין וואָווקען... דער זעלביקער אופן פון אָנגיין מיט אַרבעט; די באַוועגונגען, דוכט זיך — שפּאָרעוודיק, נישט געאיילטע, נאָר די פּראָדוקציע — ראַיעל און אומגלייבלעך אויס־געביק, מיט אַ ברכה... די זעלביקע איינגעשפּאַרטקייט ביים בייקומען שוועריקייטן, די זעלבע לעבלעך־געצאַמטע באַציונג צום ווייבערשן מין — אויסגענומען, פאַרשטייט זיך, די איינע, וואָס איז „דאָס זאַלץ פון דער ערד״... אַפילו דער אופן, ווי זילקאַ פאַרדרייט אומגעניט די ציהאַרקע; אויך זיינער פלעגט אַרומטראָגן זיך מיטן רויכערוואַרג נישט אַזוי ווייט פאַר אייגענעם געברויך, ווי מכבד צו זיין די קאָמפּאַניע, און פלעגט אויך, ווי דער אָ — אַ קיבעץ טאָן אַ מאָל דעם באַטקאָ מיטן וואָרט: „אומפּאַרטיי־אישער״... — און וואַסיוטקינס פאַרפּרעסטע ליפּן קאָנען נישט איינהאַלטן אַ מטושטשן קלאַנג, וואָס איז האַלב מרוקע, האַלב זיפץ.

המ... „אומפּאַרטייאישער״... — קען ער אַלץ נישט פאַרדייען די אַריינזאָגעניש, וואָס זלמן האָט אָקאָרשט אַזוי אומבאַרעכנט אַ פליוכע געטאָן אים אין פּנים. — עך, זילקאַ, זילקאַ, וואָס וויס אַזאַ יונגער?!... — טאַלקעוועט ער אין זיך, אָן רייד. — מיינסט — „דיאַדיאַ טימאַ״ פאַר־שטייט נישט, מ׳דאַרף ווידער־אויפבויען דאָס פּוילישע היימלאַנד... נאָר אַ קלאָץ מיט אויגן, וואָס קען ער זיך העלפן, וואַסיוטקין, אויב גראָד בנוגע די צוויי ווערט דער „מע דאַרף״ — גאָר אַ צוים, וואָס זיין אייגן נאַריש האַרץ וויל דווקא צעשפּאַרן?!... ליבינקע! — כליפּעט אין אים די מחשבה, נאָר זאָגן זאָגט ער אויך ווייטער אַ וואָרט נישט. — די היימען — אַוועק מיטן רויך דאָרט: ווו משפּחה אין פּוילן, ווו — נאָענטע? צו וואָס, זשאַוואָראָנקעס איר מיינע, מיט אייגענע אויגן דערבליקן דעם חורבן? ווען דאָ... דאָ לעבט פּאָרט פאַר אייך נאָך אַ באַטיאַ: אַ שאַלאָפּיי אפשר, אַ גאָרנישט, פּאָרט אָבער — אַ טאַטע!... עך, אַ יאָלאָפּיש האַרץ ביי דעם דראָנגיילאָ וואַסיוטקין; נייטיק געדאַרפט צופּאַפּן צו אַזוינע ביטערע יאַגדעס!...

מיט זיי וועסטו אוודאי קיין מויערן נישט דורכברעכן! — פּרוווט ער אַליין זיך איינגעמען. — פאַרן, איז — פאָרן, כאַפּט זיי דער רוח, די ווידער־שפּעניקעס!...

— — — דער בונד איז געשלאָסן: מויל־און פּייקע — מע קושט זיך אין די פּיסקלעך און אַ רויך־כמאַרע, וואָליק און טעמגע, נעמט וואַליען, ווי פון אַ קוימען.

דיאַדיאַ טימאַ פּיפּקעט מיט דעם זעלביקן אייפער, מיט וועלכן ער קאָוועט דאָס אייזן אין קוזניע. פון דעם פּיפּקען טענצלט־אונטער אַ וועלכער מוסקל הינטער דער הויט פון זיין פּנים און ווינציקע פאַרטיפונגען נעמען צוקן ווו נישט ווו אין געשפּין פון די קנייטשן.

נישט קיין קאַטאָוועס — אַזאַ טאַבאַק־מישעניגע פון אַ רוסישן קאָ־וואַלס היימישן „וואַרשטאַט": האַרב און קרעפּקע — קען אויפוועקן אַ טויטן!...

זלמנס מאַכאָרקע — ווידער אַן אַנדערער „טשאַד"... זלמנס „ציהאַרקע" וויליעט גראַציעז מיטן עקל. אַ דין רויכל צעבויטעט די מאַי־לופט און דערפילט זיך פלוצעם פאַרלוירן אין דעם אָ קלאָרן, רחבותדיקן געשפּרייט. אַרום דאָ — אומענדלעך ליכטיק, הויערט דער וועלטאַל — אַ ריז. און ערגעץ בשכנות, אַ קאַפּעלע זייטיק פאַרשטעקט אין דינינקע לעפּצן — אַ מין אומגעלומפּער: גרויס און אַרויפגעדרייט און פּוזאַטע — שמיצט און שליידערט פונעם אינגעווייד עפּעס זייער טונקלס און דראָענדיקס; און דאָס דראָענדיקע — געדיכט און מאָכנאַטע — קנוילט זיך אַהער צו, געגענט...

פאַרשטייט זיך, די פּייקע: דיאַדיאַ טימאַ פּיפּ־פּ־פּ־קעט און פּופּ־פּ־פּ־קעט, און דער רויך־בעזעם קערט וועלטן...

דאָס דינע, געשמיידיקטע רויכעלע זלמנס בלייבט פאַרטאַמלט אַ ווײַלע. ווייסט נישט, וואָס ווייטער: זיך רעגן, באַוועגן? אָדער — צעשווי־מען, צערינען און אויס?...

נאָר פון אונטן קייקלט אַ פרישׂ שטראָמעלע נעפּל צו הילף בלויע רינגען, כאַפּט אונטער דאָס ערשטע, פאַרטאַמלטע... פון רינגלעך... שטרייפן — ווערט אַ כמאַרעלע — לופטיק, געקרייזלט, און דאָס כמאַרעלע באַמבלט־און קנוילט זיך אין לויטערן דרויסן אַלץ האַפּערדיקער און נאָר אַזוי איז שוין צייט וועלטבאַשאַף דער גורל פון נאַרישע הערצער:

דרייסטער. באַלד איז ער, זלמן, אַ זייל אין מיטן פון גרינג געוועלבטע, בלויע טומאַנען, און די טומאַנען וועבן זיך מאָדנע אַריין אין זיין חלום און וואָר...

— — — זיס איז דער טרוים וועגן טויאיקע נעפּלען, וואָס פאַר־שלייערן צו מאָל מסתמא דעם ירדנס פעכלדיק פּנים — דאָרט, אין זיין נאָך נישט דערגרייכטער מולדת; ביטער — די וואָר וועגן עפּעס טייוולשע קרעמאַטאָריעס, וואָס טשאַדען טאָג ווי נאַכט, נאַכט ווי טאָג — עד היום, דוכט זיך, אין חרובע פּוילישע היימען, כאָטש ס׳געוועלטיקט שוין דאָרט נישט דער צורר...

נאָר דיאַדיאַ טימאַ, וואָס לויטן קנייטשעלע צווישן זלמנס געדיכט צונויפגעשלענגלטע ברעמען איז ער זיך כמעט ווי משער, וואָסער ווענדונג יענעמס געדאַנקען האָבן געקענט אָננעמען אין לעצטן מאָמענט — דיאַדיאַ טימאַ איילט שוין צו הילף:

— אַ, זילקאַ? שטענדיק ביי דיר אַזאַ פירעכץ — קאָפּטשען און שווייגן? — צעלאַכט ער זיך ראַפּטעם. — דוכט זיך, געהאַלטן אין מיטן, געהאַט נאָך עפּעס וואָס פאָרצוואַרפן דעם יאָלאָפּ וואַסיוטקין? איז דאַוואַי, דאַוואַי ביזן סוף!...

— דער אויער ביי איך, דיאַדיאַ טימאַ, כמעט אַזוי „מוזיקאַליש", ווי ביי מיין פרומקען... וואַסי, מ׳טאָר שוין נישט רעדן אויף „מאַמע־לשון" — פּראָסט פּשוט? ווער־ווער, אָבער טימאָפעי יעגאָראָוויטש וואָלט אַוודאי געמעגט פאַרשטיין אַ מענטשן, וואָס וויל צו נוץ קומען זיין פּאָטערלאַנד... נישט אומזיסט טענהט מיין ווייבל, אַז דווקא ביים רוסישן מענטשן קען מען ערשט רעכט לערנען, וואָס ס׳מיינט ליב האָבן אַ פּאָטער־לאַנד. דאָ, זעט איר, בין איך פולשטענדיק מסכים מיט איר. נישט מער — די אויספירן ביי אונדז ביידן לגמרי פאַרשיידן. וועגן דעם עצם פּאָטער־לאַנד — אָט, ווו איך גיי זיך פונאַנדער אפילו מיט איר. איך — דיאַדיאַ טימאַ — קלייב זיך אויך גאָרנישט צו בלייבן אין פּוילן...

— אַזוי גאָר: קלייבסט זיך נישט... — האָט טימאָפעי יעגאָריטש אַ צי געטאָן האַסטיק דעם קאַשקעט איבער די אויגן, ווי איינער זאָגט: „שוין ליבער נישט אָנזען דיין פּרצוף!" — טאַקע געדאַרפט אַזוי לאַנג מאַזאָליען דיין צונג און מיין אויער אויף צו דערווייזן... קומט אויס — אַ פול מויל מיט „פּאָטערלאַנד": לאָזט אים נאָר, לאָזט אַהין צו! און

צוליב וואָס? בכדי צו זוכן דאָס גליק אין דער פרעמד?...

— האָט געדולד, מענטש איינער! — מוסרט אים זלמן. — בעת איר האָט נאָר וואָס געדרשנט, האָט איר פאַרלאַנגט, מע זאָל שווייגן? נו, אָט!... איז לאָזט זשע אַ ייִנגערן אויך קומען צום וואָרט...

— נישט אַזוי ווייט יונג, ווי גרין דווקא! — דערלאַנגט ער ווידער, וואַסיוטקין. — איך פרעג דיך, זעלמאַן באַריסאָוויטש: וואָס קען נאָך זיין דאָ צו הערן?... לויט מיר — באַלאַקעסטו רוסיש, נישט קוידעריש. די רייד, טאַקע נישט איבעריק קלוגע, זיי מוחל, דער מיין אָבער — ביז גאָר שוין קליפּ קלאָר. צו ערשט צערייסטו דיר דעם יאַשטשיק פאַר „דיין" ראָדינאַ, און באַלד דערויף — געוויזן אויך איר דעם עק!... און דאָס איז נאָך אַ בעלן צו קיבעצן עמעצן פון וועגן „אומפּאַרטייאישקייט"!... — אַ ביסל אומגעלומפּערט און כמעט ווי אָן שייכות דערלאַנגט ער פון ס׳ניי אַ וואָרטש; — מיינסט, ווי ביי אייך דאָרט, ווער ס׳האָט אַ האַנט און אַ פּוס, דער קריכט אין די פּאַרטייען... ביי אונדז, ברודערקע, וועסטו זיך אַזוי גיך נישט דערוועגן! און — פּראַווילנאָ: וואָס האָסטו, אַזוינער און אַזעלכער, אויפגעטאָן פאַרן נאַראָד, פאַר דעם לאַנד דיינעם, אַז מ׳זאָל דיר אונטערטראָגן אַזאַ אויסצייכענונג — די פּאַרטיי־לעגיטימאַציע?!.. ניין, זילקאַ, מען כאַפּט נישט. צו וואָס זיך בלאַמירן? און דו — ווי אַ גריל: „אומפּאַרטייאישער!..."

— נו, נישט געמיינט דאָך צום שלעכטן... — זוכט ער זיך צו רעכט־פאַרטיקן, זלמן, און מיט איטלעכער רגע נעמט מערער באַנג טאָן, וואָס ר׳איז אַזוי מיט די שטיוול אַריין יענעם אין האַרצן. — נאָר מיר דאַכט, דיאַדיאַ טימאַ, איר זייט בכלל צו באַשיידן. אַ נו־קאַ, גורט אָן די לענדן, פּרובירט! איך מיין, מ׳וועט נישט פאַרבראַקעווען...

— אַז דו זאָגסט, זאָגסטו: „מע וועט נישט!"... — איז וואַסיוטקין אַלץ נוטה צו בורטשען, און בלויז די צוגעזשמורעטע אויגן פאַרראָטן, אַז זלמנס קלאַפּן איצטער אין פּלייצע איז דווקא אַריין אים אין טעם...

— סיידן איר׳ט אפשר דערווייזן, ס׳איז נישט אַזוי, ווי איך זאָג?... — לאַכט זלמן כיטרע און ס׳אַרט אים שוין נישט בעת מעשה, וואָס דער שמועס איז אַוועק עפּעס זייטיק. וואָרעם אין דער אמתן ווייסט ער נאָך אַלץ נישט, ווי אַזוי דאָ — אַרויסברענגען זיין „ברטנורא"... בפרט, אַז אין קאָפּ נעמט צו ביסלעך שוין ברויען די כוסע. — נו, און מיט דער

„טעאָריע" אייערער, כ'מיין — פון וועגן היינטצייטיקן טרינקען: אויך עפּעס נישט דאָס... „מאָסקאָווסקאַיאַ" נישט סאַמאָגאָן טאַקע, אָבער אויך נישט קיין זייגמילך. איך, אַ שטייגער, שוין אַ קאַפּעלע — אַזוי צו זאָגן פאַרשנאָשקעט. און ווי ס'האָלט מיט איך, דיאַדיאַ טימאַ; צי מענטשן — באמת „ליבער" איך, „נעענטער"?... נישט מיר צו לייענען אימעצנס געדאַנקען, נאָר וואָס כ'זע מיט די אויגן, דאָס זע איך: סטראַשנע אָנגעבלאָזן ביי אייך דער פּרצוף. ס'ווילט זיך נישט באַנוצן קיין „אויסלענדישע" ווערטער, אָבער באַלצעראָוויאַק — דער וואָלט אומבאַדינגט זאָגן: אַ „קאַלעקוטסקער"... אוי, ס'זאָל זיך נאָר נישט ענדיקן, ווי אין די צאַרסקע צייטן! — ווערטלט זיך זלמן — כאָטש איר זייט אַ באַיאָרטער, נאָר קיין פליאַסק פון אייך וואָלט איך נישט וועלן קריגן!...

— פלאַטער נישט, זילקאַ; יענע צייטן — געשטאָרבן־באַגראָבן, וועלן נישט אויפשטיין פון קבר!... נאָר וואָס איך זע, לאָזט זיך אויך נישט פאַרלייקענען: אַקוראַט אַזאַ „מזיק" אין טרינקען, ווי אינעם רייכערן — אַ?... די פּאַפּיראָסקע ביי דיר נישט דעררייכערט, דער „זאַוואָדסקער" — זע איך אויכעט — צוריק שוין אין טאַש. און, טיאַ, נישטאָ ווער ס'זאָל לאַכן: „פאַרשנאָשקעט!" ווערסט שיכור פון אַ בליק אויף דיין ווייבל, בראַטאָק!...

נאָר ראַפּטעם — דערמאָנט זיך, און באַלד מיט פרישן ירגזון, און — זייטיק, גלייך ס'זאָל אים ווידער אויסוווייזן, פרומקע זיצט דאָ דערביי:

— פאַררעדט די ציינער, דער טשאָרט! אויסדריקלעך געזאָגט דאָך — קלייבט זיך גאָרנישט צו בלייבן אין פּוילן... טאָ ווּהין זשע קלייבט מען עס זיך סוף־סוף? — און איצט שוין סאַרקאַסטיש: — אַהאַ, אַמעריטשקע זיכער — פּאַניאַטנאַ! עך, זעלמאַן באָריסאָוויטש, גראָכאָווינעס אין בוידעם־שטיבל ביי דיר, נישט קיין שכל!...

דאָ פאַרגעסט ער זיך ווידער שוין, זלמן:

— אַז כ'זאָג — פאַרטיי־שקאָלע פעלט אייך: טשעפּעט זיך שוין אויך צו סאָיוזניקעס!

— י־יאַלקי זיעלאָניע! אָך, און דערעסן דיין פידלען! קיבעץ איז קיבעץ — יעדרי טוואָיו פּאַלקו, אָבער נישט אין מיצקע דרינען פון אַן ערנסטן שמועס... ניין, זילקאַ, מיין נאַרישער קאָפּ קען אַזוינס נישט באַגרייפן. מילא, איך וואָלט נאָך פאַרשטאַנען, ס'ציט דיך צוריק אין דיין

פּוילן. ביסט מוותר אויף גוטסקייטן — גרייטע און, ווי זאָגסטו? „זאָל מען אַליין זיך דערשלאָגן". אָבער וואָסער טייוול סע ציט אַזאַ איינעם, ווי דו, קיין אַמעריקאַ...

— אַן איינפאַל?!... — קען שוין זלמן מער נישט פאַרליידן. — ווי מיינט איר דאָס, דיאַדיאַ טימאַ? נעמען און סתם אַזוי פאַרבייטן אַ היימלאַנד, אַ פּוילן? כאָטש נישט דאָס אמתע פאָטערלאַנד פאַר אַ יידן, אָבער געבוירנלאַנד פון דעסטוועגן. און דער: „אַמעריטשקע!" און: „זוכן דאָס גליק אין דער פרעמד!"... נאָר ערנסט, איז ערנסט! טאָ הערט זשע מיך אויס ביזן סוף און רייסט נישט איבער, יעגאָריטש וואַסיוטקין! — נעמט זלמן זיך אָן מיט קוראַזש און קומט ענדלעך אַרויס מיט זיין „רעפּליק":

— ווען איר זאָלט קענען, אַ שטייגער, ווילן אייער אייגענעם גורל, וואָלט איר מסתמא נישט איינגעווויליקט אויסצולעבן אייערע יאָרן אין אַ לאַנד, למשל — פון גאָלע פּראַנצוויזן... נישט דאָס, די פּראַנצוויזן זאָלן נישט זיין אייך חלילה צום האַרצן: אַן איידל פאָלק, אַ פיינס און אַ ווילס — אַלץ אין אָרדענונג. נאָר דער ענין איז נישט אַזוי פּשוט, ווי ס'דוכט זיך. ווייל נעמט אַזוינס כאָטשבי: אַ מיאוסע שפּראַך עפּעס — פּראַנצויזיש?!... איטלעכע שפּראַך האָט זיך איר שיינקייט, וואָס איז דאָ שייך אויסצוזעצן קעגן אַ לשון? אָבער פאַרמעסטן זיך מיט דער איינער, וואָס מע האָט אַריינגעזויגן אין זיך מיט דער מאַמעס מילך, ווי סע זאָגט זיך? ביין, נישטאָ אַזאַ שפּראַך גאָר אויף וועלטן!... און אָט האָסטו קינדער, ווי ס'שיקט זיך. מאָל דיר אויס, דיאַדיאַ טימאַ, אַז דיינע אָדלערס באַלאַקען מיט דיר אַ פּערפעקטן פּראַנצויזיש און שעפּן יניקה, בעיקר, פון אָרטיקע קוואַלן. וואָרעם אַחוץ פון דיין שטוב איז נאָך פאַראַן אַ גאַס און אַ שול,ביידע — פּראַנצויזיש, פאַרשטייט זיך. קיינער שטערט נישט, בעצם, דיין יונגוואַרג צו בלייבן אוקראַינער, אָבער מ'קען אויך נישט געגנוג אין דעם העלפן... אָט, למשל — דער קאַווקאַזער סאָווכאָז דאָ: אַ גרויס דאָרף מיט אַ היפּשער צאָל קליינוואַרג. געווען אויך פריער אַ וועלכע פּאָר יידישע קינדער... נאָר מעג דער בילדונגס-ראַט זיין אַפילו סאָוויעטיש, צי וועט ער אויסהאַלטן אַ באַזונדערן שול-אָפּטייל פאַר אָט די קינדער? איז לערנט זשע, הייסט עס, געזונטערהייט אין דער רוסישער שול!... און — צוריק צו דיר, דיאַדיאַ וואַסיוטקין: פון דיינע קינדער ווערן לייט, ווערן

מענטשן. פראַנצויזישע מענטשן. און ווי איז דיר דעמאָלט אויפן האַרצן? אַ מענטש, טייערער, איז נישט קיין קוקאַווקע. קען נישט פאַרלייקענען אייגן געביין... און אויב רעדן קאָנקרעט וועגן יידן, איז דער ענין אי פּשוטער נאָך, אי קאָמפּליצירטער...

ענדלעך איז ער אויפן ברייטן שליאַך, זלמן מעלצער; קנעלט „באַ־ראָכאָוויזם" מיטן קאָוואַל וואַסיוטקין. און אינעווייניק בויערט אַלץ נאָך דעם טאַטנס דאגה: צי וועט דער „קום" כאַטשבי באַגרייפן?...

דער „קום" האָט דערווײלע באַנייס אָנגעקאָרמעט מיט טיטון זיין פייקע: האַרכט. פּיפּקעט... אָפּגעמאַכט ביי זיך — אויסהערן ביזן סוף, איז כאָטש לאָפּני, נאָר ס׳מויל מוזסטו האַלטן!

די טאַבעקע קליאָוועט אין בויך פון דער פייקע און דיאַדיאַ טימאָס צורה פאַרשפּיגלט אין זיך דעם זשאַר. די אויגן נעמען מיניען דערפון און פלימערן, דאָס פּנים, אַן אויפגעלויכטס — גלימצערט מיט ראָזלעכן אָפּשיין, ווי אַ שויב אין קאַיאַר.

— ...און אַפילו אויב ס׳האַנדלט זיך וועגן קעמפן פאַר געגרעכטן סדר אויף אונדזער ערד... — קומט זלמן ביסלעכווייז צו אַ סוף. — צי האָבן דען יידן נישט געגעבן זייער צושטייער, ווי ס׳פּאַסט פאַר אַ פאָלק, וואָס האָט געגעבן דער וועלט אַ תנ"ך מיט נביאים? נאָר וואָס העלפט דאָס? אין די אויגן פון פעלקער בלייבט מען אַלץ פרעמדע, אויב נישט — נאָך ערגער... און ווידער אַ מאָל — צוליב דעם פעלן פון אַ פאַרוואָרצלטן קערן, וואָס קען צום בעסטן געדייען אויף היימישן באָדן, אין אייגן לאַנד... ניין, ביי מיין גרעסטער דאַנקבאַרקייט און שעצונג צו פעלקער, וואָס נעמען אויף זיך דעם רומפולן עול צו פאַרווירקלעכן גרויסע אידייען — איכל נישט קענען. נישט אין אייער ראָדינאַ, און אַפילו אויך נישט אין דעם איצטיקן פּוילן. וואָרעם פאַר אַ יידן איז ד י גאולה נאָך אַלץ נישט קיין גאַנצע... די צרה איז בלויז, וואָס פרומע איז קעגן. — ער האָט אָפּגעזיפצט, זלמן. — איר קאָנט דאָך מיין פרומקען: נישט צום איינבייסן... און דאָ איז געפאַלן דאָס וואָרט: ארץ־ישראל.

ווען אַ דונער זאָל געווען אַ זאַלפּ טאָן טאַקע אין „טיש" זייערן מיט כיבוד, וואָלט דאָס נישט געקאָנט טרעפן וואַסיוטקינען שטאַרקער פון אָט דעם געאָגראַפישן נאָמען.

— פּ־פּאַלעס־טינאַ?!... גאָט איז מיט דיר, זילאָטשקאַ־סערדצע —

וואָס רעדסטו? — האָט ער פֿון איבעררעשונג צעזעגנט זיך אַזש מיט דער פּייקע; און — טשודנע, ווי ס׳איז אויסגעוועפּט אין אים פּלוצעם דער כעס צו זלמנען. — הם... — ראַספּאַלאָשעט זיך! — ברומט ער. — גאָט צו דאַנקען, שוין אַוועק ביי אונדז יענע צייטן, ווען בייזע לייט פֿלעגן אייך טרייבן אַהין צו... ניין, זעלמאַן באָריסאָוויטש, אין קיין שום לענדער אַזוינע וועסטו מיר נישט פּאָרן. בפּרט, אַז דיין ווייבל איז קליגער: זי וויל נישט. — ער האָט זיך צעשמייכלט, וואַסיוטקין, און די קנייטשעלעך, ווי גרינגע שטאַפּעטן, האָבן צעפּליעסקעט די פֿרייד איבער זיין פּנים: — איי דאַ — פֿרומקאַ! — איז ער זיך ראַפּטעם פֿאַרגאַנגען. — ווי באַלד שוין יאָ אַזוי, זילקאַטש... פּאָדומאַיעש: געבאָרן־געצויגן אין אַ לאַנד און גיי, פֿאָלג אַ גאַנג אין עפּעס אַ ווייטן און פֿרעמדן פּאַלעסטינאַ!... יאָ, ווען כאָטש פֿון וועגן דעם סדר. נאָר אויף וויפֿל מיר איז באַקאַנט, קלייבט מען זיך נאָך נישט איינצופֿירן דאָרטן דעם ריכטיקן סטראָי...

— קלייבן קלייבט מען זיך דווקא, נאָר פֿאַראַן אַזוינע, וואָס לאָזן נישט... — לאַכט זלמן.

— ס׳הייסט — וואַסיוטיקן רעדט נישט סתם אין דער וועלט אַריין! — דערקלערט ער מיט חשיבות. און באַלד דערנאָך — אייליק, גלייך ר׳האָט געפֿונען ענדלעך דעם פּאַסיקן אויסוועג! — ווייסטו וואָס, זילקאַ...

נאָר אָט איז פֿרומאַ מיטן קינד אין די אָרעמס. די קליינע שטראַלט, יובלט... אַן אויסגעבאָדענע, זאַטע, טרוקן און וואַרעם געהילט: די מאַמע דערגאָדזשעט, פֿאַר וואָס זשע נישט שווימען אין גליק?...

און אַליין זי, די מאַמע?... די פֿריער נאַכלעסיק, ווי נישט איז פֿאַר־שפּיליעטע האָר פֿאַרפֿלאָכטן איצטער אין צעפּ און אַרומגעלייגט אַרום קאָפּ, שטרייכן בולטער אונטער די אויסדריקלעכקייט פֿון איטלעכן שטריך אין איר פּנים. ווי אַ פּאַסיקע ראַם, פֿון וועלכער דאָס פֿיין געצייכנטע פּנים־בילד שיידט זיך אַרויס דייטלעכער, קלאָרער. יאָ, ביי דער מאַמען אינעם איבערגעביטענעם קליידל, דעם איינציקן, וואָס מען האָט פֿאַרנומען מיט זיך, אַנטלויפֿנדיק פֿון פֿייער — ביי דער מאַמען זינגען ממש די גלידער... גלייך באַנאַנד מיט דעם וואָכיקן מלבוש וואָלטן אָפּגעטאָן זיך אויף אַ ווייל אויך די טעגלעכע זאָרגן, דאָס שווערע־ביטערע מלחמה־געמיט — אַלץ דאָס, וואָס לאַסטעט אויף אַ מענטשן, און מערער נאָך — אויף אַ יידן, אַפֿילו — ס׳איז נאָענט שוין דער זיג...

— אוך, און צעקאָכטע, צעפּלאָמטע! — פּאַלט זי זיי אַריין אין ויכוח. און באַלד — בלויז צו וואַסיוטקינען. — וועדליג איך בין זיך משער, ווייסט איר שוין איצט, דיאַדיאַ טימאַ: מיטן שלום-בית אונדזערן נישט אַזוי פויגלדיק, אַ?! איינס ציט קיין האָצעפּלאָץ, דאָס אַנדערע... — קען זי פּלוצעם נישט שווייגן — נאָך דעם, ווי ס׳קומט אויס ביי איר, מע האָט געמאַכט דאָ דעם חשבון אָן „באַלעבאָס". — אַ תכשיט, זילקאַ, אָט ווו ער וויל אונדז פאַרשלעפּן!... נאָר אויב אים איז רעכט צו שיידן זיך מיט ווייב־און קינד צוליב עפּעס פאַנטאַזיעס, איז וועט מען, הייסט עס, דאַרפן פירן אַ ליבע דורך בריוו מיטן טאַטן... — האָט זי געפּרוווט חוזקן, פּרומע, נאָר דער שאָטן וואָס איז געלאָפן בעת מעשה פאַרביי איר פּנים, האָט אָפּגעפּרעגט די האָפּערדיקייט פונעם טאָן. ערגעץ ווו, אויפן דנאָ פון די גרינגעטשקע רייד, האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ קאָפּ ביטערניש, און לויט דעם קאָפּעלע האָט מען זיך אויך געקענט אָנשטויסן, ווי שווער די זאַך ליגט איר גראָד אויפן האַרצן.

— ברויז נישט, פּרומאַשקאַ!... — באַרויקט וואַסיוטקין, גלייך ר׳וואָלט אַרויסגעלייענט דעם באַהאַלטענעם מיין פון די האַרבע, כלומרשט שפּאַסיקע ווערטער. צו וואָס באַליידיקן זילקאַן? מיינסט כיבע, אָן דיר געפּאַסט דאָ באַשלוסן פאַר ביידן? ניין, נישט פאַר דיר, פאַר זיך אַליין געפּרוווט מאַכן אַ חשבון. און דער חשבון איז דיר פון לאַנג שוין באַקאַנט. בלויז וואַסיוטקין, דער נאַר — ט׳נישט געוווּסט... נאָר איך מיין פאַרט, וועסט זיך מיט אים נאָך דעררעדן: מינדלעך, נישט שריפטלעך — כ׳פאַרלאָז זיך אויף דיר!... — טייטלט ער רמזדיק מיטן פינגער און אַ פאַרבאָרגן שמייכעלע, ווי אַ שאָלטיקל, פאַרהייבט ביי אים פריינדלעך די באַוואָנצעטע ליפּ.

— וואָס שייך אייער מיינען — קאָן איך אים בעסער, מיין זילקאַ... — זאָגט פּרומע סקעפּטיש און, כאַפּנדיק זייטיק אַ בליק אויף דעם דווקא אויפגעלייגטן, אַ האָר נישט ברוגזן זלמנען, דערלאַנגט זי אים צערטלעך מיט דער פרייער האַנט אַ צי פאַרן אויער: ס׳הייסט — „זיי טאָקע מוחל דעם אומזיסטיקן חשד!"... — נו, און איר צווישן זיך — געפונען, צי נישט — אַ בשותפותן אויסוועג? — לענקט זי ווידער די רייד איצט צו ביידן.

— ביי דעם האָט מען דאָך גראָד געהאַלטן, בעת דו האָסט זיך

פּלוצעם געיאַוועט און איבערגעשלאָגן די רייד מיר. — לאָזט ער צו וויסן, וואַסיוטקין, און אַרויסברענגענדיק וואַזשנע די ווערטער, ווענדט ער זיך באַלד צום בעל־דבר אַליין, צו זלמנען:

— ווייסטו וואָס, זילקאַ? אַן ענין צווישן אייךביידן — וואָס ברען איך, ווי אַ שטרויענער דאַך?!... אַחוץ דעם, אומעטום זענען נייטיק לייטישע מענטשן. און פּוילן, צי פּאַלעסטינאַ — פּאָטערלענדער, ווו די פעלקער זאָלן וויסן צו לעבן בשלום מיט שכנים: אָט, וואָס מיר דאַרפן!... מע זאָל אונדז נישט האַלטן אין איין אויסהרגענען די קינדער, מען זאָל אונדז די היימען נישט ברענען... — געוואָלט זאָגן מערער, נאָר דאָס הימלבלוי אין פּרומעס אויגן האָט אַזוי פאַרדעכטיק צעגלימערט זיך ראַפּטעם מיט פונקען, אַז דאָ האָט שוין זלמן באַשלאָסן: צייט צו געבן דעם ענין איצטער די ריכטיקע ווענדונג. בפרט, אַז אַליין איז ער מלא שמחה אַצינדער...

— אָט אַזוי רעדט זשע! — פאַלט ער צו צו דעם אַלטן. — און ס׳פּאַסט אייך גאָר בעסער צום פּנים... און צו פּרומקען: — געדאַרפט אָנקוקן פריער אַ צורה! וואָלסט געקענט מיינען, בלוט וועט זיך גיסן!...

— מעגסט מיר גלייבן, די הענט ברענען נאָך איצטער אַ גיי צו טאָן מיט דיר „נאַ קולאַטשקי״! קרעפּלפּלייש וואָלט איך געמאַכט פון אַזוינעם... — ברומט וואַסיוטקין — אַ בער, אַ היימישער; פון יענע, וואָס בלויז פּאָר שונאים — געפּערלעך.

— טאָמער קומט דערצו, זאָלט איר מיך האָבן אין זינען! — לאַכט פּרומקע. — מ׳קאָן דאָך נישט אַזוי — אָן אַ ריכטער... נאָר אָן קאַטאָוועסן: כאָטש מיטן גאַנצן אויספּיר אייערן בין איך דווקא נישט מסכים, נאָר אַלץ איינס — אַ חכם ביי אונדז, דיאַדיאַ טימאַ. קלוג געזאָגט — פון וועגן גוטפריינדשאַפט צווישן פעלקער. אַזוינע רייד בעטן זיך דאָך אַ לחיים!... — און, אַוועקלייגנדיק דאָס ווייסע פּעקעלע „אוצר״ זלמנען אין די אָרעמס, נעמט זי איינגיסן די כוסות.

— נו, פּאָר די טאַטעס, די קאָוואַלס, וואָס אינעם הינטערלאַנד שמידן זיי דאָס זעלביקע, וואָס זייערע קינדער אויף פראָנטן: דעם שלום!...

— דער טאָסט — נישט קיין שלעכטער... — זאָגט וואַסיוטקין נאָכן אַריינקערן די כוסע. — נאָר וואָס שייך חכמה, שמירסטו, פּרומאַכאַ, גלאַט אַזוי איבער דער וואָנצע. און טאַקע: דער אַלטער שטורמאַק, טימאָפעי

האָט נישט קיין אַנדערע דאגות, ווי אָפּצורעדן דעם הונצוואָט זילקאַ פונעם שידוך מיט פּאַלעסטינאַ!... אויב דיר איז ליב, איז עס בלויז פּרומקאָס עסק, נישט מיינער. הפּנים אפשר נישט אומגערעכט מיט זיין טענהן: כ׳מיין, פון וועגן דעם, אַז „פּאַרטיי־שקאָלע" פעלט מיר... — געשוויגן אַ ווײַלע און באַלד — אימפּעטיקער, מיט אייפער: — אַ נו־קאַ רעביאַטקי, איכל שוין מסתמא איינשטעלן און דערלאַנגען אַ ביטע? ס׳הייסט: מיין גורל אין אייערע הענט און באַסטאַ! אַבי, זילקאַ — זאָג מיר נישט: „אומפּאַרטייאישער"!...

— נו, אָט — דערטראַכט זיך: אַז מ׳שמועסט — קלוג, איז דאָך נישט שייך!... — קלאַפּט זלמן אים אין דער פּלייצע.

נאָר צו מיינסטן קוועלט אָן פון דעם פּרומקע:

— נישט אומזיסט, הייסט עס, „געשמירט איבער דער וואָנצע!"... — שפּיגלט זי זיך אינעם אַלטן; — און אַזאַ באַשלוס, צי קען מען דען נישט פאַרזיגלען באַנייס מיט אַ כוסע?...

— טשאָרט ס׳טאַבאָי, זילקאַ! — כאַפּט ער זיך פּלוצעם, וואַסיוטקין, שטופּנדיק אין קעשענע די רייכער־שאַלעמויזן, וואָס זענען אין ברען פון וויכוח געבליבן ליגן פאַרגעסענע אין אַ זייט: — מירן שוין כיבע פאַרענדיקן מיט דעם טאָסט פאַר אַיעדערנס ראָדינאַ — מיט אַ לייטישן סדר; צייט צו גיין אין קלוב, אָדער נישט?... — דערגאַנצט ער אַנטשלאָסן און נעמט אַליין אָנגיסן אייליק די טעפּעלעך־כוסות — כאַפּט דיך דער רוח — טו, ווי דו ווילסט, זילקאַטש אַזוינער! מיינעט וועגן — פאַר אַפילו קיין פּאַלעסטינאַ, אַבי פאַרגעס מיר נישט דאָרטן צו לעבן בשלום מיט שכנים... און ר־ר־ראַדי באָהאַ: נישט אָן די „אוצרס"!...

דאָס פּליטים־פּאַרפאַלק — מאָדנע ערנסט: טוען נישט קיין שמייכל. פאַר דאָס — זייערע אויגן... זלמנס — ברייט צעעפנטע, דורכנעמיק וואַרעמע, באַנג אָנגעשטעלט אויפן אַלטן. און כאָטש פּרומקע האָט פון זיכערקייט וועגן גלייך אַ פאַרצי געטאָן איבער איר ליכטיקן הימלבלוי די לאַנגע ווימפּער־גאַרדינען, נאָר אַוו טוט מען זיך עס אַהין מיט דעם פונקעלע בלישטש, וואָס — פאַרשטשעמעט אינעם אויגנווינקל — שימערט, גלימצערט, פאַרראַט?...

— — — צעקושט זיך אַצינד מיטן פּאָרל, אַריינגעקערט אויך שוין די כוסע — ווי ס׳גיט אים אַ פּאַרמאָראַטשע אַ ווײַלע, וואַסיוטקינען. נישט —

דרויסן אינעם סאָווכאָז דאָ, נישט כיבוד, נייערט פּאַיעזד גאַר, סטאַנציע... אָט, אָט, און די צוויי מיטן „אוצר" אין מיטן וועלן אַ פֿאַרשווינדט טאָן אים פֿון די אויגן. נישט שוין זשע טאַקע — אויף שטענדיק?...

נאָר באַלד — אויס טומאַנען: די פּרייזבע מיט די חברה־לייט לעבן אים — אַלץ, ווי געווען דאָ... טפו, אַ פֿאַרבלענדעניש! — טשוכעט זיך אויס דיאַדיאַ טימאַ. נייך, ער'ט נישט אויסגעבן, ווי די „מאָסקאָווסקאַיאַ" האָט עס אים אָקאָרשט פֿאַרפּירט... און, פֿאַרדרענגענדיק אין זיך דעם ווייטאָג:

— ניטשעוואָ, מירן זיך אַלץ איינס נאָך באַגעגענען! — געפּינט ער מיט וואָס זיך צו טרייסטן. — מיינסט, זילקאָ, אייביק וועלן לענדער זיין אָפּגעצאַמט פּיינטלעך פֿון אַנאַנדער מיט גרענעצן?!...

— גר־ר־רא... גרו־אַאַאַ!... — אין די אָרעמסביים טאַטן צעעפֿנט דאָס עופּהלע פּלוצעם דעם ראָזעווון שנאָבל; און צאַפּלט זיך, פּאַטשט מיט די פֿליגל...

אַז מ'וויל, קען דאָס מיינען:

— „אָט — אַ זיידאַטש ביי אונדז, לאָזט שוין אַהיים צו די באָבעשיס!"...

און אפשר — פּראָסט פּשוט:

— „אוצר" וויל — — — הייטאַ!"...

ער איז געווען אַ דיכטער, זי — אַ לייענערין, אַ פאַרגלייבטע ביז גאָר אין זיין שירה.

באַגעגענען זיך פלעגט מען כמעט ווי טאָג־טעגלעך, הגם געוווינט — אין באַזונדערע שכונות. דערפאַר האָט איטלעכער געהאַט ביי זיך אויך אַ שליסל פונעם אַנדערנס דירה: טאָמער טרעפט מען גראָד נישט אין דער היים, זאָל מען קאָנען אונטערוואַרטן במנוחה.

ער — סלאַוויש פאַרחלומט און אַ שפּאָר ביסל — „משוגע צום טויט", ווי סע זאָגט זיך... אַ הויכוווקסיקער, ליכטיק בלאָנד און אויך אַזוי קערנדיק, ווי די ברויט־זאַנג, וואָס פלעגט אין דער היים דאָרט פאַרוויגן זיין באָרוועסע קינדהייט.

זי — מיושבדיק ערנסט און באַדאַכט גאָר; אַ קליינע, ברוינהויטיקע גראַציע מיט האָר — סמאָלע שוואַרצע און גלאַנציקע, ווי אַ טייך. נאָר אויגן — דווקא טיף בלויע און מילדע, ווי פּיאַלקעס אין אַ היימישן וואַלד...

די חברשאַפט — גראָד אַ היגע, ס׳הייסט — נישט קיין אַלטע. דייקע אָבער אַ צוגעזאָטן געטרייע. אַ חברשאַפט טאַקע; נישט ווינציקער און נישט מער.

ס׳איז אייגנטלעך אפשר אַ ווונדער: ווי אַזוי פאַרחברט זיך עס אַ יידישער דיכטער פון ערגעץ אַ שטעטעלע־ביי־דער־ווייסל — מיט אָט דער באָטאַניק־לערערין און אור־אורײניקל פון אַן אַלטער אנוסים־משפחה — מיט דער אָ מאַרי־מרים, וואָס אָנגעשפּאַרט האָט זי אַהער צו אַזש העט פונעם ווייטן און פרעמדן אַלזשיר?

איז די מעשה אַזוי:

ביי דער משפחה דאַהאָן אַלבאַס זענען געווען נאָך 9 קינדער, אַחוץ דער מאַרי מיטן צערטל־נאָמען: מימי. מיט קיינעם האָט מען אָבער נישט געהאַט ביי זיי אין דער היים אַזוינע צרות, ווי טאַקע מיט איר... די בנים — געראָטן אַלע אין טאַטן, האָבן ווי ער, פאַרמאָגט אַ חוש פאַר געשעפטלעכע עסקים און געגאַנגען תמיד מיטן גלייכן, אויסגעטראָטענעם וועג. וואָס שייך ווידער די טעכטער, האָבן זיי פשוט געוווּסט זייער אָרט און נישט אײנגעריסן קיין וועלטן... בלויז מאַרי איז געוואַקסן צווישן זיי

אַלעמען, ווי אַ וואַלד־יאַגדע ממש. און בעיקר: אַ מין אויסטערלישע, „נישט־גוטע" תשוקה צו וויסן, צו לערנען — האָט געשטעקט אין איר, ווי אַ דיבוק...

קאָן זיין, אַז די זעלביקע מימי האָט געהאַט אַ באַזונדער מזל ביים פּאָטער, און ער איז אפשר באַלד אין אָנהייב באַגאַנגען אַ פעלער, נאָכ־געבנדיק צו פיל דער מיזינקע... אַנדערע צייטן — געטראַכט ביי זיך. איינגעשאַפּט לערער אין שטוב אַריין, געקויפט ביכער: זאָל זי לערנען!... דערנאָך האָט אָבער די מימי אַריינגענומען זיך אין איר פּלאַטערקאָפּ אַ מחשבה, אַז הויכשולן זענען פאַרטראַכט געוואָרן אויך פאַר אירטוועגן, און נישט בלויז פאַר מאַנצלייט... נאָר דאָ האָט דער טאַטע מער נישט בדעה געהאַט נאָכצוגעבן. געזאָגט: עד כאן! און אין אַלזשיר איז די וועלט נאָך נישט הפקר: אַז אַ טאַטע זאָגט — פאָלגט מען...

האָט שוין מימי נישט געוואָגט אַרויסצולאָזן קיין הויך פונעם מויל... נאָר געווען איז איר שווייגן איינגעהילט אין אַ מין מרה־שחורה און עפּעס נישט אָנגעזאָגט זיי קיין גוטס. קורץ דערויף האָט זי אויפגעהערט אויך צו עסן און גענומען זיך קלאָגן אויף כל מיני ווייטאָגן אינעם לייב... אַזוי איז זי גאָר גיך אַריינגעפאַלן אין אַ חולאת, וואָס קיין שום דאָקטער האָט נישט געוווסט אין איר קיין באַשייד.

מאַדאַם ראַשעל, די מאַמע — האָט זיך גראָד יאָ משער געווען, וואָסער חלף סע הענגט איבער זייער קינדס יונגן קאָפּ. נאָר ס׳שיקט זיך דען צו זאָגן אַ מאַן דעות אין אַזאַ וויכטיקן ענין?...

ווען די מערכה איז אָבער געוואָרן אַזוי ביטער, אַז די גרעסטע מומחים האָבן געהאַט בלויז איין ענטפער: — „טוט תפילה — גאָט אין הימל קען העלפן!" — דעמאָלט איז שוין נישט שייך געווען זיך צו צאַמען... און — געזאָגט דעם מאַן בלויז די ווערטער:

— „וואָסער פּנים האָט דאָס בעטן ביי גאָט רחמים, אויב מ׳איז אַליין אַזאַ אכזר"...

דער טאַטע האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן פאַרן קאָפּ און פון די טרערן, וואָס זענען אָנגעשוווּמען פּלוצעם פון ערגעץ טיף — צודרינגלעך האַסטיקע, הייסע — האָט עפּעס אין אים גענומען זיך שמעלצן, ווי אַ וואַקסערן ליכטל...

געוואָרן פון בלינד זעעוודיק, האָט שוין מ׳סיע אלבאס געוווסט, וואָס

צו טאָן... פֿאַרטיילט מיט אַ פֿולער האַנט צדקה, צונויפֿגערופֿן תּהילים־זאָגער, און אַליין פֿאַרגייענדיק זיך תּחנונים, בקול רם און פֿאַר עדות מנדר געווען אַזאַ נדר:

— „אַז גאָט ברוך הוא וועט אַרויסווייזן לייטזעליקייט צו זייער הויז און ברענגען אַ רפֿואה שלמה דער בתולה מרים בת רחל — וועט אין דעם זינדיקן טאַטן מער נישט זיין קיין מניעה; אַוו נאָר און וואָס זיין קינד וויל, מעג זי לערנען!"...

און אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז דאָס לערנען איז געווען גאָר אַ „גאָט־זאַך". וואָרעם באַלד נאָך דעם נדר האָט זייער מימי צוזעענדיקערהייט אָנגעהויבן קומען צוריק צו די כּוחות...

אַזוי האָט שוין מאַרי געלעבט־און געלערנט, און אַז ס'איז געקומען די צייט, אויך געליבט און חתונה געהאַט, ווי דער שטייגער.

ווונדערלעך זענען געווען יענע אַנדערהאַלבן יאָר מיט זשאַנאַ... נאָר אָט איז אויסגעבראָכן אין אייראָפּע די מלחמה... באַלד האָט אין פֿראַנקרייך געפֿלאַקערט דאָס פֿייער און שוואַרצע וואָלקנס האָבן גענומען זיך קנוילן אויך איבער זייער אַלזשיר... שפּעטער האָבן די דייטשן אָנגעפֿראַלט טאַקע אַהער צו און ס'האָט זיך אָנגעהויבן דאָס וואַנדערווען: ריכטונג — מערבדיק, צו מאַראָקאָ, ציל — רעזיסטאַנס...

אָנגעקומען אויפֿן אָרט בשלום, האָט מען אָבער נישט געקענט זיין מער אין איינעם: זשאַן און מאַרי זענען געוואָרן גראָד טאַטע־מאַמע, און פֿון וועגן דעם ניי־געבוירענעם געמוזט זיך צעשיידן.

דער ווידערשטאַנד אַליין איז געווען נישקשה פֿון אַ פֿראָנט — מיט פֿאַרווונדעטע, טויטע... און כאָטש מ'האָט דערנאָך אין די רייען פֿון אַ רעגולערער אַרמיי שוין — געטריבן פֿון דאָרט די באָפּאַלער, איז אָבער ביז צום פֿאַררייכערן די שלום־נאַרגילע נאָך אויסגעקומען צו שמעקן לעת עתה אַן אַנדער מין קטורת, און דווקא כּדבעי...

אין די כּסדרדיקע פֿאָרויסמאַרשן און איבערגרופּירונגען פֿון זשאַנס מיליטערישער איינהייט איז אָפּגעשוווּמען ווייט אויף צוריק זיין מאַרי מיטן זון אין די אָרעמס, און אויך די היים, די באַפּרייטע, און לעבן די געוויינטלעכע דערגרייכונגען און פֿאַרלוסטן איז בלויז נאָך אַ זעלטענע ידיעה פֿון איטלעכנס נאָענטסטע — געווען פֿאַר סאָלדאַטן די בעסטע טרייסט. נאָר אַבי אַ קויל האָט נישט אַראָפּגעשלעפּט ביי איינעם דאָס

היטל מיטן קאָפּ טאַקע אין איינעם — איז מען פון בענקעניש ממילא שוין נישט געשטאָרבן...

און אַז מען לעבט, דערלעבט מען: זאַלבעדריט — אָפּגעפונען זיך אין דער היים מיט דער גאַנצער משפחה... אָבער אַפילו אָן דייטשן, האָט די היים פון דעסטוועגן עפּעס נישט געהאַט איצט איר פריערדיקע ממשות. דער אומקום פונעם אייראָפּעאישן יידנטום האָט אויף אָן אומדערוואַר־טעטן אופן אָפּגעהילכט אין יידישע הערצער אויך דאָ, אין דעם וויטן אַלזשיר און אַלע וועגן האָבן גענומען פירן פלוצעם קיין ארץ־ישראל...

אַזוי האָט די קליינע „דרייאיינקייט" דורך די אויסטערלישסטע מלחמה־גילגולים און גראָד קעגן דעם ווילן פון זייערע פאַרצווייגטע משפחות — דערקליבן זיך גאָר אין לאַנד פון די אבות — אַהער...

אין אָנהייב איז אַלץ אין דעם אָ יידיש־לאַנד געווען אַזוי ניי און אַנדערש, צו מאָל פרעמדער, פון אַ גויישער פרעמד... נאָר ותיקים האָבן געטענהט: „מה יש? אַ נפקא מינא — פון איין אַנגעגליט לאַנד ביזן אַנדערן!"... און אַליין האָט מען אויך געהאַפּט — גיך צו ווערן דאָ היימיש. בפרט, אַז מ'האָט צו יענער צייט ווידער אַ מאָל זיך „באַרייכערט": אַחוץ דעם בכור געהאַט שוין אַ סאַברע־מיידעלע אויך...

דערנאָך זענען געקומען אָן אַ שיעור גליקלעכע טעג: דער קליינער ישוב איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מדינה...

נאָר — נישט באַשערט געווען קיין מנוחה. אויך דאָ האָט צעבושעוועט זיך אַ מלחמה, און זשאַנאָ איז אַוועק פון די ערשטע. און מאַרי האָט אים מער נישט געזען.

אין דער ערשטער פייער־טבילה האָט דער דיכטער אהרן קרינסקער פון פוילן פאַרקאָמפּאַניעט זיך מיט דעם אַלזשירער פאַרמאַצעווט — זשאַן פּאַרדאָ... ס'האָט גענומען אַ ביסל צייט, ביז דער דווקא איינגע־האַלטענער, עטוואָס פאַרשלאָסענער זשאַן האָט אין אַ נאָך זייער שלאַבע־ריקן עברית, דורכגעפלאָכטן מיט אַ סך פראַנצויזישע ווערטער — אויס־דערציילט פאַר דעם בלאָנדן חברה־מאַן דאָ זיין לעבן, און לסוף אויך אָנפּאַרטרויט, וואָסער מלאך סע וואַרט דאָרט אויף אים אין דער היים: „אַ מלאך מיט צוויי קליינע עלפן"...

אַזוי האָט מען שוין זייט ביי זייט אָפּגעשלאָגן זיך פון די „ליבינקע שכנים". אַ מאָל — אָפּטרעטנדיק אויף צוריק, באַלד פון ס'ניי — אין

אַטאַקע... מאָמענטנווייז, אין פייער־געשפּיי צעשיידט פון אַנאַנדער, און ווידער מיט פרייד זיך געפונען. ווי מ׳האָט געקענט, איז מען זיך קעגנזייטיק פאַרלאָפן די וועגן, און וויפל מאָל אַרויסגעשלעפּט ממש פון פייער?...

נאָר אין איינער אַ בייזער שעה, ווען ס׳האָט געהאַלטן דערביי, אַז אָט אָט זאָל דער שונא אַריינרייסן זיך אין דער פּאָזיציע... און אַרקע איז שוין דעמאָלט געלעגן, ווי אַ שטיק ליים, מיט זיין דורכגעשאָסענעם „טרע־טער" — בעת זשאַן... זשאַנאַ האָט געלייגט דעם קאָפּ פאַר זייער בשותפותן היימלאַנד...

און אים, אהרנען, אַרט ביז היינט נאָך אַ קשיא: הלמאַי איז דער האָלעדראַניעץ פון פוילן, וואָס האָט סיי ווי נישט קיין קרוב, קיין גואל — הלמאַי איז גראָד ער אָפּגעקומען מיט אַ פּאָר נישטיקע ווונדן, בעת יענער...

אַזוי איז אהרן קרינסקער ווידער פאַרבליבן איינער אַליין אויפן יריד. אַ נס כּאָטש — די חברשאַפט טאַקע... יאָ, פון אים דווקא, פון זשאַנען האָט זיך דאָך אָנגעהויבן די פריינדשאַפט פון אַ יידיש־דיכטער מיט אָט דער מאַרי־מימי־מרים. און ווען די זעלביקע מרים זאָל נישט האָבן געווען אַזאַ מאַדים אויף צו דערלערנען אַ שפּראַך כמעט „מיטן קוק", ווו וואָלט ער נאָך געפונען אַזאַ וויליק אויער פאַר זיינע גראַמען?...

ווי דאָס שיקט זיך בלויז — ביי אַ באָטאַניק־לערערין אַזאַ זשעד־נעקייט צו לשונות?... נישט גענוג, וואָס זי איז פאַר די עטלעכע יאָר דערגאַנגען גאָר לייטיש אַ טאָלק אין די דריבנע אותיותלעך פון זיין מאַמע־לשון, פלעגט זי נאָך פון מאָל צו מאָל „אויסנאַרן" ביי אים אויך נישט איין פּויליש וואָרט.

קודם כּל — פלאַנצן, פאַרשטייט זיך:

— „אָט איז אַן עפּלבוים, אַרקע. ווי רופסטו דאָס אָן אין פּויליש? און — ברידערלעך, „אמנון ותמר"?...

אוודאי איז געווען זייער טשודנע צו הערן, ווי קוידעריש סע קלינגען פון דעסטוועגן אין איר מויל די פאַר אַרקען גאָר היימישע ווערטער. צו מאָל — פאַרקאָכט אַזוינע קאָשעס אין אָנהייב, אַז מ׳פלעגט קייכן...

— „וואָס גייט דיר אין לעבן — אַ, מרים?"...

— „אַזאַ „האָבי" ביי מיר, אַרקע! אַחוץ דעם — מיין שכנה, די קריסטין פון דיינע מקומות, וואָס ווייס נאָך נישט קיין צורה פון אַן אלף... גראָד געדאַרפט אַריינפאַלן אין אַ שכונה — אַ מין בבל־טורעם פון

לשונות, און צווישן זיי זאָל, ווי אויף להכעיס, בלויז פעלן דאָס איריקע לשון! גוט עפּעס צו זיין „אַ גר אין אַ פרעמד לאַנד" — ווי דו רופסט עס, און נישט האָבן מיט וועמען אויסצורעדן אַ וואָרט? און דער מאַן קען דאָך נישט זיצן אין שטוב — זי פאַרוויילן: פּרנסה — פאַרשטייסט?"...

און אַזוי, אויסמישנדיק צו ערשט טאַקע כּרפּס מיט קיסליצע ביים איינחזרן די ווילד פרעמדע ווערטער און אַליין לאַכנדיק פון די שפּראַך־קאַלאַמבורן, האָט זי אָבער באַלד אויך אויף פּויליש געוווּסט אָנצורופן ביים ריכטיקן נאָמען איטלעך געוויקס אין דער שכונה. פאַר איינס — שוין אויך „איינגעשלונגען" אַ וועלכע פאַר מעבלשטיקער, קיכגעשיר, צי אַ מלבוש, אָדער נעמען פון ביכער אַפילו, וואָס ביי אהרנען אויף די פּאָלי־צעס אין זיין צימער; אַז מ'שמועסט — זשעדנע, איז דאָך נישט שייך!...

די אַ בריהשקייט אירע צו שפּראַכן איז אויך בייגעשטאַנען איר דע־מאָלט, ווען זי איז באַלד דאָ געבליבן אַליין, אָן זשאַנען. גאָר גיך — אַזוי געכאַפּט דעם גאַנג פון עברית, אַז זי האָט אָן באַזונדערע שוועריקייטן געקאָנט אַריין אין דער שולאַרבעט און מפרנס זיין זיך און די קינדער.

(אַ שטאָלצע, די מרים: סע שטייט איר נישט אָן — אהרן טאַקע, צי די עלטערן אין אַלזשיר דאָרט — זאָלן אַרויסהעלפן איר אין אַ נויט!...)

אויך ער, אהרן, האָט גיך ספּראַוועט זיך מיט דעם אַלטן און שווערן לשון, וואָס האָט אַזוי וווּנדערלעך אויפגעוואַכט דאָ צום לעבן. אָבער פאַר אים איז עס געווען אַ סך גרינגער. וואָרעם נאָך יינגלווייז האָט ער דאָס געקנעלט שוין צו ביסלעך אין חדר; דערצו קער זיך דאָך יידיש אויך מיט דעם עפּעס אָן...

געמיינט האָט מען אין אָנהייב, אַז אַך ורק אין דער שפּראַך־קענטעניש ליגט דער סוד פון איינלעבן זיך אינעם לאַנד. נאָר דערנאָך האָט מען איינגעזען, אַז דאָס שלאָגן וואָרצלען אין אַ ניי אָרט איז בכלל נישט אַזאַ פּשוטער ענין: אַפילו נישט פאַר אַ יידן, וואָס האָט אַליין אויסגעוויילט פאַר זיך אָט דאָס אָרט.

פלעגן טאַקע זייערע מעת־לעתן אין לאַנד דאָ פאַרגיין לעת עתה אין אומעט: די בענקשאַפט האָט נאָך אַלץ גענערט זיי מיט זאַפטן פון נישט־היגע היימען, און דאָס זייגן מוטערמילך ביי אַ מולדת — צי מוז מען נישט פון קינדוויז לערנען?...

— „אַ גורל!..." — פלעגט אַרקע זיך קלאָגן צו מאָל פאַר זיין

פריינדין. — „געבענקט אַהער צו, געקומען, געפּלאַנצט אַ גאָרטן אַפילו; נאָר אַלץ — נישט קיין היגער! און מיט דיר — נישט דאָס זעלביקע אפשר?... מיר זענען פאַרלוירענע, מרים!"

— „סבלנות!" — האָט מרים פון דעסטוועגן געטרייסט אים. — „נאָר גערולד, אַרקע! מירן זיך שוין געפינען"...

אַזוי האָבן וואָכן, חדשים, שוין גאַנצע יאָרן אַפילו געקייקלט זיך סומנע און עפּעס ווי זייטיק פון לעבן. אומזיניק איז זיי געווען דאָס ביי־טאָגיקע זון־סמאַליען, אומנייטיק האָבן, דוכט זיך, אין דער פאַרנעקייט געגלימצערט ביינאַכט די שטערן... און כאָטש אויך מרימס פריערדיקע היים איז ווייט נישט געווען פון די „קאַלטע", איז אַל דאָס דאָרטיקע פאָרט איר אויסגעקומען היימישער עפּעס און גרינגער....

נאָר אַזוי ווי מ'האָט נישט בדעה געהאַט אומצוקערן זיך אין די אַלטע היימען, האָט מען געהאָפט אויפן נס פון געוווינהייט און געטרייסט זיך דערביי מיט: „סבלנות"...

ביז — אַ גאָרטן דווקא האָט זיך אַריינגעמישט אין דעם ענין:

ויהי — אין אַ שיינעם, העלן אָוונט...

דער אָוונט — אַ זעלטן קילער נאָך אַ טאָג, ווען פייער האָט זיך געשאָטן פונעם הימל. היינט דאָס שימערירנדיקע פירמאַמענט־בילד אין דער פענצטעררעאַם איצט אָ, אין דעם אויסגענומענעם אָוונט?... שיער שיער דוכט זיך: אָט וועט פון דעם בלויען פּרוכת ווערן אַן אמתער הימל, און פון דער גלימצערנדיקער לייכטאַרניע — סאַמאָראָדנער שטערנ־געפינטל, ווי אין זייער פריערדיקן לעבן, בליאַסקענדיקער און עכטער.

דערצו נאָך — דער שמעקנדיקער טומאַן, פון די גערטנדלעך פאַרטראָגן אַרויף צו דורכן אָפענעם פענצטער. אַ טומאַן, וואָס שפּרייט זיך היינטיקן אָוונט מחיהדיקער, ווי ווען נישט איז, איבער דער שכונה און ווייטער, און וואָס פאַר זיי ביידן האָט ער אַלץ נאָך יענעם איינציקן ריח: דעם ריח פון היימישע פעלדער און וועלדער אין איטלעכנס געבוירנלאַנד — דאָרטן... אָ, אַזאַ אָוונט וואָלט געמעגט פאַרשריבן ווערן אינעם אַלטן פנקס — ווען אַזוינער זאָל דאָ זיין בנימצא!...

געלייגט שלאָפן די קינדער, איז מרים אין דעם שיינעם אָוונט גע־קומען פרי־פרי צו אַרקען. דער האָט, ווי שטענדיק, געפרעגט קודם כל וועגן דעם קליינוואַרג.

— אַ־לאַ־לאַ!... — האָט זי צו וויסן געטאָן און מיט שטאָלץ פון אַ מאַמע נישט פאַרפעלט אים איבערצוגעבן אַ נייע חכמה פון דער מיזינקע...

— טיו — „מיידעלע־שדלע!"... — האָט זיין צונג מיט אָנערקענונג אַ קאַלעקאָטקע געטאָן אינעם גומען. — און דער בכור דיינער נישט לייטיש?... וואָלסט שוין געמעגט הערן, ווי ר׳האָט עס אַנומלטן איינגע־טענהט מיט מיר, ווען כ׳האָב אים מיטגענומען אין קינאָ! לאָז אים נאָר: ער׳ט באַדיי פאַרקויפן צייטונגען אין די גאַסן, אַבי צו זיין אַ פאַרדינער און העלפן דער מאַמען!... איך, פאַרשטייט זיך, פרווו אָפּקילן אַ ביסל זיין אייפער, נאָר דער — ס׳זייניקע: „עפּעס גרינג פאַר אַ אמא — להסתדר עם שני תכשיטים כמונו? און די „תכשיטים" — וואָס? רק גיב זיי און גאָר!"...

און שוין האָט אהרן חרטה געהאַט אויף זיין באַרעדעוודיקייט. וואָרעם די קורצווייליקע שטערונג אין איר אָטעמצי איז געווען זייער ענלעך אויף אַ זיפץ.

— געראָטן אין טאַטן... — האָט זי אַ מורמל געטאָן. — אויך זיינע שול־חברים דערציילן נישט איין מאָל...

נאָר וואָס זיי דערציילן — האָט אַרקע אַלץ איינס נישט דערוווּסט זיך. פּלוצעם האָט מרים אַ פאַרקירעווע געטאָן צו אַ ביכער־פּאָליצע, וואָס אויף דער וואַנט אַנטקעגן... און בעת זי איז אַזוי געשטאַנען דאָרטן, זוכנדיק, בלומרשט עקשנותדיק עפּעס וואָס מיטן בליק, האָבן אויפגעבליצט אין אים — נישט צום ערשטן מאָל — יענע רגעס... צי איז דען אַ גאַנצע פּלוגה נישט געשטאַנען דעמאָלט אין קאָן?... נאָר אָט שלייכט זיך איינער אַרויס פון אָקאָפּע — אַ מאָלאָטאָוו־פלאַש אין זיין פויסט. נאָענט און נענטער צום סירישן טאַנק. באַלד ברענט ער טאַקע, דער משחית, און באַנאַנד מיט אים...

נאָר פּונקט אַזוי האַסטיק, ווי מרים האָט פאַרקירעוועט אָקאָרשט אַהין צו, האָט זי ראַפּטעם זיך אָפּגעקערט איצט פון די ביכער, און — ווענדט שוין דעם שמועס אין אַן אַנדערע זייט:

— אַן אָוונט — אַרקע!... ווילסט אַרבעטן, אָדער מע גייט אפשר ערגעץ? מאַך דו היינט דעם פּלאַן!

— ניין, מע גייט נישט אין ערגעץ. — זאָגט אַרקע געלאַסן, און

ערשט איצטער באַמערקט זי — עפּעס איז ער איר פייערלעך; נישט שוין זשע — אַ ניי ליד?...

כך הווה.

באַלד לייענט ער פאַר איר די נאָר וואָס פאַרענדיקטע שאַפונג — ליגנדיקערהייט, לויט זיין שטייגער; און זי, זיצנדיק לעם אים אויף דער סאָפע, ווי נישט איין מאָל שוין ביז היינט דאָ — שלינגט ממש די ווערטער, די קלאַנגען...

אפשר איז שולדיק געווען נישט עפּעס אַנדערש, ווי די מחיהדיקע אָוונט־קילקייט? און אפשר — דער שמעקנדיקער גאָרטן־טומאַן טאַקע, אַ טומאַן, וואָס שפּרייט זיך היינטיקן אָוונט באַזונדערס פאַרשיכורנדיק איבער דער שכונה און ווייטער?... נאָר סיי ווי איז נישט צו באַנעמען, ווי אַזוי דאָס האָט געקאָנט פאַרלויפן, בעת ער לייענט גראָד פאַר איר זיין שאַפונג... עפּעס האָט מרים זיך גאָר פאַרטאַמיעט, און אין מיטן דרינען — זי מורמלט:

— מאַטשייקאַ: מנתור? מלכות לילה? — מאַטשייקאַ... קוים, וואָס מע דערקענט דאָס אין איר טשודנער, פראַנצויזישער אויסשפּראַך.

יאָ, ס'איז בליצייט פאַר דעם פּיטשינקן בלימעלע, וואָס מרים זוכט איצט פאַר אים דאָ דעם ריכטיקן נאָמען דווקא גראָד אין עברית... סאַמע בליצייט פאַר אָט די קוויטעלעך, וואָס ערשט מיט זונפאַרגאַנג צעעפענען זיי די דריבנינקע בעכערלעך און טריפן־פאַרטריפן דעם אַרום מיט ריחות...

— Ma — ciejka? — — —

און מיט אַ מאָל ווערט ער אַנטשוויגן — נישט דערלייענט אַ שורה. קוקט אויף איר שטום, ווי פאַרחידושט, דעם דמיון נאָך פאַרטראָגן אין די סטראָפן... נאָר אָפּלייגנדיק ראַפּטעם אין אַ זייט ליד־און בלייער, נעמט ער גאָר איר האַנט אין זיינע בײדע, שפּילט זיך אָט אַזוי מיט אירע דינע פינגער: פלעכט־צעפלעכט זיי...

און מרימען איז פּלוצעם זייער גוט און גרינג פון דעם — גרינג און גוט ביז ווייטיק. דוכט זיך, אָט באַלד וועט זי אויסגיין. אַריינטאַנצן ממש אין הימל, וואָס איז כולו מאַטשייקאַ־ריח, כולו — זיינע לידער...

נאָר באַלד איז איר גאָר געוואָרן סטראַשנע, ווי אין אַ חלום: נישט אַנדערש — זי האָט אים ליב, דעם אַרקע?...

אַ וואַרעמקייט האָט האַסטיקער אַ פלייץ געטאָן ביי איר אין די

גלידער. זע נאָר, זע!... ווי אין איר פריערדיקן לעבן, איז זי פּשוט ווידער פול מיט בענקשאַפט נישט אַליין צו בלומען און צו לידער?!...

איבערגעשראָקן און פאַר איינס אויך בגילופינדיק־הייטער פון דער אומגעריכטער אַנטפּלעקונג, האָט זי אַרויסבאַפרייט לאַנגזאַם איר האַנט, אַליין אָנגענומען איצט זיינע און, איינגוועגנדיק אין איר זשעדנע דאָס פּנים — געאָטעמט אַ ווײַלע די הויט, דאָס בלוט־און פלייש פון זיין האַנטפלאַך... נאָר איידער נאָך ער האָט באַוויזן איינצורינגען אין זיין לעבנסליד די רגע, איז זי, מרים, שוין געלאָפן פון אים אַן אָטעם.

ער האָט איר נישט נאָכגעאײַלט און אויך נישט גערופן. געבליבן ליגן אַזוי אויף דער סאָפע, אַ וואַכער און אַ פאַרצאַפּלטער, און אָנגעשפּיצט צו דעם צאָקען פון אירע טריטעלעך טרעפּן־אַראָפּ צו — איינס, צוויי, פאַרטויבטע אינעם זאַמדיקן שטעג פון דער שכונה.

האַ — ווי אַזוי זשע? געהער איך פלאַטער מיט אַן אמת נישט נאָר זיין יצירה, אָדער — ס'איז בלויז די נאַכט און זיכער דאָס ליד אויך, וואָס טוען אַ מאָל אָפּ איינעם אַ שפּיצל?...

און הגם ר'האָט נאָך אַליין נישט געוווּסט קלאָר דעם באַשייד, פון דעסט־וועגן האָט זיין האַרץ זיך ברייט געעפנט אויפצונעמען אַזאַ מין נייע וואָר.

איז וואָס, אַז ע ר — שוין אין מיטן פון שווער באַלאַדענעם אָסיען?... אמת, נישט אַזוי ווייט לויט זיין עלטער, ווי פון וועגן יענע גרויליקע צרות רבים, וואָס קענען שוין אַפילו נישט זיין קיין נחמה?...

און וואָס, אויב ז י — אין זומערגלי פון איר לעבן? ניין, נישט וועדליג דעם געמיט־צושטאַנד דווקא, נייערט גראָד נאָך די יאָרן...

אַזאַ מרים... זיין האַנטפלאַך האָט נאָך אויפגעהיטן דעם וואַרעמען הויך פון איר אָטעם, און הינטער די פאַרמאַכטע אויגן־לעדלעך איז גע־בליבן פאַרשפּיגלט דער אָפּבילד פון איר פּנים, ווי ער האָט עס אייגנטלעך דערזען נאָר וואָס צום ערשטן מאָל דאָ — אַזוי קלאָר און בולט — דורך דעם פאַרטומאַניעטן בליק פון זיינע ראַפּטעם פייכט געוואָרענע אויגן.

און ווי ער ליגט אַזוי, נעמען אָנשווימען נאָך פּנימער, בילדער:

נישט מרים נאָך, נייערט ל א ה ק ע... דער שייער הוידעט זיך, ווי אַ וויג, דורך שפּאַרונעס אייגלט אַריין די לבנה. מאַטשייקאַ־טומאַנעך, פאַרווייעט דאָרטן אַריין צו פון סטעפּאַניכעס גאָרטן, פאַרשמעקן דעם שייער. דאָס הייבעט, כישופט, די פרוי ביי זיין זייט — נאָך מערער.

אַ גאָלדיקער ליכטשטרייף ביי איר אויף די האָר, און — זי שמייכלט. פון אים, פון אַרקען לאַכסטו — לאהלע, לאהקע?...

און אַט עפנט זיך שטיל־שטיל אַ זייטיקע פאָרטקע אין שייער. טאַקע סטעפאַן, דער פויער, ביי וועמען מ׳איז דאָרט אויף דאַטשע. שלעפּט פון שטוב זייער בעסטן איבערבעט, אַזאַ פוכאָוון, ווייכן...

— „זאָכאַ טרייבט מיך: נישט קאַלט אייך דאָ אין סטאָדאָלע?״

— „ש־ששש... וועק מיר נישט איבער מיין לילקאַ!״ — וואָרנט אהרן מיט אַ פינגער אויף די ליפּן און קריכט בעת מעשה פונעם „הסב־בעט״, אַליין גערן צו כאַפּן מיט יענעם אַ שמועסל.

— „אַ, סטעפעק — נישט געלייענט אין די גאַזעטן? פאַר אַ יאָר אין דער צייט איז פאַרפרוירן געוואָרן אַקוראַט אַזאַ פאָרל״...

— „און איך וואָס זאָג?״ — מרוקעט סטעפעק אַריין אינעם איבער־בעט. — „נאָר באַבע בלייבט באַבע: דרייט אַ גיטאַרע!״...

באַלד ליגט דאָס איבערבעט אויפן היי שוין, און ביידע רוקן זיי זיך אַרויס צו.

מ׳זעצט זיך צו אויף דער פּריזבע. וועגן וואָס רעדט מען? וועגן היטלערס שיקלען צו דער פרייסטאַט ד אַ נ צ י ג. און בסך הכל איז שוין אָנהייב אויגוסט פונעם נײַנצן נײַן און דרייסיקסטן יאָר... אַ וואָרט צו אַ וואָרט און באַלד ווייזט־אויף אַרקע מיט אותות ומופתים, אַז ס׳וועט קיין מלחמה נישט זיין:

— „ווי קאָן ער גאָר וואָיעווען — היטלער, אַז ער האָט אַפילו נישט געננוג שפּייז! נײַן, ער סטראַשעט בלויז, ער ט׳נישט וואַגן...״

נאָר סטעפאַן דרייט עקשנותדיק מיטן קאָפּ:

— „אוודאי פעלט אים צו פרעסן און געוועהר פאַלט אים אויך נישט פון הימל, און אַלץ, וואָס דו זאָגסט... נאָר וועדליג מיין פויערשן שכל וועט יאָ זיין מלחמה; אַ הינטישער זון רעכנט נישט אויס, צי סע לוינט אים: קודם כל פאַלט ער אָן״...

און קורץ דערויף — שוין נישט שייער: אַ ראָוו ביים וועג — דער געלעגער. און — מענטשן. אַזוי פיל מענטשן פלוצעם אויף וועגן...

באַלד פליען אויך אָן די משחיתים. ווער ס׳לויפט זיך באַהאַלטן אין קאָרן, און וועמען סע וויל זיך שוין בכלל נישט מטריח זיין: באַשערט, איז באַווערט...

איינער, אַ פֿויערל ווייזט אָן אויפֿן הימל:
— „שלייעט זיך אויבן — דער „קעלביקער״ !...
און אַ יידל — אויף יידיש:
— „קינדער, מע קנאַלט שוין !״...
און נאָך, און נאָך: פונעם ווילדוואַלד פון זיינע איבערלעבענישן — די ווינציקע, אָפּגעפּיצלטע שפּליטערס...
און אָט איז אהרן קרינסקער סוף־סוף אַ ישראל־בירגער: דען זשע — נאָך אַלץ נישט קיין היגער ?...
ער ווייסט נישט, ווי לאַנג ר׳איז אַזוי געלעגן דאָ איצט אין זיין צימער מיט פאַרמאַכטע אויגן, איינלייבנדיק זיינע זכרונות אין דער נייער איבערלעבעניש — מ ר י ם... נאָר דערנאָך איז ער איינגעשלאָפן און ס׳האָט זיך אים געחלומט:
דער זעלביקער ראָוו ביי אַ וועג דאָרט, די זעלביקע מענטשן. און דער הימל שפּייט אַלץ און שפּייט מיט פייער.
און דאָס פויערל:
— „האַלט אין איין קנאַלן פון אויבן״...
— „שלייעט זיך ווידער און קאָסיעט !״...
און דאָס יידל:
— „האַלט אין איין קנאַלן פון אויבן״...
ראַפּטעם פאַלט אַ באַבע אַראָפּ, ווי פון הימל. דער פאַרטעך ביי איר — אַ פולער מיט עפּל. זי טיילט און כליפּעט:
— „אָ ליאַ־באָגאַ ! אַז דאָס ברויט האָבן פאַרברענט אונדז די היצלעס, טאָ נעמט כאָטש צו עפּל, און מיידט נישט מיט ליידיקן דאָס אָרט, ווו נאָך נעכטן — געווען אונדזער כאַטע !״..
דער עולם כאַפּט זיך אויף, קריכט אַרויס פון די באַהעלטענישן, באַלאַגערט דעם פאַרטעך.
— „אין מיצקע דרינען גאָר עפּל ? איך לויף שוין !״... — זאָגט אהרן צו לאהקען. — „און דו — ריר זיך נישט: באַלד קאָנען זיי אָנפליען ווידער !״...
נאָר לאהקע הערט אים נישט. — „סטעפּאַנאָוואַ !״ — שרייט זי. — „קאָכאַנאַ !״... — און פאַלט אַרויף אויף דער באַבע. אָט כליפּען שויןביידע.

באַלד שטופּט סטעפּאַנאָוואַ „אַראָנושן“ אַ גאַנדז אין די אָרעמס. אַ געקוילעטע און אָפּגערייניקט פון פעדערן.

— „נאַ — מאַך אַ פייער און בראָט זי; פּאַר לילקאַ... אַ טראָגעדיקע ווייבל דאַרף האָבן אַ בעסערן ביסן. פון וועגן דעם עופהלע — באָזשע מאָי שוויענטי!“...

און אָט — שוין אַ נייע מהומה... דער הימל שווייגט, בלויז אונטן, סאַמע ביים ראָוו שוין — שרצים גאָר, געשפּענסטיקער נאָך פון די „קעל־ביקע“. גרינע אָזוינע, מיט קופּערנע פּיסקעס, איטלעכער אַ לייב די גרייס; און ברילן, ווי לייבן...

דער עולם ווייס בלויז איינס אין זיין טויטשרעק: אַנטרינען!... אַנטרינען וואָס גיכער און ווייטער!

— „די גאַנדז! די גאַנדז וואַרף אַוועק!“ — עצהט לאהקע. — „ט׳זיין אונדז גרינגער צו לויפן!“...

— „נאַרעלע“... — טייטשט ער איר אויס אין געלאַף. — „דאָס איז דאָך גאָרנישט קיין גאַנדז: אַ קמיע!... ווי לאַנג מע האָט זי, מיידן איינעם סכנות“.

און איידער וואָס ווען, נישטאָ שוין די גאַנדז — די „קמיע“, נישטאָ לאהקע, און די געשפּענסטיקע שרצים זענען גאָר — — — דייטשן.

לויפן! לויפן־לויפן־לויפן!... — בליצט נאָך אין מוח ביי אַרקען. נאָר די פיס ווערן אים שווער און שווערער, ווי צו דר׳ערד צוגעפּעסטיקטע קלעצער. און אַזאַ שניידיקער פראָסט אין די גלידער...

פּלוצעם — אויס פּחדים: זאַלבענאַנד קלעטערט מען איבער עפּעס בערג — דאָיקע, היגע. אָקאָרשט האָט די פרוי ביי זיין זייט געהאַט לאהלעס פּנים, און באַלד אַן אַנדערע ווידער... נאָר אים, אַרקען, איז גוט געווען פריער מיט יענער, און גוט אַצינד — מיט דער צווייטער.

ער קושט אין גאַנג דער פרויס ראָזעווע אויער, רופט זי: „מרימקע, מרים“...

די פרוי שטשעבעטשעט:

— „זע, אַרקע — אַ שאָנקייט: די כנרת אונטן — אַ שפּיגל, אַ בלויער!“

און ער:

— „דיין אויג, ליבסטע, איז בלויער“...

די פרוי שפּרייט אויס דעם מאַנטל:

— „דאָ וועט מען נעכטיקן". — זאָגט זי.

— „מיר האָבן אָבער מער נישט קיין נערוואַרג". — דערמאָנט ער זיך, אַרקע.

נאָר קוים אַרויסגעמורמלט די ווערטער, ווי ס'נעמען זיך טאָן דאָ וווּנדער:

נישט בערג — אַ פּאַליאַנע אין טאָל גאָר. רונד אַרום האָט אויפן גראָז פונאַנדערגעזעצט זיך אַ פריילעכער עולם. ביים זייט — כאָר און אָרקעסטער, אין מיטן, ווי אויף אַ בינע — די טענצער... יום־טובדיק אויסגעפּוצטע אין פאָלקסטראַכט און באָרוועס. די קעפּ באַצירט מיט מאַטשייקע־קרענץ, אין הענט — בינטלעך זאַנגען.

— „וואָסער יום־טוב איז מיטן נאַכט דאָ?" — פרעגט אהרן ביי אימעצן פונעם עולם.

— „בכורים"... — דערקלערט יענער מיט חשיבות. — „אויף מאַמע־לשון — דער יום־טוב פון שניט: נו, איר ווייסט שוין!"...

באַלד דערויף יאווען זיך אויך טאַטע־מאַמע.

— סקאָצל קומט, קינדער! וואָס מאַכט מען?... — פרעגן זיי; עלעהיי געקומען צוריק פון אַ קורצער נסיעה.

— „ס'וואָלט אָסור געשאַט, מע זאָל מ אַ כ ן — פון אַ לעבל ברויט אַן אָקרייטשיק!" — ענטפערט אהרן מיט אַ הלצהלע, אויף זיין שטייגער. — „נאָר, איר זעט דאָך: לפּי תוכנית החגיגה האָלט מען נאָך דאָ נישט ביי כיבוד; און ביי אונדזביידן האָט גראָד אויסגעפּעלט פּאָדעם"...

— „קינדער!" — רופט אויס דער טאַטע. — „קומט אין אַ זייט בלויז, נישט צו שטערן די שמחה: דער מאַמעס רוקזאַק — אַ פולער, מירן באַלד פראַווען אַ סעודה"...

געזאָגט און געטאָן. די מאַמע נעמט שוין אויספּאַקעווען קעזקוכן, בלינצעס...

— „יאָ, שיער נישט פאַרגעסן: סטעפּאַן מיט זיין פלוניתטע לאָזן אייך גריסן. פון זיי טאַקע — די עפּל און דאָס געבראָטענע גענדזל, און, זעט! אויך אַ בוטליע קאָרנווין, היימיש געשטעלטער!"...

— „ס־טעפּאַן?!"... — ווערט אהרן נשתומם.

— „נו — סטעפעק!" — באַשטעטיקט די מאַמע. — „וואָס איז בכלל דאָ דער וונדער?"

— „ווי אַזוי — נישט קיין וונדער? אים האָבן דאָך — — — — עסעס־לייט געהאָנגען: נו, פּאַר אָפּראַטעוועון מיך, דעמאָלט... נו — ווען ס'האָט אים דער הונטקאָפּ דאַנעצקי געמסרט!... ניין? נאָך אַלץ נישט דערמאָנט זיך?"...

און פּלוצעם... אַ שוידער נעמט דורך זיינע גלידער:

— „און ווי אַזוי — — — קומט דער טאַטע אַהער צו? און דו אַליין — מאַמע?"...

— „וואָס פּלוידערסטו, קינד מיינס — נישט פאַרקילט זיך, חלילה?" — רירט אָן די מאַמע זיין שטערן. — „אַ־אַ־אַ"... — כאַפּט זי זיך פּלוצעם: — „אַ חלום, אהרעלע — אַ חלום! דאָס האָט זיך דיר אַלץ בלויז געחלומט. אַ סימן: קודם כל — מיר אַליין טאַקע, דערנאָך — די בוטליע וויין און דאָס אַלץ דאָ!... נו, קינדער — געגעסן! אַ שאָד צו פאַרזאַמען די טענץ דאָרט!"... — טרייבט אונטער די מאַמע. באַגלייך מיט די שטערן אין הימל לייכטן ביי איר איצט די אויגן.

— „אַ געזונט אויף דיר, מאַמע: באמת אַ חלום!" — פאַלט אַרקען אַ שטיין אַרונטער פון האַרצן.

באַלד נעמט מען זיך צו דער אכילה. די מאַמע איז מכבד דער שנור מיטן בעסטן.

— „פאַר דיר, טאָכטער — די גאַנדז, פאַר דיר אויך די פּרוכט, פול מיט זאַפטן: „אַ פּרוי אויף דער צייט"... — געדענקסט — זאָכאַ?"...

— „מאַמע... דו רעדסט וועגן זאָכאַ, ווי אַ שטייגער, צו לאהקען. און איצט איז עס דאָך מרים: מ י י ן מרים"...

— „אַזוי טאַקע: דיינע! און אונדזערע אַ קאָפּ נישט?!" — ווערט די מאַמע גאָר בייזלעך.

— „שאַ, נישט געקריגט זיך. אונדזער אַלעמענס מרים, און אויך אַ קאַפּעלע — אַרקעס!" — פּסקנט דער טאַטע און שמייכלט; און דאָס שמייכלען מאַכט אים אויסקוקן זייער יונג און שטאַרק ענלעך אויפן בן־יחיד.

באַלד ווייזט ער אָן אַהין צו, ווו ס'ווערט געפייערט דער יום־טוב:

— „אָ־האָ, אונדזערע סאַבּרעס קענען דאָך עפּעס גאָר וואַזשנע: די מוזיק קנאַלט — אַ מחיה צו הערן! נישט ערגער פון אַ זאַבּאַווע"...

אויך די מאַמע פאַרגייט זיך:

— „און וואָס זאָגסטו נישט צו די מאַטשייקאַ־קרענץ אויף קעפּ ביי די טענצער? עלעהיי פריש פון דער סטעפּאַניכעס גאָרטן"...

— „דערצו — אַ נאַכט"... — מורמלט מרים.

— „אַ נאָווינע: ביי גאָט אַ קאָרב אין דער באָרד!"... לאַכט די מאַמע. — „ווער ווייס נישט, אַז די נאַכט אינעם לאַנד פון די אבות איז דווקא אַ שיינע? שוואַלבן אויף בראָדער דעכער האָבן נאָך דערפון געצוויטשערט, אומקערנדיק זיך פון די ווינטער־נסיעות, נייערט איר האָט שוין, קאָנטיק, פאַרגעסן?!... נאָר צוריק גערעדט, ביינאַכט שלאָפט מען; און נישט פון דעריין, ליבינקע — די ראָזשינקעס, מאַנדלען... באַלד וועט דאָ אויפגיין די זון: דער טאָג איז בילכער. אָט רוקט זיך, העט — שוין פונאַנדער דער טונקעלער פאָרהאַנג. סע זילבערט"...

דער טאַטע ווינקט זיך איבער מיט מרימען:

— „אַהאַ — אין ווען דיין בן־זוג איז געראָטן: אַליין בישקשה פון אַ פאָרפאַסעריין, כ׳לעבן!"...

און אַרקע שווייגט שטיל. קוועלט אַריין אין טאַטע־מאַמע, אין מרימען, אין דעם פאַרטאָגיקן זריען...

— „נו, אכלנו ושבענו!"... — האָט מרים באַדאַנקט לסוף שווער־און שוויגער מיט איר שענסטן שמייכל.

נאָר אַ היפּש ביסל קאָרנוויין האָט נאָך געבולקעט זיך אין דער בוטליע און ער, אהרן קרינסקער, איז גראָד געווען ביי דער מיינונג, אַז טרינקען אַזאַ משקה הונדערט יאָר, איז אַ סגולה נישט צו שטאַרבן פריצייטיק.

איז נאָך אַ מאָל געמאַכט אַ כוסע! נאָך און ווידער...

— „לחיים דיר, פרימאָרגן־שעה... לחיים און לשלום!" — האָט ער געזאָגט אינעם שלומער, און — איבערגעוועקט זיך פון זיין אייגענעם מרוקען.

אין זיינע אָדערן האָט נאָך געכוואַליעט דער מאַטשייקאַ־ריח, דער חג־הבכורים מיט טאַטע־מאַמע, אַ יום־טובדיקער ניגון פון די שניטער

און אחרון, אחרון — מרים פון זיין וואָר־און חלום... און ס׳איז אים ממש אַ שאָד געווען צו עפענען די אויגן.

אַז ער האָט אָפּגעטרייסלט ענדלעך דאָס לעצטע שטויבעלע שלאָף פון די וויעס, איז נאָך געווען נאַכט אין זיין צימער... בלויז ביי דער שניידערקע, בשכנות האָט גראָד זיך צעקלונגען דער וועקזייגער: אַ סימן — ביז איר הויזגעזינד וועט אויפוואַכן, דאַרף זי שוין האָבן פאַרטיק אַ טייל פון דער לויניאַרבעט פאַר דעם קליינעם קאָנפעקציע־געשעפטל דערנעבן, און גרייט זיין צו נעמען זיך פאַר איר צווייטער אַרבעט — אין קיך.

דאָס געקלינגל האָט קאָנטיק אַרויסגעריסן פונעם שלאָף אויך איר מאַן, נאָר גברת פּירושקאָ, עטוואָס הייזעריקלעך נאָך פונעם דרעמל, וויגט אים באַלד איין צוריק מיט אַ קורצן, מעלאָדישן שפּרוך אין זייער היימישן לשון, וואָס מיינען מיינט עס בערך: „שלאָף, פּישטאָ, נאָך נישט פאַר דיר — דער סיגנאַל!"...

און נישט בלויז פּירושקאָ: נאָך איין שכן איז שוין אויף וואַך אין דער אָ סוף־נאַכט־שעה.

יאָ, סעיד רצאבי, דער נהג, וואָס צעפירט גרינוואַרג פון „תנובה" איבער די צרכניות אין דער געגנט, פאַרעט זיך אונטן, לעם הויז.

אהרנען האָט עס אַ ריס געטאָן פון דער סאָפע: מענטשן קערן שוין וועלטן, און ער — שלאָפט אין אָנטועכץ, ווי סע זאָגט זיך!

— און הגם — נישט אַראָפּוואַרפנדיק טאַקע פון זיך די בגדים, האָט ער מער געטרוימט היינטיקע נאַכט, ווי געשלאָפן, איז פון דעסטוועגן אַ פרישקייט געווען ביי אים אין די גלידער. און כאָטש ר׳האָט געוווסט, אַז קיין שום חלום איז נישט בכוח אים אומצוקערן די נאָענטסטע אויך אויפן וואָר — איז ער געווען טרויעריק מיט אַ מין טרויער, וואָס שטאַרקט: ער האָט געוואָלט גיין, עפּעס טאָן, געפילט זיך בכוח איבערקערן בערג, נעמען אויף זיך שווערע יאָכן! נאָר פון צו פיל האַסט נישט געוווסט, פאַר וואָס זיך צום ערשטן צו נעמען...

אייליק געפּליעסקעט אויף זיך דאָס פריש־קילע וואַסער, שיער זיך נישט צעשניטן, ראַזירנדיק דעם פּרצוף, און פּלוצעם געכאַפּט זיך — ער ברומט גאָר אונטער אַ לידל, וואָס אים וואָלט גאָרנישט איינגעפאַלן — מ׳קען דאָס בכלל נאָך געדענקען:

„אַרויסקומען זאָלסטו, מיין מיידל,
ווען שטיל וועט שוין שלאָפן די נאַכט״...

באַלד זענען אַנגעפלויגן אויף אַנדערע. ווי אַ שיכורער, האָט ער געפּלאָנטערט די לידער, וואָס מע פלעגט זיי זינגען דעמאָלט, ווען מ׳איז נאָך געווען זייער יונג און אָן אַ שיעור גליקלעך...

צו מרימען — קודם!... — האָט ער זיך ראַפּטעם אַנטשלאָסן. — איידער נאָך דער טאָג וועט אַנפּראַלן אויף זיי מיט די שטענדיקע יאָכן: פּלאָטערפּלי, צי מיט אַן אמת פאַרליבטקייט — — — שוין מוז ער וויסן!

פאַרגעסנדיק זיך איבערטאָן, האָט ער געכאַפּט בלויז אויף זיך דאָס געשטריקטע וועסטל פונעם הענגער, פאַרשטעקט אין קעשענעביידע שליסלען, זיינעם און מרימס — און שטילערהייט פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר אויפן קלאַפּשלאָס.

אונטן — אָנגעשטויסן זיך אויפן נהג.

דער האָט אין דעם אַלט־נייעם היימלאַנד צייט ווען שוין געפונען אַ תיקון! — איז אַרקען דורכגעפלויגן אינעם רעיון און ער האָט שוין נישט געקענט אים גלייכגילטיק מיידן.

סעיד, וואָס שטאַמט פון תימן, איז אַ בחור „אָן קונצן״. ער ווייסט איינס: אויב ר׳האָט פאַרשני׳טן אַ בונד מיט זיין מולדת, מוז ער זי האַלטן טייער... אין דער באַפרייונגס־מלחמה איז אויפן נגבה־פראָנט געווען זיין פּאָסטן. און אַצינדער, אַז מ׳האָט שוין יאָ אַ מדינה, מוז מען ערשט רעכט זי באַשיצן פון כלערליי סכנות. ס׳העלפט דען, וואָס ער, סעיד רצאבי, האָט עד היום מורא צו הרגענען אַנדערע און אַליין געהרגעט צו ווערן? ווי באַלד אַ וועלט פאַרהייבט שוין אַפילו ראַקעטן און נישט בלויז די שווערד... איז ער טאַקע, סעיד בן יחיה, בלית ברירה, אַלע מאָל גרייט: טאָמער רופט מען אויף ווידער צום אָפּוועד... נאָר לעת עתה, כל זמן ס׳איז שלום על ישראל, איז דאָך נישט שייך צו פאַרוואָרלאָזןביימער, וואָס מ׳האָט אַליין זיי געפלאַנצט. און כאָטש דער גאָרטן — אַ בשותפותדיקער מיט שכנים, וועט סעיד נישט שטיין און קוקן, ווי פּאַראַזיטן פרעסן אויף לעבעדיקערהייט די שטאַמען און צווייגן, וואָס דאַרפן זיך אָט אָט באַשיטן מיט פרוכט.

און ס׳זעט טאַקע אהרן: ביים שטערנליכט — מיט סם־מישונג און

פּענדזל ריכט אָפּ סעיד די עבודה. טוט אָן דיביימער אין העמדלעך, ס׳זאָלן מזיקים נישט טאָטשען דאָס לייב.

— אָ, שכן סעיד. — קאָן שוין אַרקע נישט שווייגן. — אַלץ „פאַר־כאַפּט״ מען אַליין? מ׳נעמט אָן אשכנזי אויך אַריין אין דער שותפות; וואָסי, כ׳בין נישט דער זעלביקער באַלעבאָס אין דעם גוט?

— מה? רוצה גם כן?... טוב. טוב מאוד! — צעשמייכלט ער זיך גאָר ברייטלעך.

באַלד אויך — דערלאַנגט דעם שכן די כלים מיט אַזאַ התרוממות הנפש, ווי מ׳איז איינעם, אַ שטייגער, מכבד מיט „ששי״ אין שול, און אַליין, נאָך אַלץ אַ צעשטראַלטער — פאַרנעמט ער זיך צום לאָסט־אויטאָ, דערנעבן.

נישט צום ערשטן מאָל דאָך פּראָוועט אויך אהרן דאָ גערטנעריי: טאָמער איז דאָס אַ סגולה צו ווערן אַ היגער?... נאָר אומזיסט, הייסט עס, וואָסער אין ברונעם צו גיסן, אויב ס׳קומט נישט צו פליסן אַליין!... איצט אָבער — וואָס טוט זיך עס איצט אָ מיט אַרקען?

באַזאָכט און פייערלעך, ווי אַ הונגעריקער טונקט אין זאַלץ זיין ברויט־כזית, טונקט ער איין דעם פּענדזל אין סם־מישענינע און פאַרזיגלט התלהבותדיק זיין נייעם שייכות צו דער פּלוצעם אָן אַ שיעור ליב געוואָ־רענער שכונה, צום גאָרטן...

און סעיד טרעט נישט אָפּ פונעם אויטאָ. אַקוראַט ווי ר׳האָט זיך אָקאָרשט געמיט צו דערגאַדזשען די ביימער, אַזוי שטרעקט ער זיך איצט פאַר זיין „שלעפּפערד״: פּאַיעט עס אָן, פּוצט, שייערט, מייסטרעוועט עפּעס וואָס ביי די לאַמטערנעס...

— געהערט — שכן? — זאָגט ער, צוטראָגנדיק דעם פּרנסה־געבער נאָך אַ קענדעלע טרינקעכץ. — מען צערייסט זיך ממש פאַר די דודנים מיינע, מ׳רוקט זיי אונטער פון אַלע זייטן כלי־זין... און אויף ווּעמען, אויב נישט אויף אונדזערע קעפּ? אַלע מאָל — ישראליקל די כפרה! הלב כואב...

— הלוואי וואָלט עס אַזוי נישט געווען, ווי ס׳איז — דווקא!... — גיט אים דער שכן געדעכט.

אַ וואָרט צו אַ וואָרט, און באַלד איז אַרקע פאַרטיק געווען מיט דער אַרבעט.

— חאַלאָס! — האָט ער געמאָלדן, וואַשנדיק די פאַרפּאַטשקעטע הענט אונטערן גאָרטן-קראַן און אָפּווישנדיק זיי מיטן נאָזטיכל.

— י־יאַ־אַאַ — קענסט דאָך גאָר וויל די מלאכה! מצוין, בחיי — מצוין!...

— ניין, בלויז דו יכולסט... — האָט אַרקע גערייצט זיך מיטן תימנער; און דערבליקנדיק אין דער רגע אַ ווייסן פעדערוואָלקן אויפן הימל — זיך פּלוצעם דערמאָנט גאָר: — איבעריקנס, אַ קונץ, פּונקט ווי פעדערן שלייסן!... און מה זה: „פעדערן שלייסן״ — אתה מבין?...

ניין, גיכער פאַרשטייט ער שוין מלאכים-לשון — סעיד.

— הם... אַ ייד זאָל נישט וויסן דעם טייטש פון „פעדערן שלייסן!״... — קאָן אַרקע כלומרשט נישט שענקען.

נאָר יענעם מאַכט עס דווקא נישט אויס.

— אין דבר, חבוב: אַז נישט קיין קללה — דאָס לייען איך אַראָפּ פון דיין אשכנזישן פּרצוף. איז מה איכפּת? העיקר, דו ביסט „אייזן״: זה חשוב!... נו, שלום, שכן! כ׳זע — מ׳איילט זיך אויך שוין ערגעץ פאַר פּרי; זינט ווען אַרבעט מען עס אַזוי פלייסיק אין אַ משרד?...

— אַז משיח וועט קומען, וועט מען עפּענען ביי אונדז אַלע משרדים מיטן ערשטן קוקעריקו... — פאַרזיכערט אים אַרקע. — אָבער איילן איילט מען זיך דווקא! ווייסט — ווהין?... — און הגם דער גאַנצער שמועס איז אָנגעגאַנגען ווי מעגלעך שטיל דאָ — צוליב דער נאָך אַלץ סוף-נאַכטיקער שעה, האָט ער איצט אָנגעבויגן זיך צו סעידן און איינגערוימט אים נאָך שטילער: — קען זיין — צו אַ כלה... — נאָר באַלד — אייליק אַזוי און צעטומלט ביז גאָר: — ניין, ימח שמי; אהובה טאַקע, פאַרשטייסט?...

יאָ, דאָס האָט ער דייקע פאַרשטאַנען — סעיד. אַן עדות דערויף — דאָס ערנסטע שווייגן, מיט וועלכן ר׳האָט באַגלייט אָט די וואָגיקע רייד. ערשט אַז אַרקע איז פאַרטיק געווען מיט דער בשורה, האָט סעיד פריינד־לעך אַ בלאַנק געטאָן מיט די ציינער... נאָר איידער ר׳האָט אָפּגעפונען די פּאַסיקע ווערטער צו ווינטשן מזל-טוב דעם שכן, איז יענער מיט אַן אייליקן „שלום״ שוין געגאַנגען זיין וועג.

---

אַז אהרן קרינסקער האָט פאַרקירעוועט זיין טראָט צו דער געסלקע, וואָס פירט אין מרימס שכונה, האָט דאָס שטערנבילד — אויבן, געהאַלטן ערשט אין פאַרבלייכן און אַלץ איז נאָך געווען פאַרזונקען אין דער שלווהדיקייט פונעם שלאָף. בלויז דער ווייסער פעדערוואָלקן, וואָס האָט צוזעענדיקערהייט אָנגענומען די פאָרעם פון אַ פלעדערוויש, איז שוין געהאָנגען אַ גרייטער: קומט די רגע, איז — אַ פאָכע איבערן הימל און אויס מיט דער נאַכט־דעקאָראַציע!

אַרקע האָט אַרומגענומען מיטן בליק די פאַר זיין אויג זיך שפרייטנ־דיקע געגנט, ווי ער וואָלט אויך זי דערזען צום ערשטן מאָל דאָ אין איר פאַר־פרימאָרגנדיקן נעפּל... ניין: ווי קומט עס, וואָס אַ פּשוט „ביימער־פענדזלען" וואַקסט פלוצעם אויס צו אַ געשעעניש, און אַ סעיד רצאבי, מיט וועלכן מ׳פלעגט, פאַרבייגייענדיק, בלויז זיך באַגריסן — ווערט מיט אַ מאָל אַ גוטער ברודער?...

גראָד ס ע י ד ב ן י ח י ה — אַ בחור, וואָס קומט פון תימן און דאָס ראָד פונעם חורבן איז איבער אים נישט אַריבער?!... אַבי סע דוכט זיך איינעם, זיין האַרץ איז אויף אייביק פאַרשלאָסן. אַבי — ס׳קען אויסווייזן, אַז נאָר אַ געבוירנלאַנד איז אין שטאַנד צו באַגליקן מיט ליבשאַפטן אָן אַ צאָל!..

און אַלץ — צוליב מרימען? צוליב דער מאַטשייקאַ?...

אַזאַ מרים... שלאָפט נאָך זיכער. אפשר — איינגעדרעמלט ערשט איצטער? געוויגט פון חלומות — שמייכלט, קאָן זיין, אין שלאָף... זאָל ער זי אויפוועקן און פרעגן:

— האָסט ליב טאָקע — מרימקע, מרים?...

מאָדנע. טאָמער פלעגט ער ביז היינט טרעפן מרימען אַ שלאָפנדיקע, איז ער דאָך געגאַנגען אויף די שפּיץ פינגער; איז מה פּתאום וועקן?

נאָר כאָטש אהרן האָט באַלד דערויף אָפּגעמאַכט ביי זיך צו שוינען אויך איצטער איר שלאָף, האָט ער פון דעסטוועגן אינעם דמיון אַלץ געזען זיך, ווי ער וועקט זי, וועקט דווקא — לאָזט נישט צו רו:

— נישט בלויז — די לידער? מ י ך — מרים? מ י ך?...

און פלוצעם איז אים איינגעפאַלן, אַז — ז י, און דער אַראָמאַט פון אַ נאָענט־וויטן געבוירנלאַנד ערגעץ, וואָס פלייצט אויף אַ מענטשן אַוו נאָר ער קערט־און ווענדט זיך, און דער היגער, נאָר וואָס היימיש געוואָ־

רענער הימל, און די ביימער, וואָס ר׳האָט באַנאַנד מיט סעידן אויפגעריכט אָקאָרשט אין גאָרטן — — — אַז אַלץ דאָס אין איינעם איז דאָך נישט עפּעס אַנדערש מסתמא, ווי ה י י מ ל אַ נ ד... זאָל זיין, אַז היינטיקע נאַכט האָט דאָס קליינע מאַטשייקאַ־בלימל פאַרקנסט אים אויך צו זיין מ ו ל ד ת ?...

און זי, די טויט שלעפעריקע מאַטשייקאַ טאַקע, האָט — זשמורענדיק מיט די אייגלעך — אַלץ נאָך געבויטעט אין אירע בעכערלעך די לעצטע טויען... קילע ווינטלעך האָבן געפלאַטערט צו איר לינקער זייט און רעכ־טער, און טובלענדיק אין דער אָ טויאיקער פייכטקייט מיט התמדה די פליגל — פונאַנדערגעווייעט איבער דער שכונה די דופטיקע שיריים.

אַן אָדערל האָט געצאַפּלט זיך האַסטיק ביי אים אינעם שלייף־ווינקל, און אהרן קרינסקער האָט פאַרגיכערט דאָס שפּרייזן. איצט איז אים דאָס האַרץ שוין שיער נישט אַרויסגעשפּרונגען — מרימען און די קינדער אַנטקעגן... די קינדער, וואָס אויך צו זיי איז מען היינט עפּעס מער דאָך, ווי נעכטן: נישט שוין זשע מיט אַן אמת טאַקע — אַ טאַטע ?...

„אין פינטשעוו טאָגט שוין!“... — האָט ער געזאָגט צו זיך אַן אַלטע מימרא, ווי אַ מין שחרית־תפילה, און — אָפּגעזוכט מיטן בליק דעם פעדער־וואָלקן, וואָס ווישט אַוועק דאָ די נאַכט פון זיין הימל.

## אין פאַרלאַג י. ל. פרץ זענען ביז היינט דערשינען פאָלגנדיקע ביכער:

### אין יידיש

| | |
|---|---|
| י. זרבבל | בלעטער פון אַ לעבן (2 בענד) |
| מענדל מאַן | נאַכט איבער גלושינא |
| אברהם סוצקעווער | אין מדבר סיני |
| ישראל טאַבאַקמאַן | מיינע איבערלעבונגען |
| ש. בערלינסקי | בילדער און דערציילונגען |
| י. פּאַפּיערניקאָוו | היימישע און נאָענטע |
| מענדל מאַן | ביי דער ווייסל |
| ק. צעטניק | דאָס הויז פון די ליאַלקעס |
| יוסף בירשטיין | אויף שמאָלע טראָטואַרן (ראָמאַן פון קבוץ־לעבן) |
| מלך נוי (ניישטאַדט) | דאָס ערשטע און דאָס צענטע יאָר מדינת ישראל |
| מאַטעס דייטש | צום נאָענטסטן שטערן — יידיש |
| יצחק לעוו | אין געראַנגל — געקליבענע שריפטן |
| מרדכי יפה | צען ישראל־דיכטער |
| יצחק פּאַנער | שלום אַש אין זיין לעצטער היים |
| פרץ גראַנאַטשטיין | מענטשן פון נעכטן |
| יחיאל האָפער | אַ הויף אויף פּאַקאָרנע (2 בענד) |
| ה. לייוויק | אויף צאַרישער קאַטאָרגע |
| נחמן דראָזדאָוו | אחד העם |
| עזרא קאָרמאַן | צייכנס און צירופים |
| רבקה באַסמאַן | טויבן ביים ברונעם |
| י. צ. שאַרגעל | פון וויי און גלויבן |
| ד. זאַקאַליק | געראַנגל |
| א. קאַרפּינאָוויטש | דער וועג קיין סדום |
| א. ריוועס | מיט דער שיף „טשיטשערין" |
| יוסף כרמל | אַ רייזע צו פאַרשטויסענע ברידער |
| מרדכי אורן | דער פּראַגער אַרעסטאַנט דערציילט (2 בענד) |
| א. שטיינבאַרג | משלים |
| יחיאל האָפער | ר' זלמן |
| הערש מענדל | זכרונות פון אַ יידישן רעוואָלוציאָנער |
| נ. ניר־ראַפּאַלקעס | ערשטע יאָרן |
| י. זינגער | דראַמאַטישע שריפטן |

| | |
|---|---|
| דוד פלאַקסער | אידעישע שלימותן און האַלבע אמתן |
| ש. וואַרזאַגער | ברויט (ראָמאַן) |
| ב. וויינשטיין | אין דוד המלכס גיטער (פּאָעמע) |
| לוי פּאַפּיערניקאָוו | אין דער נייער היים |
| אברהם ליס | היים און דויער |
| ד״ר חיים שאָשקעס | מיט יידן צווישן אינדיאַנער, נעגער און אַראַבער |
| מ. ווייסמאַן | אַ האַלבער יאָרהונדערט אין אַמעריקע |
| פ. גאָרעליק | פון די מלינער וועלטן |
| י. בראָנשטיין | אינאיינעם און באַזונדער |
| פ. בערמאַן | אָפענע פענצטער |
| א. וואָלף יאַסני | די געשיכטע פון יידן אין לאָדזש אין די יאָרן פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונג |
| א. שמרי | די פונקען פון תיקון |
| א. סוצקעווער | אָאַזיס |
| אירגון יוצאי באָרשטשיוו | ספר באָרשטשיוו |
| א. מנור | 40 יאָר הסתדרות |
| א. לעוו | ביימער אין ווינט |
| יעקב כהן | דער גורל פונעם ייד |
| ל. אָליצקי | מיין האַרץ־רייזע |
| נ. דראָזדאָוו | די יידן אין איטאַליע |
| ספר זרבבל | צו זיין 75־סטן געבוירנטאָג |
| ק. צעטניק | דער זייגער וואָס איבערן קאָפּ |
| דבורה דיין | אין גליק און אין טרויער |
| ד״ר מ. דוואָרזשעצקי | אייראָפּע אָן קינדער |
| מלכי לי | אין ליכט פון דורות (לידער) |
| מ. יפה | ארץ־ישראל אין דער יידישער ליטעראַטור |
| י. פּאַפּיערניקאָוו | די זון הינטער מיר |
| ד״ר צבי כהן | די העלדן אין דער וועלט־געשיכטע (2 בענד) |
| י. גאַר | ווידערקלאַנגען |
| ב. עפּשטיין | זאַנגען אויפן ווינט |
| ש. פּאָלאַקעוויטש | אין אַ פרעמדער הויט |
| יעקב כהן | אונטער סאָוויעטישע הימלען |
| יוסף ראָטנבערג | (צו זיין ערשטער יאָרצייט) |
| מרים־ריינעס־מלצר | צום קוואַל |
| ד״ר חיים שאָשקעס | פון מאָסקווע ביז עבר־הירדן |
| יחיאל האָפער | אַ הויף אויף מוראַנאָוו (באַנד 1) |
| יחיאל האָפער | אַ הויף אויף מוראַנאָוו (באַנד 2) |
| ע. פערשלייסער | געקליבענע דערציילונגען |
| ה. אַקערמאַן | כ׳בין קיינמאָל נישט אַוועק פון דער היים |

